א. י. גאלדשמידט און וו. ל. ריבקא




מ. ל.

# : מיטל אלטער :








1925 ווילנע

# יידישע געשיכטע

## מיטלאַלטער



— פון —
א. י. גאָלדשמידט

— און —
וו. ל. ריבקאָ

לערנבוך

פאַר מיטלשולן און העכערע קלאַסן פון די פאָלקסשולן

רייך אילוסטרירט מיט בילדער און קאַרטעס

פאַרלאַג הירש מ"ץ, ווילנע,
זאַוואַלנע 30.

1 9 2 5

# א נייטיגע דערקלערונג.

די מאָדערנע יידישע שול איז נאָך יונג, האָט נאָך ניט קיין געהעריגע לערנביכער אויף אַ גרויסן טייל לימודים. צווישן אַנדערע האָט זיך זעער שטאַרק געשפירט דאָס פעלן פון אַ לערנבוך פאַר יידישער געשיכטע, בפרט פאַר דער צייט פון דער דיאַספּאָרע. אויב פאַר דער ביבלישער תקופה און פאַר דער תקופה פון בית שני זיינען נאָך דאָ אַ צוויי־דריי „לערנביכלעך“, איז פאַרן מיטלאַלטער און פאַר דער נייער צייט לחלוטין גאָר נישטאָ. ווי גוט די קאָנ־ספּעקטן פון די געשיכטס־לערער זאָלן ניט זיין צונויפגעשטעלט, מוז דאָך פאַר די קינדער פאַרלאָרן גיין דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון די רייכע, אמת גאָלדענע תקופות פון די גאונים און חכמי ספרד, וואָס בעל־פה איז עס זעער שווער צו לערנען.

אין דער זעלביגער צייט באַגעגנט אָבער אַ לערנבוך פון יידישן מיטל־אַלטער גרויסע מניעות. די אומגעהייערע מאַסן היסטאָרישע מאַטעריאַלן זיינען דורך אונזערע היסטאָריאָגראַפן נאָך אַלץ געבליבן ווייניג באַאַרבעט, באַזונדערס בנוגע דער יידישער עקאָנאָמיק. די טענדענציעזקייט פון די פאַרשיידנאַרטיגע מחברים מיט זייערע דיאַמעטראַל־קעגנזעצליכע וועלטבאַנעמען מאַכט נאָך גרעסער דעם פלאָנטער פון סתירות.

אינם באַוואוסטזיין פון דעם אַלעם זיינען מיר צוגעטראָטן צו דער שווע־רער אַרבעט — צו שאַפן אַ לערנבוך פאַר דער גאַנצער יידישער געשיכטע, מאַכנדיג די התחלה פון מיטלאַלטער. אָנערקענענדיג דעם אמת פון דער ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר ווירקונג אויפן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, ווי פון דער מענטשליכער געשיכטע בכלל, האָבן מיר געמוזט מודה זיין אויך אין דער בולטער קלאָ־סאַלער ג ײ ס ט י ג ע ר השפעה, וואָס שטייגט אָפט וווייט אַריבער יענע.

אַלס לערער פון יידישער געשיכטע אין די גרעסטע ווילנער יידישע שולן, וואו יידישע געשיכטע ווערט דורכגעגאַנגען אין איר גאַנצן פאַרנעם, זיינען מיר אויפן גרונד פון דער פּראַקטיק איבערצייגט, אַז דער יידישער געשיכטס־לערער מוז זיין אַרום און אַרום באַוואָפנט מיטן אומגעהייער־רייכן געצייג פון יידישן וויסן, אָנהייבנדיג פון תנ״ך און ענדיגענדיג מיט די לעצטע יצירות פון דער נייסטער העברעאיש־יידישער ליטעראַטור. מחמת דעם האָבן מיר אין אונזער אַרבעט אין זינען מער דעם תלמיד, איידער דעם לערער, וואָס זיין אַקסיאָמאַטישע אויפגאַבע איז צו פאַרברייטערן, אויספילן און אויפקלערן די קאָנספּעקטיווע ערטער, פאַרטייטשן די אומבאַקאַנטע און טערמינעלע ווערטער פונם טעקסט און ממלא זיין דאָס דורכגעלאָזענע, ווי אויך צוגעבן סינטעטישע איבערבליקן.

מיר ווייסן גוט, אַז אונזער אַרבעט איז ניט קיין פולקומענע, און מיר וועלן דאַנקבאַר זיין פאַר זאַכליכע אָנווייזונגען.

אונזער לערנבוך איז אויסגערעכנט פאַר די מיטלשולן און פאַר די עלטסטע קלאַסן פון דער פאָלקסשול.

מאַטעריאַל פאַר אונזער אַרבעט האָבן מיר געשעפּט פון איי‌ניגע מקורים און פון פאָלגנדיגע ספרים: פּראָפ. ה. גרעץ — שפ״ר: דברי ימי ישראל, ב״ב III—VI; פּראָפ. ש. דובנאָוו: Всеобщая исторія евреев ב. II; פּראָפ. ג. קאַראָ: Die Social-und Wirtschafts-Geschichte der Juden im Mittelalter; Historja i Literatura Żydowska :פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן ב. II; ד״ר שמעון בערנפעלד: מוחמד, ספר הדמעות; הוגאָ ווינקלער: Die Geschichte der Menschheit; ד״ר יצחק שיפּער: אָנהייב פון קאַפּי־טאַליזם ביי יידן אין מערב־אייראָפּע; טיומעניעוו: Евреи в древних и средних веках, פּעטערבורג 1922, מלוכה־פאַרלאַג; ד״ר א. גינצבורג: אידישע דענקער און פּאָעטען אין מיטעלאַלטער, ב. I, — און אַ סך אַנדערע.

די מחברים.

ווילנע, ערב סוכות תרפ״ה.

# אַרײַנפיר.

### דער אונטערשייד צווישן דעם יידישן מיטלאַלטער און דעם אייראָפּעאיסן.

די געשיכטע פונם אייראָפּעאישן מיטלאַלטער הייבט זיך געוויינליך אָן מיטן צעפאַל פון דער רוימישער אימפּעריע און מיט דער אינוואַזיע פון די באַרבאַרן אין די רוימישע פּראָווינצן, ד. ה. מיט צוויי פּאָליטישע געשעענישן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די געוויסע סאָציאַל-עקאָנאָמישע און גייסטיגע פאַקטאָרן אַריינגעוואָרפן אייראָפּע אין אַ טויזנטיאָריגן געדיכטן חושך. די געשיכטע פונם יידישן מיטלאַלטער הייבט זיך אָן מיט דער ענדגילטיגער שליסונג פון דער אייגנאַרטיגער גראַנדיאָזער תּלמוד-ענציקלאָפּעדיע דורך די רַבָּנָן סַבוֹרָאֵי און מיטן אויפקום פון דער גאונים-תקופה, ד. ה. מיט צוויי קולטורעל-גייסטיגע געשעענישן, וואונדערבאַרע פאַקטאָרן, וואָס האָבן אָנגעצונדן אַ מעכטיגן פאַקעל פון וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע און משיח-האָפענונג ניט בלויז צום באַלייכטן דעם לאַנגן פינסטער-דערנערדיגן וועג פון דיאַספּאָרע, אויף וועלכן ס'איז ניט-ווילנדיג אַוועק ישראל, נאָר אויך צו עפענען די פאַרקלעפּטע אויגן די פעלקער פון מזרח און פון מערב.

די דאָזיגע מערקווירדיגע ערשיינונג איז בכל אופן כאַראַקטעריסטיש.

### די יידן און די „נייע רוים".

די אַלטע היידנישע רוים האָט צעשמעטערט די אומאָפּהענגיגע פּאָליטישע מאַכט פון יהודה, האָט אָבער ניט אָפּגענומען ביי די יידן זייער אינעווייניגסטע אַוטאָנאָמיע. די „נייע רוים", די קריסטליכע ביזאַנטיע, האָט אָפּגעזאָגט די יידן יעטווידע נאַציאָנאַלע רעכט אויף זייער היסטאָריש פּאַטערלאַנד, געשטיקט און סוף כל סוף דערשטיקט זייער אַוטאָנאָמיע און מיט אַלע מיטלען געזעען אויסצוואָרצלען די עצם יידישע באַפעלקערונג פון ארץ-ישראל. דער נאָמען „ארץ-ישראל" ווערט אָפּגעמעקט, ס'ווערט אַיינגעפירט דער טערמין „דאָס הייליגע לאַנד" פון די קריסטן און ביזאַנטיע פּראָקלאַמירט זיך פאַר איר יורשטע. די רעגירונג פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל פירט אַ פאַרוויסטנדיגע מלחמה קעגן די יידן אין ארץ-ישראל, ווי אין אַלע ביזאַנטישע מדינות, ווערגט זיי פיזיש און גייסטיג. די יידן זיינען נאָך אָבער אַלץ די מערהייט אין זייער לאַנד, לאָזן זיך ניט אויסראָטן, ראַנגלען זיך פאַרביטערט, פאַרצווייפלט פאַר זייער קיום און פרייהייט און ביזן זיבעטן יאָרהונדערט הערן ניט אויף אין ארץ-ישראל קיין אויפשטאַנדן און אַפילו עכטע מלחמות קעגן דער רוימיש-גריכישער טיראַניע. סוף כל סוף ווערט ביזאַנטיעס מאַכט אין ארץ ישראל געבראָכן דורך די זיגערישע קריגער פון איסלאַם, וואָס האָבן פאַרנומען דאָס הייליגע לאַנד.

דאָס איז אַ צווייטע מערקווירדיגע ערשיינונג פון דער געשיכטע, וואָרום זעער טרויעריג וואָלט געווען דער גורל פונם יידישן פאָלק, ווען ביזאַנטיע וואָלט געבליבן די הערשערין פון מזרח.

מיטן נצחון פון איסלאַם האָבן די יידן ניט באַקומען צוריק זייער פּאָ־ ליטישע אומאָפּהענגיקייט אין ארץ־ישראל, וואָס איז געווען חרוב ומוחרב דורך די אומאויפהערליכע אויפשטאַנדן און מלחמות און פונוואַנען ס׳האָבן אויסגע־ וואַנדערט כמעט אַלע לעבעדיגע שאַפערישע כוחות. דער קולטור־צענטער איז אינגאַנצן אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין בבל, וואָס איז שוין לאַנג געוואָרן פאַר די יידן אַ צווייט פאָטערלאַנד און האָט אויך שוין לאַנג, נאָך אין דער סאַסאַנידישער צייט, קאָנקורירט מיט ארץ ישראל אויפן געביט פון קולטור. די יידן האָבן דאָ געהאַט אַלע פּאָליטישע פרייהייטן און נאַציאָנאַלע רעכט, די ברייטסטע נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונג, און אַ דאַנק דעם האָט זיך צעבליט אַן אייגנטימליך־אָריגינעלע נאַציאָנאַלע קולטור. זיי האָבן אין פערסיע און אין בבל אונטער די סאַסאַנידן אויך געהאַט שווערע צייטן, אָבער די רדיפות זיינען דאָ ניט געווען קיין סיסטעם, ס׳איז ניט געווען קיין סיסטעמאַטישע אַנטי־יידישע געזעצגעבונג. די יידן זיינען דאָ, אַגב, אַלס אַ באַפעלקערונג אַ דער־עיקרשט ערד־ אַרבעטערישע, ניט געווען דערשלאָגן און האָבן אָפט געגעבן אַ גאַנץ פילבאַרן ווידערשטאַנד.

אין דער ארץ ישראל פונם ירדן זיינען געשאַפן געוואָרן דער תנ״ך, די משנה און דער תלמוד ירושלמי און אין דער ארץ ישראל פון פרת און חדקל— דער תלמוד בבלי, און די דאָזיגע גאַנצע געניאַלע ליטעראַטור איז געוואָרן דער סטיכיענפעסטער יסוד, וואָס אויף אים האָט זיך אין לויף פון יאָרהונדערטן אויסגעבויט דער בנין פון דער יהדות, אַ סיסטעם פון עטיק, וואָס האָט דעם צעריסענעם, צעפליקטן, עקסטעריטאָריעלן פאָלק צעמענטירט אין אַ גייסטיגער נאַציע און געגעבן אים דעם כוח אַריבערצוטראָגן אַלע שטורימס פון דער וועלט־געשיכטע.

אינם אַראַבישן קאַליפאַט האָט זיך קאָנצענטרירט דער גרעסטער יידישער קיבוץ, מיט וועלכן מ׳האָט זיך געמוזט רעכענען. אמת, דער נצחון פון מעטשעט האָט דעם יידנטום געבראַכט פונקט אַזוי ווייניג נחת, ווי דער טריאומף פון דער קירך: ביידע טעכטער פון דער יהדות האָבן געהאַלטען פאַר איבעריג דאָס ווייטערדיגע לעבן פון דער מוטער. דאָך האָט דער מוסולמענישער פאַנאַ־ טיזם ניט געבראַכט דעם יידנטום אַזוי פיל טרויער, ווי דער קריסטליכער.

נאָכדעם ווי ס׳האָט זיך אַיינגעשטילט די קאָכעדיגע יונגע ענערגיע פון די קריגערישע אַראַבער, האָט זיך אינם קולטורעלן קאַליפאַט פון די אַבאַסידן (באַגדאַדער) פון 750 יאָר אָן אָנגעהויבן אַ פרידליכע תקופה פון בליען פון אינדוסטריע, וויסנשאַפט און קונסט. די יידן האָבן גענומען אַ טיכטיגן אָנטייל אין דעם דאָזיגן קולטור־רענעסאַנס פון אָריענט, אין דער זעלביגער צייט אַנטוויקלט די אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור און פאַרברייטערט די גרעניצן פון זייער אינעווייניגסטער אַווטאָנאָמיע. דער אינסטיטוט פון די גאונים האָט פאַר־ ביטן דעם אוראַלטן סנהדרין און געהאַט די העגעמאָנישע השפעה אויף

דער גאַנצער דיִאַספּאָרע. די באַוועגונג פון די קראים האָט געבראַכט צום פּאַרטיפּן זיך אין תנ״ך און אין העכערן רעליגיעזן דענקען. ס׳האָט אויפגעלעבט די העברעאישע שפּראַך און פּאָעזיע און ס׳איז אויפגעקומען אַ וויסנשאַפטליכע און פילאָסאָפישע ליטעראַטור. דעם אַפּאָגיי האָט דער־גרייכט רב סעדיה גאון (892—942), וואָס האָט געשאַפן אַ מערקווירדיגע רע־ליגיעז־פילאָסאָפישע סיסטעם, אַ סיסטעם פון אַ געלייטערטער אמונה. ווען ס׳הייבט אָן אונטערגיין דער שטערן פון באַגדאַדער קאַליפאַט און צוזאַמען דערמיט אויך די יידישע קולטור דאָרטן, שיינט אויף די זון פון דער גאָלדענער תקופה אין דער אַראַבישער שפּאַניע, וואו די יידן זיינען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש דערהייבן געוואָרן נאָך מער, ווי אין דער אַבאַסידישער אימפּעריע, און וואו ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ געניאַלע יידישע וויסנשאַפטליכע, פילאָסאָפישע און פּאָעטישע ליטעראַטור, וואָס איז געווען פאַרן יידישן פאָלק אַ פייערדיגע זייל אין דער לאַנגער שטאָק־פינסטערער מיטלאַלטערליכער נאַכט.

די קאָנצענטראַציע פון די יידן אין מערב.

אין משך פון העכער צוויי טויזנט יאָר איז די הויפּט־אַרענע פון דער יידישער געשיכטע געווען דער מזרח — פאָדער־אַזיע און צפון־אַפריקע. דאָ זיינען אויפגעקומען און געפאַלן פאַרשיידנאַרטיגע קולטור־צענטערס; דאָ האָט דאָס פאָלק זיך געראַנגלט תחילת פאַר זיין פּאָליטישער און נאָכדעם פאַר זיין גייסטיגער אומאָפּהענגיקייט; דאָ איז געשאַפן געוואָרן די ביבלישע און די תלמודישע יהדות; דאָ האָט די נאַציאָנאַלע העגעמאָניע נאָכן פאַרלירן דעם היימישן באָדן אין ארץ ישראל אויף עטליכע יאָרהונדערטן באַפעסטיגט זיך אין בבל. און אַז די אַראַבער האָבן אַריבערגעוואָרפן אַ בריק צווישן מזרח און מערב, באַפעסטיגט זיך אויפן פירענעאישן האַלבּ־אינזל און געשאַפן דעם בלי־ענדיגן קאָרדאָווער קאַליפאַט, האָט איבערן דאָזיגן בריק גענומען אַריבערגיין פון בבל קיין שפּאַניע די יידישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע העגעמאָניע. דער XI און XII יר״ה זיינען געווען די תקופה פון יידישן רענעסאַנס. די יידן האָבן מיט הצלחה איידל קאָנקורירט מיט די אַראַבער אויף די געביטן פון מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, פילאָלאָגיע, פילאָסאָפיע און פּאָעזיע. אַן אומציילבאַרע פּלעיאַדע מעכטיגע טיטאַנען פון גייסט האָבן ערשיינט אויפן פאַרנאַס פונם יידישן שאַפן, אוניווערסאַלע גאונים, וואָס האָבן געהאַט אַן ערשט־קלאַסיגע באַדייטונג ניט בלויז פאַר זייער פאָלק, נאָר אויך פאַרן רענעסאַנס פון אייראָפּע בכלל.

די שבטים־שנאה און דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם פון די בערבערן האָבן צעשמעטערט די אַראַבישע מלוכות און דעם קאָלאָסאַלן, אין זיי קאָנצענטרירטן יידישן קיבוץ און פאַרוויסט די בליענדיגע און ליכטיגע אַראַביש־יידישע קול־טור. דער ווערט אָבער פון דער דאָזיגער קולטור פאַר דער יידישער און אַלגעמיינער געשיכטע איז פאַרלאָרן ניט געגאַנגען.

צוגלייך מיט דער קאָנצענטראַציע פון די יידן אין די אַראַבישע מדינות איז געגאַנגען אַ אינטענסיווע יידישע קאָנצענטראַציע אויך אין דער קריסטליכער

אייראָפּע. נאָך דער פינסטערער צייט פון די מעראָווינגער איז געקומען די טאָלעראַנטע תקופה פון די קאַראָלינגער און פראַנקאָנער, ווען די יידן האָבן אינדוסטריאַליזירט, פאַרבויט און רייך געמאַכט מיטל-און מערב-אייראָפּע און אַליין אויך דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון מאַטעריעלן וואוילשטאַנד און גייסטיגער קולטור. אַז די יידן האָבן אָפּגעטאָן זייער שליחות פון עקאָנאָמיש-קולטיווירן די פאַרווילדערטע אייראָפּע, זיינען זיי געוואָרן איבעריג און מ׳האָט זיי געהייסן גיין. אַ פייערשפּייענדיגער באַרג פון נאָך ניט געוועזענער שנאה האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן יידנטום פון דער קאַטוילישער אייראָפּע אין משך פון פיר יאָרהונדערטן צלם-צוגן, גירושים און אינקוויזיציע. ס׳איז געגאַנגען אַ באַוואוסטזיניגע און סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירטע פיזישע און מאָראַלישע פאַרטיליגונג פונם יידנטום אין דער ראָמאַניש-גערמאַנישער אייראָפּע, וואָס האָט איר גלייכן ניט אין דער וועלט-געשיכטע, און ס׳איז געשטאַנען אַ סכנה פון פולשטענדיגן אונטערגאַנג פונם אייראָפּעאישן יידנטום. האָט אָבער די געשיכטע בייצייטנס צוגעגרייט פאַר אים אַ וואונדערבאַרן, בלויז-מאַטעריאַליסטיש אומדערקלערליכן סם-חיים.

דער סם-חיים פון דער יידישער געשיכטע.

ישראל האָט אויף אַ שטח פון גאַנצע יאָרטויזנטן געזעען דעם אונטערגאַנג פון מעכטיגסטע אימפעריעס, שטאָלצסטע פעלקער און פרעטענזיע-פולסטע קולטורן; האָט איבערגעלעבט אַ סך אייגענע קאַטאַסטראָפאַלישע חורבונות, עטליכע מאָל זיין היים זיין אייגענע פאַרלאָרן, אָן אַ שיעור געביטן היימען מיטן אייביגן וואַנדער-שטעקן אין דער האַנט; פאַראַכט און אומבאַשיצט פון די געזעצן, בעסטיאַליש גערודפט אויף אַלע לענגן און ברייטן פונם כדור-הארץ, — און דאָך געבליבן ווי אַ סטיכיע פעסט, מוטיג און שטאָלץ קעגן אַלע זיינע שונאים, וואָס זוכן צו פאַרניכטן אים. וואו ליגט דער סוד? ער האָט דעם באַוואוסטזיין פון אַ דערהייבענער שליחות אויף דער וועלט! ער האָט אַ קליין ספרל געיַרשנט פון זיין ווייטן עבר, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון אייביגער געטליכקייט און פון געטליכער אייביגקייט — דעם שטעמפּל פון אַבסאָלוטן אמת און גערעכטיקייט! פון די נביאים ביז די איבערמענטשליכע גאונים-לערער פון שפּאַניע, פראָוואַנס, לאָטאַרינגיע און ריינלאַנד — אַלע האָבן זיי געפלעגט און געשטאַרקט דעם גייסט פון פאָלק אין געטריישאַפט צו אָט דעם ספרל, וואָס האָט אים פייערליך צוגעשוואָרן: „בְּדָמַיִךְ חֲיִי!" און אָט גייט אין נאָמען פון דעם ספרל אַ גאַנץ פאָלק אויף דער גָלְגָלְתָה — און בלייבט אייביג לעבן! ער גייט פאַר אַ לערע, וואָס דאַרף צוגרייטן די מענטשהייט צו דערקענען גאָט און וואָס פון איר מוז קומען די ישועה פון דער וועלט. דאָס איז די לערע וועגן דער אמתער דערלייזונג פון דער דעמאָראַליזירטער און אומגליקליכער מענטשהייט דורך משיח, וואָס וועט באחרית הימים זיכער קומען און די גאַנצע וועלט וועט אים אָנערקענען. דאָס האָט דעם יידן געגעבן כּוח צום איבערווינדן די צלם-צוגן, די אינקוויזיציע און דעם פירכטערליכסטן גירוש-שפּאַניע און צו גיין אין זיין שליחות ווייטער, פאָראויס אַלץ און פאָראויס! — — —

# ערשטער אפטייל

## די יידן אין מזרח

(ת״ל—תת״ע נאָכן חורבן בית שני אָדער 500—940 לויט אייראָפּ. צ״ר)

### א. די יידישע קאָלאָניעס אין אראביע.

**די ערשטע יידישע איינוואנדערונג.**

אויפן גרויסן האַלבּ־אינזל עֲרָב (אַראַבּיע), וואָס ליגט צווישן אַזיע און אַפריקע (צווישן בבל, סוריה, ארץ־ישראל און מצרים), האָבּן יידן געוואוינט פון טיף־אַלטע צייטן. דער אָנהייב פון דער יידישער אײַנוואַנדערונג קיין אַראַבּיע איז אײַנגעהילט אין אַ נעפל פון לעגענדעס. איין לעגענדע דערציילט, אַז אַ מחנה קריגסלייט, וואָס יְהוֹשֻׁעַ בִּן נון האָט געשיקט מלחמה האלטן מיט עמלק, האָט דערגרייכט ביז דער שטאָט יַתְּרִיבּ (שפּעטער אַלְמֶדִינַה—מעדינאַ) און ביז לאַנד חֶבּוֹר (חאַיבּאַר, אַ מהלך פון פיר־פינף טעג צו צפון פון יתריב); דער פרוכטבּאַרער אָרט איז זיי געפעלן געוואָרן און זיי האָבּן זיך דאָרטן באַזעצט. אַן אַנדער לעגענדע דערציילט, אַז בשעת די אנשי־חיל פון שאול המלך האָבּן זיך צוריקגעקערט פון דער מלחמה מיט עמלק, זיינען זייערע ברידער אין לאַנד יהודה אויף זיי זעער צאָרנדיג געוואָרן פאַר זייער רחמנות אויפן יונגן קיניג אֲגַג און האָבּן ניט געלאָזן זיי אומקערן זיך צוריק צו זייערע פאַמיליעס; דאַן זיינען זיי צוריק אַוועק אין מדבר ערב צו די עמלקים און האָבּן זיך באַזעצט אין זייער לאַנד חֲגַ״ס (העדזשאַס) אין צפונדיגער אַראַבּיע. לויט אַ דריטער לעגענדע, איז דוד, אַנטלויפנדיג פון אבשלומען, געזעסן אין חג״ס אַ סך יאָרן ביזן טויט פון זיין זון, וואָס האָט אים פאַרטריבּן פון זיין מלוכה, און נאָכדעם ווי דוד האָט זיך צוריקגעקערט קיין ירושלים, זיינען אַ סך יידן פון זיין חיל פאַרבּליבּן וואוינען אין אַראַבּיע. כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע דריי לעגענדעס איז, וואָס זיי אַלע רעדן וועגן דעם גאַנץ פריען ישוב פון די יידן אין לאַנד פון עמלק—חג״ס.— היסטאָריקער זיינען מְשַׁעֵר, אַז בשעת דאָס לאַנד יהודה איז

געווען אַ רייכע מעכטיגע מלוכה און אירע שיפן מיט סחורה פלעגן גיין פון די האַפנס אֵילַת און עֶצְיוֹן־גֶבֶר איבערן ים־סוף און אינדישן אָקעאַן, פלעגן די יידן אויפן וועג פאַרקערן קיין תֵּימָן (יֶמֶן), חִמְיָר און לאַנד שְׁבָא (סאַבעאַ) אין דרום־אַראַביע, וואו ס'האָבן זיך געפונען די וויכטיגסטע האַנדל־שטעט מ ר י ב ה (מאַריבאַ) און צַנְעָא (סאַנאַ, די ביבלישע אוזָל). אויף אַזאַ אופן איז אויפגעקומען אַ יידישע קאָלאָניע אין אַראַביע.— די אַראַבישע יידן גופא פון די שפּעטערדיגע דורות באַהויפּטן, אַז זיי האָבן בקבלה פון זייערע אָבות, אַז די ערשטע יידן, וואָס זיינען געקומען אויפן צראַבישן האַלבאינזל, זיינען די אַנטרונענע פונם שווערד פון נבוכדנצר און נבוזראדן אין דער צייט פון חורבן בית ראשון.— פון דעם אַלעם איז בכל אופן קלאָר, אַז יידן האָבן געוואוינט אין אַראַביע שוין אין טיפסטן אוראַלטער. אין משך פון דורות איז דער יידישער ישוב דאָרטן געוואַקסן. איבערהויפּט האָט ער זיך פאַרגרעסערט נאָכן חורבן בית שני און נאָך בר־כוכבאס קאַטאַסטראָפע. מאַסן יידן זיינען געלאָפן פון דער רוימישער טיראַניע קיין אַראַביע. די קנאים, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען קעגן רוים אין ארץ ישראל, מצרים, קירענאַיקע און אויפן אינזל קיפראָס (כַּפְתּוֹר), זיינען נאָך דער אויסלעשונג פון די לעצטע פונקען פרייהייטס־האָפענונג צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן אין אַלע זייטן און אַ סך פון זיי זיינען אַנטרונען געוואָרן אין דער פרייער גאַסטפריינדליכער אַראַביע, וואָס האָט זיי אויפגענומען מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס. שפּעטער, באַזונדערס אין V־טן יר"ה ג. א. צ"ר, פלעגן פון צייט צו צייט צוקומען יידישע אימיגראַנטן אויך פון פּערסיע, בבל און ביזאַנטיע. אויף אַזאַ אופן האָבן אויפן ברייטן שטח פונם אַראַבישן האַלב־אינזל אין משך פון יאָרהונדערטן אויסגעבילדעט זיך גרויסע יידישע אַווטאָנאָמיש־אָרגאַניזירטע קיבוצים.

ראַסן־קרובהשאַפט. אַ דאַנק די געמיינזאַמע לעגענדעס פון די אַראַבער און פון די יידן וועגן זייער קרובהשאַפטליכער אָפּשטאַמונג און דער נאָענטקייט פון זייערע שפּראַכן, האָבן זיך די יידן מיט די אַראַבער איינגעלעבט אין שלום און אין ברידערליכקייט און געווירקט קעגנזייטיג. ניט געקוקט דערויף, וואָס אַראַביע איז געווען אַרומגערינגלט מיט קולטור־לענדער, האָט זיך דאָס לעבן פונם יידישן ישוב דאָרטן אַנטוויקלט לחלוטין איינגאַרטיג אונטער דער השפעה פון דער אַראַבישער סביבה. אַ דאַנק די מוראדיגע מדבריות, זיינען די אומצייליגע שבטים פון די אַראַבישע אָאַזיסן קיינמאָל ניט געוואָרן איינגאַנצן אונטערטעניג דורך די קריגערישע וועלט־פאַרכאַפּער (מצרים, אשור, בבל, פּערסיע, אלכסנדר מוקדון, רוים) און די

אַראַבער האָבן איינגעהיט דעם פּאַטריאַרכאַלן שטייגער לעבן לענגער פון אַלע אַנדערע סעמיטישע שבטים. קיין צענטראַלע מאַכט, וואָס זאָל פאַראייניגן אַלע אַראַבער, איז ניט געווען. זיי זיינען געווען געטיילט אויף צוויי שבטים־גרופּעס: צ פ ו נ ד י ג ע ר און ד ר ו מ ד י ג ע ר. די איינוואוינער פון צפון־אַראַביע אָדער העדזשאַס (חג׳ס) האָבן געפירט אַ וואַנדער־לעבן פון בעדואינען; די איינ־וואוינער פון דרום־אַראַביע אָדער יעמען (תֵּימָן) האָבן געלעבט אַ יִשוּב־לעבן און זיינען געווען קולטורעלער פון די צפונדיגע אַראַבער. אונטער דער ווירקונג פון די ביבלישע ספורים, וואָס האָבן זיך שפּעטער פאַרשפּרייט צווישן די אַראַבער, האָבן זיך די צפונדיגע שבטים מְתְיַחֵס געווען צום מדבר־העלד י ש מ ע א ל ב ן א ב ר ה ם, און די דרומדיגע אַראַבער — צו יָ קְ טָ ן, דעם זון פון עֵ בֶ ר, דעם אורפאָטער פון די עִ בְ רִ י ם. אַזוי האָט מען דערקלערט די ראַסנדיגע קרובהשאַפט צווישן די אַראַבער און די יידן. זיי זיינען געווען נאָענט צווישן זיך אויך לויטן אויסערליכן לעבנס־פּיר. אין דער צפונדיגער אַראַביע האָבן די יידן, פּונקט ווי די איינגעבאָרענע, געלעבט אָפּגעזונדערט און געטיילט זיך אויף שבטים, משפחות און בָּתֵּי אָבות אונטער דער אָנפירונג פון עלטסטע אָדער שייכן, און האָבן זיך באַשעפטיגט איבערהויפּט מיט פיצוכט און לאַנד־ווירטשאַפט. די יידן אין דער קולטורעלער תימן האָבן געוואוינט איבערהויפּט אין די שטעט און פאַרנומען אַ הָשובן אָרט אין מלאכה און האַנדל.

**יידישע שבטים.** כמעט איבעראַן גאַנצן האַנדלס־וועג (קאַראַוואַנען־וועג), וואָס ציט זיך פון מעקאַ ביז דמשק, זיינען געווען אויסגעזייט יידישע קבוצים. אָבער די גרעסטע פון זיי זיינען געווען אין יתריב (מדינה) און חאַיבאַר (חביר). אין יתריב און דער אומגעגנט, וואָס איז געווען באַרימט מיט אירע טייטלביימער און פרוכטבאַרן באָדן, זיינען געזעסן דריי יידישע שבטים: בַנוּ־קוֹרַיְזָא, בַנוּ־נַדִיר און בַנוּ־בַהְדַל. די דאָזיקע דריי שבטים האָבן זיך גע־רעכנט פאַר בני אהרן הכהן און זיינען געווען געאַכט ביים גאַנצן פאָלק. די בני נדיר זיינען געווען באַרימט מיט זייער העלדישקייט און קריגס־פעאיקייט. דאָרטן האָט געוואוינט נאָך אַ יידישער שבט בַנוּ־קַיְנוּקאַא, וואָס האָבן זיך אונטערשיידט מיט זייער שטייגער לעבן און מנהגים פון די איבעריקע שבטים. זיי האָבן, חוץ אַנדערע מלאכות, זיך באַשעפטיגט אויך מיט מעטאַל־אויסאַרבע־טונג און גאָלדשמידעריי. חאַיבאַר איז אויך געווען זייער באַזעצט פון יידן. אַדאַנק דעם גוטן פרוכטבאַרן באָדן, פּיטערפלעצער און פּאַלמענוועלדער, האָט זיך די יידן דאָרטן געלעבט זייער גוט. לויט אַ מסורה, האָבן די יידן פון חאַיבאַר געשטאַמט פון יוֹנָדָב בֶּן רֵכָב. — אין דער דרומדיגער אָדער ג ל י ק־

ליכער אַראַביע (עֵדֶן־עֲרָב), וואו ס'איז געווען אַנטוויקלט אינדוסטריע און האנדל, האָבן די יידן געוואוינט ניט אָפּגעזונדערט שבטים־ווייז, נאָר צוזאַמען מיט די אַראַבער און האָבן געפירט האנדל מיט פערסיע, אינדיע און ביזאַנטיע.

דער קולטורעלער מצב.

די קולטורעל־גייסטיגע לאַגע פון די יידן אין אַראַביע איז געווען אַ סך נידעריגער, ווי ביי די יידן אין די שכנותדיגע לענדער, אין בבל און ארץ־ישראל. זיי האָבן געוואוסט נאָר פון תורה שבכתב און אַ סך יידישע אגדות צוזאַמענגעפלאָכטן מיט אַראַבישע לע־גענדעס. זיי האָבן אָבער זעער שטרענג אָפּגעהיט די מצוות פון תורת משה. אין די גרעסערע קבוצים האָבן זיי אויך געהאַט שולן (מִדְרָשׁ) פאַר זייערע קינדער. אָבער דער שטענדיגער צופלוס פון אימיגראַנטן פון ארץ־ישראל און בבל האָט אַריינגע־טראָגן אין לעבן פון די אַראַבישע יידן די יסודות פון דער נאַציאָנאַלער קול־טור פון דידאָזיגע לענדער.

די אומגאַנג־שפּראַך פון די אַראַבישע יידן איז געווען אַראַביש, געמישט מיט אומגעהייערע מאַסן העברעאיש־אַרַמישע ווערטער און אויסדריקן.

גלייך ווי ביי די אַראַבער, איז ביי זיי געווען שטאַרק די ליבשאַפט צו אַ פרייען לעבן, קריגס־מוט, די מידה פון הכנסת־אורחים און אויך אַ נטיה צו פּאָעזיע. באַזונדערס איז ביי זיי געווען הייליג די מצוה פון פדיון שבויים און זיי פלעגן שטענדיג אויסלייזן קריגסגעפאַנגענע יידן.

---

## ב. די פאַרשפּרייטונג פון דער יַהֲדות אין אַראַביע.

תֵּימָן — אַ יידישע מלוכה.

די רעליגיעזע קולטור, וואָס די יידן האָבן מיטגעבראַכט קיין אַראַביע, האָט געהאַט אַ געוואַלדיגע השפעה אויף די איינגעבאָרענע היידן. מיט זייער ריינעם פאַמיליען־לעבן און געלייטערטן גלויבן אין איין גאָט האָבן די יידן וואָס ווייטער אַלץ מער דערנעענטערט די הערצער פון די אַראַבער צו דער יהדות. אַ סך יחידים און אפילו גאַנצע משפחות מיט זייערע עלטסטע האָבן זיך מְגַייֵר געווען. אַמשטאַרקסטן איז געווען די יידישע השפעה אין תּימן. דער אַראַבישער קיניג אַבּוּ־קָרִיב, פונם שבט חִמְיָר (כימיאַריטן), האָט זיך באַקענט מיט די יידישע געלערנטע פון יתריב, און נאָכדעם ווי ער האָט באַגריפן דעם מהות פון דער יהדות, האָט ער זיך מגייר געווען צוזאַמען מיט אַ סך פון די חשובסטע כימיאַריטן און געמאַכט די יהדות פאַרן הערשנדיגן גלויבן אין לאַנד (500 נ. א. צ"ר).

## יוסף דו־נואַש.

דער זון פון אַבו־קריב, דער יונגער גבור יוסף דו־נואַש, וואָס איז אַרויף אויפן פּאָטערס טראָן (515), איז געווען אַ גרויסער קנאי פאַר דער יידישער אמונה און האָט שטאַרק גענומען צום האַרצן דעם טרויעריגן מצב פון די יידן, וואָס זיינען אכזריותדיג גערודפט געוואָרן דורך די ביזאַנטיער. און אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די קריסטליכע קיסרים פון ביזאַנטיע און זייערע גלחים פייניגן אומדערבאַרימליך די יידן, האָט ער באַשלאָסן אויף אַ פרימיטיוון אופן צו נעמען נקמה פון די קריסטן—די איינוואוינער פון זיין לאַנד. לויט זיין באַפעל זיינען געכאַפּט און געטויט געוואָרן אייניגע ביזאַנטישע סוחרים, וואָס זיינען געפאָרן קיין אינדיע דורך תימן. אויף אַלע קריסטן פון זיין לאַנד האָט יוסף אַרויפגעלייגט ספּעציעלע צינזן און זיי געדריקט, פונקט אַזוי ווי די ביזאַנטישע קיסרים האָבן געדריקט די יידן פון זייער לאַנד. ביזאַנטישע סוחרים האָבן אויפגעהערט צו פאָרן קיין אינדיע. דאָס האָט אויפגערודערט ביזאַנטיע. די גייסטליכע האָבן אָנגעהויבן פאָדערן פון יוסטינוס I אַ צלם־צוג קעגן יוסף דו־נואַש, נאָר וויל יוסטינוס איז יעמאָלט געווען פאַרנומען מיט אַ מלחמה קעגן פערסיע און איז ניט געווען ביכולת צו שיקן זיין חייל אין דער ווייטער אַראַביע, האָט ער זיך געווענדט צום עטיאָפּישן קיניג, וואָס איז געווען אַן אָנהענגער פון קריסטנטום און האָט געהאַט מיט יענעם אַלטע חשבונות, ער זאָל באַשטראָפן דעם יידישן קיניג. און עס איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן עטיאָפּיע (כוש) און יעמען. די מחנות פון די כושים האָבן זיך איבערן ים־סוף אריינגעריסן אין די גרעניצן פון יוסעפס מלוכה, צעראַבירט די שטעט און פאַרוויסט דאָס לאַנד. יוסף האָט זיך מיט גרויס גבורה פאַרטיידיגט קעגן דעם שטאַרקערן שונא, אָבער ער האָט ניט געקאָנט באַשטיין קעגן אים. אַז ער האָט דערזען, אַז יעדע האָפענונג איז פאַרלאָרן, האָט ער באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן מיט אַ העלדן־טויט פון דער אייגענער האַנט איידער אַריינצופאַלן אין דער האַנט פונם שונא. רייטנדיג אויף זיין שטאַרקן פערד, איז ער אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ פעלז און פון אים צוזאַמען מיטן פערד אַראָפּגעשפּרונגען אין ים אַריין און דערטרונקען געוואָרן. די זיגער האָבן פאַרטיליגט אַ סך יידן און אַ סך אוועקגעפירט קיין עטיאָפּיע און אַביסיניע אין געפאַנגענשאַפט. אַזוי איז אונטערגעגאַנגען די יידיש־כימיאַריטישע מלוכה אין תימן (460 נאָך חורבן בית שני (520 נ.א. צ״ר).

## שמואל בן עדיה.

די התקרבות פון די אַראַבער מיט די יידן האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין VI יר״ה. יידישע געלערנטע און דיכטער זיינען געווען זעער באַפריינדעט מיט גרויסע אַראַבישע פּערזענ־

ליכקייטן. אזוי איז דער גרעסטער פון די חכמי ישראל און דיכטער אין יתריב שמואל בן עֲדִיָה (נ וֹ ע ד ְ י ָ ה — 500—550 נ. א. צ״ר) געווען א ידיד־נאמן פונם גרעסטן אראבישן דיכטער אִמְרוּ־אַלְקַיְש, דעם זון פונם קיניג חֶגֶר בן אַלְהַרִית. בשעת די שונאים פון אמרו־אלקיש האָבן פארפירט קעגן אים א מלחמה, געוועלט אים טויטן און זעצן אויף זיין פאָטערס טראָן אַן אנדערן, האָט שמואל בן עדיה אים אריינגענומען צו זיך אין שלאָס און אים פארטיידיגט מיט אויסערגעוויינליכער מסירת־נפש. דאַן האָבן דעם בן־מלכס שונאים פארכאַפּט שמואלס א זון פאַר אַן ערובניק און געמאָלדן דעם דיכטער, ער זאָל ארויסגעבן אמרו־אלקישן, א ניט — וועלן זיי טויטן זיין זון. שמואל בן עדיה איז אָבער געבליבן געטריי זיין פריינד אפילו אין דעם שוידערליכן מאָמענט, ווען די באלע־גערער האָבן פאר אים אין די אויגן געשוֹהטן זיין געליבטן זון. שמואלס נאָמען איז נאָכדעם בארימט געוואָרן אין גאַנץ אראַביע, אראַבישע דיכטער האָבן אים באזונגען אין באַגייסטערטע פּאָעמעס און ס׳איז געוואָרן צו א משל: „געטריי ווי שמואל״.— שמואלס צווייטער זון, דער דיכטער שְׁרֵיָה, איז געגאַנגען אין די וועגן פון זיין גרויסן פאָטער.

**דער צוגעגרייטער באָדן פאַרן איסלאַם.**

אין צפון־אראַביע זיינען פאָרגעקומען אומאויפהערליכע מלחמות צווישן די אראַבישע שבטים. די יידן זיינען ס׳רוב געווען נייטראַל, אָבער ס׳פלעגט טרעפן, אַז איין יידישער שבט האָט זיך געשטעלט אויף איין קריגערישן צד און אַן אַנדער שבט — אויפן אַנדער צד און ס׳האָבן זיך אויף אַזאַ אופן געשלאָגן יידן קעגנאַנאַנד. אַזאַ מצב פון אנאַרכיע און מאַנגל אין נאַציאָנאַלער אחדות האָט געשטערט דער פּראָפּאַגאַנדע פון דער יהדות אין א ברייטן מאַסשטאַב, אָבער דאָך, ניט געקוקט דערויף, האָבן די יידישע עטיק און די יידישע רעליגיע אומזיכטבאַר געווירקט אויפן וועלטבאַנעם פון די קינדער פונם מדבר. די דאָזיגע פיליאָרהונדערטיגע השפעה פון דער יהדות אויף די אראַבער האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר יענער רעליגיעזער באַוועגונג, וואָס האָט אין צווייטן פערטל פון VII יר״ה פאַרכאַפּט גאַנץ אראַביע און דערנאָך אויך דעם גאַנצן אָריענט, די באַוועגונג, וואָס איז געגאַנגען אונטערן נאָמען פון איסלאַם.

## ג. מוֹחֲמֶד און די יידן.

**אַ נייער גייסט.** די אַראַבער האָבן זעער געאַכט די יידן פאַר זייער געלערנטקייט און האָבן זיי גערופן „אַהְל אַלְכִּתַאב" (די לייט פון שריפט,— דאָסזעלביגע וואָס „עַם הספר"). אין סוף פון VI יר"ה האָט זיך צווישן די אַראַבישע שבטים אונטער דער השפעה פון די יידן אָנגעהויבן אַ קולטורעלע הִתְעוֹררוּת. די אַראַבער האָבן אין יענע צייטן שוין געהאַט גע־לייטערטע רעליגיעזע באַגריפן, נאָענטע צו די יידישע באַגריפן בנוגע דער אמונה אין אחדות הבורא. דער נאָמען „אַלְלַה" (גאָט) איז זיי געווען באַקאַנט. זיי האָבן אים גענומען ביי די יידן אין דער אַרַמישער אויסשפּראַך—„אֱלָהָא". וועגן דעם געפינט מען אַ סך אין דער אַראַבישער פּאָעזיע פון יענער צייט. די אַלטע אמונות אין הונדערטער געטער זיינען שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן. אַ נייער גייסט האָט זיך געטראָגן אין דער אַראַבישער לופט און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ מענטש, וואָס האָט דעם דאָזיגן גייסט קאָנקרעטיזירט,— מַחְמֶד.

**מוֹחֲמֶד.** מַחְמֶד אָדער מוֹחֲמֶד איז געבאָרן אין 571 אין דער שטאָט מ ע ק אַ אויפן זעקסטן חודש נאָכן טויט פון זיין פאָטער עַבד־אַלְלַה. אַז ער איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, איז געשטאָרבן אויך זיין מוטער אַמִינַא. ער איז געווען פון אַן אָרימער, כאָטש מיוחסדיגער משפחה און איצט איז ער געוואָרן אַ פאַרוואָרלאָזטער יתום. האָבן אים זיינע אָרימע קרובים אָפּגעגעבן פאַר אַ פּאַסטעך אין די אָאַזיסן פון מעקאַ. פיטערנדיג די שאָף פון זיינע בעלי־בתים, האָט ער אַ סך געטראַכט וועגן וועלט און לעבן און ס'האָט זיך ביי אים פונאַנדערגעוויקלט די פאַנטאַזיע. אַז ער איז אויסגעוואַקסן, איז ער אָנגעקומען אויף אַ קאַראַוואַנען־שטעלע צו אַ רייכער סוחרתה פון מעקאַ, דער אלמנה ח אַ ד י ד ז ש אַ, מיט וועמען ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט. בעת די קאַראַוואַנען־נסיעות און אין האַנדל איז אים אויסגעקומען צו האָבן נאָענטע באַציאונגען מיט יידן און קריסטן. דער ריינער גלויבן פון די יידן אין איין גאָט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף זיין רייכער פאַנטאַזיע. מאַטעריעל געזיכערט, האָט ער זיך פאַרטיפט אין די פראַגן פון רעליגיע און האָט געלערנט ביי די חכמי ישראל דעם גייסט פון תורת משה („מִקְרָא"). דאַן האָט ער גענומען די עיקרים פון דער יהדות, פאַרבונדן זיי מיט די אַראַבישע מסורות און געשאַפן אַ נייע אמונה, וואָס ער האָט איר אַ נאָמען געגעבן „אִשְׁלַם— גאַנצער אָדער רעכטער גלויבן.

**דער קוראַן און די סונאַ.**

דאָס בוך, וואו מוחמדס תורה איז פאַרשריבן געוואָרן, האָט מען גערופן „אַלקוראַן" אָדער „קוראַן" (דאָס זעלבע וואָס „מקרא" אין העברעאיש). די באַדייטונג פונם קוראַן פאַר די מוסלמענער איז די זעלביגע, וואָס די באַדייטונג פון תנ"ך פאַר די יידן און פון דער עוואַנגעליע פאַר די קריסטן. אין אַ גרויסער מאָס איז דער קוראַן באַגרינדעט אויף די ספרים פון תנ"ך. דער מאָנאָטעאיזם, וואָס ער פריידיגט פאַר זיינע מאמינים, אונטערשיידט זיך ניט פון דער ביבלישער אחדות הבורא. בלויז דער טאָן און די פאָרם זיינען פאַרשיידן. בשעת דער תנ"ך איז בכלל מַטִיף זיין לערע אין אַ ווייכער ליבשאַפטליך־פּאָעטישער פאָרם, אין אַ בעטנדיגער שפּראַך און אין אַ טאָן פון איבערבעטונג („יַעֲרֹף כַּמָּטָר לִקְחִי, תִּזַּל כַּטַּל אִמְרָתִי")—פאָדערט דער קוראַן שטענדיג מיט געוואַלט, באַפוילט ער האַרט און שאַרף.

מחמד אַליין האָט ניט צונויפגעשטעלט דעם קוראַן. אַ סך שפּעטער האָט דער ערשטער קאַליף אַבוּ־בֶּכְּר באַפוילן אויפצוזאַמלען און אַריינצוברענגען אין איין בוך אַלץ, וואָס ס'איז מיגליך געווען צו געפינען פאַרשריבן און פאַרצייכנט, זינט דעם טאָג פון מחמדס ערשיינען, אויף פּאַרמעט, טייטלבלעטער, ביינער, שטיינער וכדומה.

דער קוראַן איז אָבער ניט דער איינציגער מקור פאַר דער אמונה פון איסלאַם. צוזאַמען מיטן קוראַן האָט אַ גרויסן רעליגיעזן און סאָציאַלן ווערט אויך די סונאַ (דאָס זעלביגע וואָס ביי אונז מִשְׁנֶה)— אַ זאַמלונג פון מנהגים, אמונות און לעבנס־כּללים, וואָס זיינען ניט פאַרשריבן אין קוראַן, נאָר שטאַמען פונם טראַדיציאָנעלן אַראַבישן שטייגער לעבן בכלל אָדער פון מחמדס פּערזענליכן לעבן בפרט, און רעיונות, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין זיינע שמועסן מיט מאמינים.

**דער הייליגער טעמפּל אין מעקאַ**

די שטאָט מעקאַ איז געווען דאָס האַרץ פון אַראַביע. דאָרטן איז געווען דער הייליגסטער טעמפּל, די קאַאַבאַ, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ שוואַרצער שטיין, וואָס עס האָט אים דאָרטן, לויט אַן אַראַבישער לעגענדע, אַוועקגעלייגט אברהם בעת זיין געזעגענען זיך מיט ישמעאלן נאָך אַ באַזוך ביי אים. 360 אַראַבישע שבטים האָבן אינם טעמפּל אַוועקגעשטעלט זייערע פאַמיליען־געטער. איינינע חדשים אין יאָר זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַר הייליג עולה לרגל צו זיין קיין מעקאַ. אין דידאָזיגע חדשים פלעגן אויפהערן אַלע מחלוקתן און מלחמות צווישן די שבטים און די וועגן זיינען געווען זיכער. אַדאַנק דעם איז

מעקאַ געוואָרן דער צענטער פון אַראַביע ניט דווקא אין רעליגיעזן זין, נאָר אויך אין מסחר.

מחמד אין מְדינה. מחמד האָט געזוכט צו פאַרשפּרייטן זיין תורה אין מעקאַ, אָבער ער האָט דאָרטן געפונען זעער חייניג אָנהענגער. די סוחרים האָבן זיך געשראָקן פאַר די רעזולטאַטן פונם נייעם גלויבן, וואָס איז מבטל אַלע געטער: ווען קאַאַבאַ זאָל בטל ווערן, וועלן אויפהערן גיין אַהין די קאַראַוואַנען עולי־רגל, וועט זיך אָפּשטעלן אויך דער מסחר אין מעקאַ. מ'האָט אויף מחמדן געקוקט ווי אויף אַ רענעגאַט, וואָס שענדט דעם גלויבן פון די אבות, און זיין לאַגע איז געוואָרן אומדערטרעגליך. דאַן איז ער מיט זיינע אָנהענגער אַנטלאָפן קיין יתריב, וואו די אַראַבישע באַפעלקערונג איז אונטערן איינפלוס פונם דאָרטיגן גרויסן קיבוץ יידן געווען מער צוגעגרייט אָנצונעמען דעם גלויבן אין איינציגן גאָט. פון יעמאָלט אָן האָט די שטאָט יתריב געבומען רופן זיך אַלמְדִינַה אָדער מְדִינָה=די שטאָט פונם נביא. דאָס איז געשען אין יאָר 622 נ. א. צ"ר און פון דעם יאָר הייבט זיך אָן די מחמדאַנישע צייטרעכענונג.

מחמדס ערשטע באַציאונג צו די יידן. מחמד האָט געוואָלט צוציען צו זיין לערע אויך די יידישע שבטים פון דער געגנט. צוליב דעם האָט ער איינגעפירט אַ סך יידישע מנהגים און מצוות פון תורת משה, ווי שבת, דעם איסור אויף נבלות וטריפות א. אנ. ער האָט געהייסן זיינע אָנהענגער פאַסטן דעם יידישן תענית „עֲשׂוּרַא" (עשירי—צענטן טאָג אין תשרי—יום כפור) און ווענדן דעם פנים בשעת דער תפילה צו ירושלים. אָפט פלעגט ער שמועסן מיט יידן וועגן רעליגיעזע פראַגן און פלעגט פאָדערן, זיי זאָלן אים אָנערקענען פאַרן איינציגן נביא פון גאָט. „בני ישראל!— האָט ער צו זיי געטענה'ט — געדענקט דאָס גוטס, וואָס איך האָב אייך געטאָן! היט מיין בונד, וועל איך אים אויך היטן. נאָר מיר זאָלט איר דינען. גלויבט אין [אַלקוראַן], וואָס האָט אונז [אָנשטאָט „מיך"] געשיקט צו אייך צו פאַרשטאַרקן [די תורה], וואָס מיר האָבן דיר מגלה געווען פאַרצייטן, און איר זאָלט ניט זיין די ערשטע מורדים אין מיין בונד און איר זאָלט אים ניט פאַרבייטן אויף דעם, וואָס קען אייך ניט העלפן,— בלויז מיר זאָלט איר כבוד געבן! טוט ניט אָן דעם אמת אין אַ לבוש פון שקר, און לייקנט אים [דעם אמת] ניט, דען איר ווייסט דאָך אים! טוט תפילה און גיט צדקה אָרימעלייט און בוקט זיך צוזאַמען מיט די וואָס בוקן זיך [די מוסלמענער בוקן זיך אַ סך]...

בני ישראל! געדענקט דאָס גוטס, וואָס איך האָב אייך געטאָן, ווייל איך קען אייך מער ווי אַלע משפחות פון דער ערד! האָט מורא פאַר דעם טאָג, וואָס אין אים וועט אַ נפש ניט אויסלייזן אַ נפש, ניט זיין קיין נשיאות פנים און ניט גענומען ווערן קיין שוחד און קיין כופר, און קיינער וועט אייך ניט ראַטעווען פון מיין האַנט! געדענקט, וואָס מיר האָבן אייך מציל געווען פון דער האַנט פון פרעה און זיין פאָלק, וואָס האָבן שווערגעמאַכט אייער יאָך און געטויט אייערע זין, בלויז די טעכטער אייערע געלאָזט לעבן. דאָס וועט אייך זיין דער צייכן פון מיין גרויסער ליבשאַפט צו אַייך! געדענקט, וואָס מיר האָבן געשפּאָלטן דעם ים פאַר אייך, כדי אייך צו ראַטעווען, און מיר האָבן דערטרונקען דאָס פאָלק פון פרעה פאַר די אויגן אייערע. ווען משה האָט געבעטן וואַסער פאַר זיין פאָלק, האָבן מיר געזאָגט: שלאָג דעם פעלזן מיט דיין שטעקן! און ס'זיינען אַרויס פון אים צוועלף קוואַלן וואַסער, כדי אַלע [שבטים] זאָלן דערקענען יעדערער זיין קוואַל, און מיר האָבן געזאָגט: עסט און טרינקט פון גאָטס גאָב און איר זאָלט ניט מערן מער צו זינדיגן אין לאַנד! ווען איר האָט געזאָגט: משה! מיר קענען ניט דערנערן אונזער נפש מיט איין שפייז, בעט פאַר אונז צו גאָט דיינעם, ער זאָל אונז געבן פון די פּירות פון דער ערד: קרייטעכצער, אוגערקעס, קנאָבל, לינזן און ציבעלעס, — האָט משה געענטפערט: אויב איר ווילט אויסדערוויילן בעסער שלעכטס איידער גוטס, דאַן קערט זיך אום קיין מצרים! דאָרטן וועט איר געפינען וואָס עס האָט ליב דער נפש אייערער. און עס האָט געפּלאָגט זיי גאָט מיט הונגער און מיט נויט און ער האָט אויסגעגאָסן אויף זיי זיין גרימצאָרן, דערפאַר ווייל זיי האָבן ניט געגלויבט אין זיינע צייכנס און דערהרגעט אומזיסט די נביאים זיינע*) און ווידערגעשפּעניגט און געפעלשט אין גאָט. צו משה'ן האָבן מיר מגלה געווען די תורה, און מיר האָבן געשיקט נאָך אים אַנדערע נביאים, און מיר האָבן אָנגעגורט מיט קראַפט דעם יֵשוּ בן מִרְיָם און אים געגעבן רוח הקודש, אָבער ווען די נביאים האָבן אייך געזאָגט דאָס, וואָס איר האָט ניט באַגערט, האָט איר זיי געמאַכט פאַר פאַלשע נביאים און געטויט אַ סך פון זיי**) (קוראַן, סורה II, פון פסוק ל"ט ביז ע"ט).

---

*) רמז אויף חוּר (לויט אַן אגדה, מִרְיָמס זון), וואָס איז, לויט דער מיינונג פון די חז"ל, דערהרגעט געוואָרן פאַר זיין ניט־ווילן דערלאָזן מאַכן דעם עגל.

**) לויט מחמדס מיינונג, זיינען זעקס נביאים די גרעסטע: אדם, נח, אברהם, משה, ישו און מחמד; יעדער ווייטערדיגער איז אַלץ גרעסער, און ער אַליין איז—דער גרעסטער.

### מחמדס מלחמות קעגן די יידן.

מחמד האָט זיך אָבער באַלד איבערצייגט, אַז די יידן ווילן אים ניט אָנערקענען פאַר קיין נביא און משיח, און ער האָט אָנגעהויבן ענדערן זיין באַציאונג צו זיי, ווי ער האָט זיי מרמז געווען אין די אויבן־געבראַכטע ציטאַטן פון קוראַן. ער האָט אָפּגעשאַפט דעם תענית „עשורא" און געהייסן די מאמינים ווענדן זיך בשעת דער תפילה מיטן פנים צו מעקאַ. אויך האָט ער געענדערט דעם טאָג פון שבת אויף פרייטאָג, נאָר דער איסור אויף חזיר און נבֵלה איז פאַרבליבן. אַז מחמד איז שטאַרק געוואָרן און האָט באַקומען טויזנטער אָנהענגער, האָט ער אָנ־געהויבן דריקן די יידן און צום סוף באַשלאָסן אינגאַנצן פטור צו ווערן פון זיי אין מְדינה. ער האָט פאַרפירט אַ מלחמה קעגן די בני־קַיְנוּקָאַא און בני־נַדִיר, מיט גרויס אכזריות צעשמעטערט זייער מאַכט און זיי האָבן סוף כל סוף געמוזט פאַרלאָזן מדינה, וואו זיי האָבן געוואוינט לכל הדעות ניט ווייניגער ווי טויזנט יאָר. אויף זייער אָרט האָט ער באַזעצט זיינע אָנהענגער.

### מחמדס בלוטיגע נקמה פון די יידן אין מעקאַ.

נאָך מעדינאַ האָט ער זיך געווענדט אויך צו מעקאַ. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קעגן מחמדן אַ פאַרבאַנד פון פאַרשיידענע אַראַבישע און יידישע שבטים, בתוכם אויך די בני־קוּרַיְזָא. נאָך לאַנג־געדויערנדיגע שלאַכטן האָט מחמד סוף כל סוף מנצח געווען אויך מעקאַ. אין גרויס גרימצאָרן האָט ער באַשלאָסן צו פאַרטיליגן די בני־קוריזא עד חרמה. זיי האָבן אים געשטעלט אַ פאַרביטערטן ווידערשטאַנד, אָבער אין דער באַלעגערונג איז פאַר זיי געשטאַנען אַ סכנה פון הונגער־טויט און זיי האָבן זיך געווענדט צו מחמדן, ער זאָל זיי אַרויסלאָזן פון שטאָט, ווי ער האָט געטאָן מיט די אַנדערע יידישע שבטים. מחמד האָט זיי אָבער געשטעלט אַ תנאי, זיי זאָלן אים אָנערקענען פאַר אַ נביא. די בני־קוריזא האָבן זיך אָפּגעזאָגט און באַשלאָסן בעסער אומצוקומען אויף קידוש השם. שרעקליך איז געווען זייער סוף: מחמד האָט געהייסן אויסגראָבן גריבער, אויסשְחטן אַלע מאַנסבילן און זיי צַריינוואַרפן אַהין, פרויען און קינדער פאַרקויפן פאַר שקלאַפן. אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט די שרעקליכע שחיטה און ביינאַכט האָבן די רעכטגלויביקע געקוילעט ביי דער ליכט פון פאַקעלן (627 נ. א. צ"ר).

### די אונטערדריקונג פון די יידן אין חייבאר און אנדערע לענדער.

אין א יאָר אַרום איז מחמד אָנגעפאַלן אויף חייבאַר (חָבוֹר), וואָס ליגט 100 קילאָמעטער צו צפון פון מדינה. די יידן האָבן מוטיג פאַרטיידיגט זייער פרייהייט, די פרייהייט פון זייער געוויסן, אַרויסגעוויזן איבערמענטשליכע גבורה, אָבער זיי האָבן ניט גע־קענט באַשטיין קעגן די אומגעהייערע מחנות אַראַבער: זייערע פעסטונגען זיי־נען איינגענומען געוואָרן און דער שווערד איז אַרויסגעפאַלן פון זייערע הענט. אונטער זעער שווערע תנאים האָט מחמד ערלויבט די לעבן-געבליבענע יידן צו בלייבן אין חייבאַר. דאָס זעלביגע איז געשעען מיט די יידן אין אַנדערע אַראַבישע לענדער. אומעטום האָט ער ערלויבט די יידן פאַרבלייבן אויף זייערע ערטער מיטן תנאי צו צאָלן אים שווערע שטייערס און אינגאַנצן אונטערגעבן זיך אונטער זיין ממשלה.

### זינהָבָה — די געפאַנגענע העלדישע טאָכטער פון די בְּנֵי חָבוֹר

א סך אַראַבישע יידן זיינען יעמאָלט אַנטרונען געוואָרן אין די שכנותדיקע לענדער—בבל און פערסיע—און אין דער ווייטער אינדיע. די יידן, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אין גע־פאַנגשאַפט דורך מחמדס חיילות, האָט ער, מחמד אַליין, פאַרמשפּט צום טויט. איינע פון די יידישע געפאַנגענע פרויען, זינהבה—די שוועסטער פון מַרְהָב דעם גבור פון די בני חבור, און די אלמנה פונם אומגעקומענעם גבור שָׁלוֹם־אִבְּ־מִשְׁכָּן– האָט מחמד געלאָזט לעבן און גענומען פאַר א ווייב. דידאָזיגע שיינע און קלוגע פרוי האָט געזוכט תחבולות נקמה צו נעמען פונם פאַרטיליגער פון איר פאָלק. כדי ער זאָל גאָר נישט מערקן, האָט זי אים אַרויסגעוויזן גרויס פריינד־ליכקייט, געמאַכט פאַר אים א מאָלצייט און אַריינגעלייגט סם אין די שפּייז. איינער פון מחמדס מקורבים, וואָס האָט אויפגעגעסן א שטיקל פלייש, איז תיכף געשטאָרבן; מחמד אַליין אָבער האָט, דערשפּירנדיק אן עקלדיגע ביטערקייט, גלייך אַרויסגעשפּיגן פון מויל דאָס פלייש מיטן סם המות און איז געבליבן לעבן (די שפּורן פונם גיפט זיינען אין אים פאַרבליבן און ער איז דערפון געבליבן קרענקליך ביז זיין טויט אין עטליכע יאָר אַרום). אז מחמד האָט גע־פרעגט זינהבהן, פאַרוואָס זי האָט עס געטאָן, האָט זי געענטפערט: „איך האָב גערעכנט, אז אויב דו ביזט א מענטש ווי אַלע—וועל איך ברענגען מיט דיין טויט א גאולה פאַר מיין פאָלק, און אויב דו ביזט באמת א געטליכער מאַן, וועט דיר גאָט בייצט נס אויסזאָגן, אז איך האָט אַריינגעלייגט אין דיין עסן

סם — און דו וועסט ניט שטאַרבן". דאַן האָט מחמד באַפוילן און מ'האָט זי אכזריותדיג געטויט.

**איינגעשטילט די שנאה צווישן די יידן און מחמדאנער.**

מחמדן איז סוף כל סוף געלונגען איינ-צונעמען גאַנץ אַראַביע און דער איסלאַם איז געוואָרן פעסט. און אז עס זיינען איבערגעזע-טיגט געוואָרן די קריגערישע געלוסטן פון די מדבר-לייט, איז די צייטווייליג-אויפגעפלאַקערטע שנאה צווישן די צוויי ברי-דערליכע פעלקער שוואַך געוואָרן, און אין די לענדער פון איסלאַם האָבן די יידן ווידער געקענט וואוינען בשלוה און מיט מער זיכערקייט איידער אין די קריסטליכע מדינות.

---

## ד. די יידן אונטער דער רוימיש-ביזאנטינישער ממשלה.

**דער קריסטנטום און די יידן.**

פון IV יר"ה אָן האָט זיך דער קריסטנטום גענומען אַלץ מער פאַרשפרייטן אין דער מזרחדיגער העלפט פון דער רוימישער אימפעריע, וואו ס'האָט געהערשט די גריכישע שפּראַך און די גריכישע קולטור, באַזונדערס מיט דער מיליטעריש-פּאָליטישער הילף און שטיצע פון קאָנסטאַנטינוס דעם גרויסן און קאָנסטאַנציוס, וואָס האָבן אַדאַנק אים דערגרייכט צו זעלבסטהערשערישער מאַכט. און וואָס מער ער האָט זיך באַפעסטיגט, אַלץ ערגער איז געוואָרן דער מצב פון די יידן אין דער אימפעריע בכלל און אין ארץ-ישראל בפרט.

**דער עקאנאמישער און גייסטיגער מצב פון די יידן אין ארץ-ישראל.**

די יידן, באַזונדערס אין ארץ-ישראל, זיינען נאָך ניט געווען אינגאַנצן געבראָכן. דער גליל איז געווען געדיכט באַפעלקערט מיט יידן. כמעט אַלע דערפער זיינען געווען באַזעצט מיט יידישע ערדאַרבעטער. אין די שטעט האָבן געוואוינט מאַסן פאַרשיידנאַר-טיגע בעלי-מלאכות, פּועלים, אויך סוחרים, וואָס האָבן געפירט אַ ברייטן מסחר מיט סיריע, מצרים און אַראַביע. די שפּינערייי און וועב-פּראָדוקציע זיינען גע-ווען שטאַרק אַנטוויקלט און פלעגן באַשעפטיגן מאַסן אַרבעטער; שפּינער, וועבער און פאַרבער. טבריה איז געווען די רעזידענץ, וואו ס'האָט געוואוינט דער נשיא. דאָרטן זיינען אויך געווען די גרויסע אַקאַדעמיעס פאַר יידישער

וויסנשאַפט, אַגעוויסע צייט אויך דער סנהדרין, וואָס פלעגט מיט זיין אוטאָרי־טעט רעגולירן די האַרבסטע שאלות, וואָס פלעגן אַרויפשווימען אויף דער אייבערפלאַך פון יידישן לעבן אין אַלע לענדער פון דער יידישער צע־שפרייטונג.

### די ניטגעבויגענע שטאָלץ פון די יידן.

די יידן אין ארץ ישראל האָבן זיך נאָך אַלץ ניט געקענט אָפזאָגן פון דער האָפענונג צו ווערן צוריק זעלבשטענדיג אין זייער לאַנד. מיט אויפרעגונג און צאָרן פלעגן זיי זיך צוקוקן, ווי די אָקופּאַנטן פאַרנעמען אַ פּאָזיציע נאָך אַ פּאָזיציע אין לאַנד, ווי זייער פאָטערלאַנד, און באַזונדערס זייער הייליגסטע שטאָט, ווערט אָפּט פאַרפלייצט פון ביזאַנטיניש־קריסטליכע פּילגרימען, בעת זיי איז פאַרווערט צו קומען אַהין אפילו אויס־וויינען זיך אויף די חורבות פון בית המקדש. די ביזאַנטינער האָבן געבויט אין ארץ ישראל קירכן און קלויסטערס וויפיל זיי האָבן נאָר געוועלט,— די יידן אָבער איז אפילו פאַרבאָטן געווען צו וואוינען אין אַ גאַנצער ריי שטעט. פלעגן דעריבער זעער אָפּט פאָרקומען סכסוכים צווישן יידן און קריסטן, וואָס פלעגן זיך אָפּטמאָל ענדיגן מיט בלוט־פאַרגיסונגען און פיל קרבנות פון ביידע צדדים. דען ניט געבויגן איז געווען די שטאָלץ פונם יידן אין זיין לאַנד, ווי אויף רויבער האָט ער געקוקט אויף זיינע באַהערשער. דאָס האָבן די אָקופּאַנטן גוט געוואוסט און באַשלאָסן צו ברעכן די יידישע שטאָלץ. זיי האָבן אָנגעהויבן פירן אין ארץ ישראל אַ שטענדיגע און אויסגעהאַלטענע פּאָליטיק פון גזירות, געהייליגט מיטן אַוטאָריטעט פון דער קירך. און די גזירות־פּאָליטיק האָט זיך ביסלעכווייז איינגעוואָרצלט און איז געוואָרן אַ יסוד צום רעכטליכן סדר פון דער קריסט־ליכער מלוכה.

### טעאָדאָסיוס II מבטל די נשיאות.

אין 398 האָט אַרקאַדיוס־קיסר צוגענומען ביי די יידן דאָס רעכט צו משפטן זיך אין די אייגענע בתי־דין, און אין 423 האָט טעאָדאָסיוס II פאַרווערט די יידן צו בויען נייע שולן. פונם לעצטן נשיא, ר ב ן ג מ ל י א ל VI, זיינען אָפּגענומען געוואָרן אַלע אַווטאָנאָמישע רעכט, און ווען ער האָט זיך גענומען בויען אייניגע נייע שולן, האָט דער דערמאָנטער טעאָדאָסיוס II צוגענומען ביי אים אויך דעם טיטל נשיא (425). מיט דעם מאָמענט, ווען עס איז בטל געוואָרן די נשיאות, ווערט פאַרשוואונדן דער לעצטער שאָטן פון דער יידישער אַווטאָ־נאָמיע אין ארץ ישראל.

**די יידן אויסערן שוץ פון געזעץ.**

פון יעמאָלט אָן ווערט די לאַגע פון די יידן אַלץ ערגער און שווערער, באַזונדערס נאָכדעם ווי קיסריות רוים איז צעטיילט געוואָרן אויף צוויי אימ־פעריעס און סיריע מיט ארץ ישראל זיינען אַרונטער אונטער דער הערשאַפט פון דער אַזויגערופענער מזרחדיגער רוימישער אימפעריע — ביזאַנטיע (476). די גלחים האָבן תכלית שנאה פיינט געהאַט די יידן פאַר זייער עקשנותדיג ניט־וועלן פאַרלאָזן דעם גלויבן פון זייערע אבות און האָבן געהעצט די קיסרים אַרויסצוגעבן קעגן זיי שטרענגע דעקרעטן.— קודם כל איז די יידן פאַרווערט געוואָרן צו האַלטן קריסטליכע דינערשאַפט און מ׳האָט זיי ניט צוגעלאָזן צו מלוכהשאַפטליכע און געזעלשאַפטליכע שטעלעס.— אין 531 האָט יוסטיניאַנוס־קיסרס אַ דעקרעט אָוועקגעשטעלט די יידן אויסערן שוץ פון אַלגעמיינעם געזעץ. אין זיין געזעץ־קאָדעקס האָט ער אויפגעזאַמלט און אַריינגענומען אַלע אומגעזעצליכסטע געזעצן, דעקרעטן און פאַראָרדענונגען פון אַלע יאָרהונדערטן פון הײדנישן און קריסטליכן רוים קעגן יידן,— ווילדסטע גזירות, וואָס האָבן געהאַט בלויז איין ציל — צו שטיקן, דערנידעריגן דעם יידן און שענדן זיין כבוד, בכדי צו צווינגען אים צו שמד*). דערצו זיינען געווען אַלע מיטלען כשר. אַ ייד איז פָּסול לְעֵדוּת, האָט קיין רעכט ניט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן אַלע פראַגן, וואָס אינטערעסירן אים אַלס מענטש און מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, וואָס טראָגט צוגלייך מיט אַלעמען און אפילו נאָך מער אַלע לאַסטן פון דער מלוכה.

**יוסטיניאַנוס און די יידן־גרעקאָפילן.**

יוסטיניאַנוס האָט זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט באַגרעניצונגען פון די בירגערליכע רעכט פון די יידן; ס׳האָט אים ניט געלאָזט רוען די רעליגיעזע פרייהייט, וואָס די יידן האָבן נאָך פיל־ווייניג געהאַט. אין 553 האָט ער פאַר־באָטן דעם תלמוד. ווען דער יידישער פסח פאַלט אויס צוזאַמען מיט דער פַּסְחַא אָדער פריער אַביסל, מוזן, לויט זיינעם אַ דעקרעט, די יידן דוחה זיין זייער פסח אויף אַן אַנדער צייט. ווען ס׳איז איינמאָל אויסגעבראָכן אַ אינע־ווייניגסטע מחלוקת וועגן דעם אופן פון לייענען די תורה אין שול און אַ קליינע גרופע יידישע גרעקאָפילן האָבן געפאָדערט לייענען דעם טעקסט מיט

---

*) דידאַזיגע אַלע צונויפגענומענע גזירות פון יוסטיניאַנוס׳ געזעץ־קאָדעקס האָבן גע־דינט פאַר אַ יסוד פון דער פּאָליטיק קעגן די יידן אין אַלע שפּעטערדיגע קריסטליכע מלוכות.

א גריכישער איבערזעצונג, האָט יוסטיניאַנוס זיך אַרייגגעמישט און געפּסקנט לטובת דער דאָזיגער גרופּע, ניט געקוקט דערויף, וואָס ביי אַלע יידן איז דאָס געווען גערעכנט פאַר אַ חילול הקודש.

אַזוי אַרום זיינען ביסלעכוויז אָפּגענומען געוואָרן ביי די יידן אַלע זייערע בירגערליכע און פּאָליטישע רעכט און אַלע רעליגיעזע פּרייהייטן.

פּאָגראָמען אויף יידן.

אַז דער המון האָט דערזען, אַז די רעגירונג, דער געזעץ און די קירך זיינען קעגן די יידן, אַז קיינער נעמט זיך ניט אָן זייער קריוודע, איז ער דרייסט געוואָרן און האָט אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף די יידן, ראַבירן זייער האָב און גוטס, חרוב מאַכן זייערע בָּתֵּי־מִדְרָש און בתי־כנסיות און מאַכן הריגות ושחיטות. אַזוי איז געווען אין ביזאַנטיע, אין סיריע, אָבער באַזונדערס זיינען געפּייניגט געוואָרן די יידן אין ארץ־ישראל.

דער אויפשטאַנד פון די יידן אין אנטיוכיא.

די באַליידיגונגען, רדיפות און אָנפאַלן האָבן זעער אויפגעבראַכט די יידן און אָפט דערפירט זיי צו אויפשטאַנדן. איין מאָל איז אין אַנטיוכיא אויסגעבראָכן גאָר אַ גרויסער אויפשטאַנד פון די יידן, וואו זיי האָבן גובר געווען די גריכן און גענומען נקמה פון זיי, געטויט אַפילו זייער בישאָף, וואָס איז געווען דער אויפטוער פון אַלע העצעס און פּאָגראָמען. אָבער דער דאָזיגער אויפשטאַנד איז באַלד דערשטיקט געוואָרן. אַן אומגעהייערע צאָל יידן זיינען מיט גרויס אכזריות פּאַרטיליגט געוואָרן און מאַסן — אַרויסגעטריבן פון לאַנד.

אַן אויפגעשטראַלטע האָפענונג.

באַלד איז געקומען אַ מאָמענט, ווען די יידן האָבן געקאָנט אַרויסטרעטן קעגן זייערע שונאים אין אַ ברייטן פאַרנעם. ס'איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן פּערסיע און ביזאַנטיע. דער העלדישער פּערסישער קיניג כּוֹזְרָאִי II האָט אָפּגעהאַלטן גרויסע נצחונות איבערן ביזאַנטישן קיסר הערַאקליוס, פון אים אָפּגענומען אַ לאַנד נאָך אַ לאַנד, ביז ער איז געקומען צו די גרעניצן פון ארץ־ישראל. פאַר די יידן האָט אַ שיין געטאָן אַ האָפענונג אויף באַפרייאונג—און איבערן גאַנצן לאַנד האָט אַ שאַל געטאָן דער רוף: „פאַראייניגט זיך מיט די פּערסן, באַפרייט זיך פון דער ביזאַנטישער טיראַניע!“

בנימין פון טבריה.

אין גאַנץ גליל זיינען שנעל אָרגאַניזירט געוואָרן אומצייליגע אָפּטיילונגען יידישע קריגער. די נשמה פון דער באַוועגונג איז געווען דער איינפלוסרייכער עשיר בנימין פון

טבריה, וואָס האָט זיין גאַנץ פאַרמעגן געשטעלט אין רשות פונם באַפרייאונגס־קריג. און אָט מיט דער הילף פון די גוט באַוואָפנטע און באַגייסטערטע יידישע מחנות האָט כוזראי צעקלאַפּט דעם קערן פון הערַאקליוסעס אַרמיי און אין שטורים איינגענומען ירושלים (תקמ״ד נאָכן חורבן בית שני—614 נ. א. צ״ר). נאָכדעם האָבן זיי באַפרייט פון דער ביזאַנטישער אָקופּאַציע אויך גאַנץ ארץ ישראל.

### דער טרויעריגער סוף.

פערצן יאָר האָבן די פערסן געוועלטיגט איבער ארץ ישראל. די יידן האָבן געהאָפט אויף אַ פרייער ארץ ישראל, אָבער די פערסן האָבן געהאַט זייער אייגענעם אינטערעס, האָבן זיך באַצויגן צו זיי שלעכט און זיי באַלעסטיגט מיט שווערע שטייערס. זיינען די יידן צו זיי אָפּגעקילט געוואָרן. אונטער דער צייט זיינען אין פערסיע אויסגעבראָכן דינאַסטישע מהומות, כוזראי האָט אָנגע־וואָרן זיין טראָן און ביזאַנטיע האָט ווידער אויפגעהויבן איר קאָפּ. הערַאקליוס איז אַריין אין אַ געהיימען אָפּמאַך מיט די יידן, האָט זיי געגעבן גוטע הבטחות אויף להבא—און זיי האָבן אים געהאָלפן פאַרטרייבן די פערסן פון ארץ ישראל (628). לכתחילה האָט הערַאקליוס געמיינט מיט אַן אמת, אָבער אונטער דער השפעה פון די גייסטליכע האָט ער געבראָכן זיין וואָרט און גענומען פון די יידן אַ בלוטיגע נקמה פאַר זייער פאַרבינדן זיך מיט די פערסן. טאָג־טעגליכע בייזע גזירות און רדיפות, שטייער־אויספּרעסונגען, ראַבירונגען און סיסטע־מאַטיש־אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען האָבן פאַרוויסט די בליענדיגסטע שטעט פון גליל און פאַרוואַנדלט דעם פרוכטבאַרסטן טאָל פון יִזְרְעֶאל אין אַ מדבר. מאַסן יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין היילן און אין פעלזן־קלופטן און מאַסן זיינען אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער, באַזונדערס קיין מצרים.

### דער יאוש ניט אויף לאַנג.

דער יאוש צווישן דער שארית הפליטה פון ישראל אין זיין לאַנד איז געווען אומגעהייער. ניט לאַנג אָבער האָט געדויערט די ממשלה פון ביזאַנטיע אין ארץ־ישראל. באַלד זיינען געקומען די אַראַבער און אָפּגענומען די לענדער פון פאָדער־אַזיע הן ביי די פערסן הן ביי די ביזאַנטינער.

---

## ה. די יידן אין בבל אונטער די סאַסאַנידן.

**בבל — די צווייטע ארץ־ישראל.**

אין דער תקופה פון דער סאַסאַנידישער דינאַס־טיע אין פּערסיע איז בבל, וואָס איז געווען אַ פּער־סישע פּראָווינץ, ביסלעכווייז געוואָרן דער קולטור־צענטער פון גאַנץ תפוצות הגולה, וואָס האָט איבערגענומען די העגעמאָנישע ראָלע פון ארץ־ישראל, נאָכדעם ווי ס'איז דאָרטן אָפּגעשוואַכט געוואָרן די יידישע אווטאָנאָמיע. — דאָס לעבן פון די יידן אין בבל האָט זיך אויסגעצייכנט מיט רייכקייט און פאַרשיידנאַרטיקייט. ס'זיינען געווען גאַנצע געגנטן מיט אַ איבער־וועגנדיגער יידישער מערהייט, וואָס האָט געלעבט איר אייגנאַרטיגן לעבן און געשפּירט זיך פריי, ווי אין אַן אייגענעם לאַנד. מ'האָט דעריבער טאַקע גערופן בבל „די צווייטע ארץ־ישראל".

**די יידישע פּרנסות.**

די יידישע פּרנסות זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיג. די יידן האָבן זיך באַשעפטיגט דערהויפּט מיט לאַנד־ווירטשאַפט, גערטנעריי, מלאכה און פישפאַנג. אין די שטעט נהרדעא („ירושלים דבבל"), מחוזא, סורא און פומבדיתא האָבן זיך קאָנצענטרירט מאַסן יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אַלע צווייגן פון ווירטשאַפט. אַרום די שטעט האָבן זיך געצויגן ברייטע יידישע פעלדער, ווייגערטנער און פאַלמען־וועלדער, וואָס זיינען באַאַרבעט געוואָרן דורך די יידן גופא. אויף די לאָנקעס האָבן יידישע פאַסטעכער געפּיטערט זייערע סטאַדעס. אין די שטעט זיינען געווען יידישע וואַרשטאַטן און פאַבריקן, וואו עס פלעגן אויסגעאַרבעט ווערן פאַרשיידענע שטאָפן פון וואָל און פון פלאַקס; געווען אויך גאַרבערייען, פאַר־בערייען, מאָנאַייל־פאַבריקן און ווינקעלערס.

**דער האַנדל.**

אָפט פלעגן פאָרקומען גרויסע „ירידים", אויף וועלכע עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען סוחרים פון ווייטע לענדער מיט זייערע סחורות. זעער שטאַרק איז געווען אַנטוויקלט דער האַנדל מיט שקלאַפן און בהמות. יידישע סוחרים פלעגן בילדן קאַראַוואַנען און לאָזן זיך אויף האַנדל אין ווייטע מקומות. אויפן פרת, חדקל און נְהַר־מַלְכָּא פלעגט מען זען יידישע שיפן, געפירט פון יידישע מאַטראָסן.

**די רייכע און די אָרימע.**

די רייכע האָבן געוואוינט אין גרויסאַרטיגע פּאַלאַצן („אַפַּדְנִי"), אַרומגערינגלט מיט פיל שקלאַפן. די אָרימע האָבן געוואוינט אין קליינע הייזלעך, געבויטע פון ליים געמישט מיט וואַפנע און שטיינדלעך („אֻשִׁיתָא"). אין סופיט

איז געווען אן עפענונג, דורך וועלכע מען פלעגט זיך באקומען אויפן דאך. אויפן פלאכן דאך פלעגן געטאָן ווערן אלע ארבעטן. אנדערע פלעגן טאָן זייער ארבעט אויפן גאס פאר דער טיר.

**די סאָציאַלע באַציאונגען.** די פרוי האָט פארנומען א חשובן אָרט אין הויז. זי פלעגט ארבעטן גלייך מיטן מאן און באשעפטיגן זיך מיט זיינע פרנסות. די לאגע פון די שקלאַפן ביי יידן איז געווען א גוטע. מ'האָט ז'י ניט באליידיגט, ניט געשלאָגן און ניט געארבעט מיט זיי צופיל.— די יידן האָבן געלעבט זייער פריינדליך מיט זייערע שכנים ניט-יידן: אראבער, אַרַמעער און פערסן.

**די יידישע אַווטאָנאָמיע.** די יידן האָבן געהאַט א גוט איינגעאָרדנטע זעלבסטפארוואלטונג, וואָס האָט געזאָרגט פאר די נייטיגע הצטרכותן פון דער געזעלשאפט; אן אייגענעם געריכט, וואָס פלעגט משפטן לויט די יידישע געזעצן; באאמטע, וואָס פלעגן זאָרגן וועגן אָרדענונג, איינמאָנען שטייערן, אכטונג געבן אויף דער ריאעלקייט פון וואָג און מאָס. אין בית-הכנסת פלעגט מען מתפלל זיין און נעבן בית-הכנסת האָט זיך געפונען א בית-המדרש, וואו דער „חכם" פלעגט אָפט זאָגן א דרשה, וואָס א מתורגמן פלעגט דערקלערן פארן עולם. אויך פלעגט דאָרטן געלערנט ווערן מיט קליינע קינדער. דאָרטן איז אויך געווען א „הכנסת אורחים" פאר אָרימעלייט.

**דער רֵיש-גָלוּתָא.** בראש פון אלע יידן אין בבל איז געשטאנען דער ריש-גלותא, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאר איינעם פון די גרעסטע מלוכה-מענער.

דער ריש-גלותא פלעגט זיך פירן זעער רייך, האָט געוואוינט אין א רייכן פאלאץ, ארומגערינגלט מיט לוקסוס און פראַכט. אין גאס פלעגט ער געטראָגן ווערן פון זיינע דינער אין א גאָלדענער טראָג-בעטל (גוּהַרְקָא); די פרויען זיינע פלעגן אויך געטראָגן ווערן דורך דינער אין ספעציעלע טראָג-בעטלעך פאַר פרויען (אַלוּנְקִי). ביים ריש-גלותא אין שטוב האָט געהערשט די זעלביגע אָרדענונג, ווי ביי די גרויסע שרים אין פערסיע. בשעת עס פלעגט נתמַנה ווערן א נייער ראש-הגולה, פלעגט מען זיך נוהג זיין לויט דעם זעלבינן סדר, ווי די יידן פלעגן זיך אמאָל נוהג זיין אין ירושלים ביים קרוינען א מלך.

די פליכטן און רעכט פונם ריש־גלותא.

דער ריש=גלותא האָט גערארפט פארמיטלען אין אלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות צו דער צענטראלער מאכט; שיצן דעם פאָלק אויסערליך און זאָרגן ווען אָרדענונג אינערליך. ער האָט געהאַט די מאכט צו באשטייערן, באשטראָפן מיט געלט=קנס און אויך מיט לייב=שטראָף.

דער בית־דין פון ריש־גלותא.

ביי אים איז געווען א באזונדער בית=דין. די שופטים האָבן זיך גערופן „רַבָּנָן דְבֵי ריש גלותא". זיי פלעגן טראָגן ספעציעלע קליידער מיט אָרדענס פון ריש גלותא. נישט אלע מאָל איז מען געווען צופרידן פונם ריש גלותא מיט זיינע באאמטע, אָבער אלע האָבן געשפירט צו אים א גרויסע אכטונג, און אויף ימים טובים פלעגט מען קומען פון אלע עקן לאנד עולה=רגל=זיין צו אים.

די באַציאונג צום ריש־גלותא.

יעדע שטאָט פלעגט שיקן אירע שליחים (שליחי מצוה) באגריסן דעם ריש גלותא לכבוד יום=טוב. אויסערדעם פלעגן קומען נישט נאָר דעלעגאַטן. אי־בערהויפט פלעגט זיך אויפזאַמלען א גרויסע מאסע געסט אינם יום=טוב סוכות, ווען פון די פעלדער איז שוין געווען אלץ אראָפגענומען און עס איז געווען פרייליך אויפן הארצן.

דער ראש=הגולה האָט פארוואלטעט נישט נאָר מיט די יידן פון בבל אליין, נאָר אויך מיט די יידן פון דער גאַנצער פערסישער מלוכה.

די קולטורעלע לאַגע פון די יידן.

די קולטורעל=גייסטיגע לאגע פון די יידן איז געווען זייער א גוטע. אַ צוּרְבָה דְרַבָּנָן איז זעער געאכט געווען און יעדערער האָט געשטרעבט צו לערנען זיינע קינדער.

פונדעסטוועגן איז דער גרעסטער טייל פון די בבלישע יידן געווען פארגרעבט, איבערהויפט די פויערשע באפעלקערונג. נאָר די געזעצן, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן אין די גרויסע ישיבות סורא און פומבדיתא, זיינען אָנגענומען געוואָרן פון גאַנצן פאָלק. אלע זיינען געווען פאראייניגט אונטער איין געזעץ. און א דאַנק דעם פרייען זעלבשטענדיגן לעבן, האָט דער יידישער געזעץ זיך געקאָנט גאָרמאַל אַנטוויקלען, פונאַנדערצווייגן זיך און ארומנעמען אלע זייטן פון לעבן.

אין V יר״ה זיינען דורך רב אשי און רבינא צונויפגעזאמלט געוואָרן אַלע געזעצן, מנהגים, אַגדות, אמונות, פילאָסאָפישע מיינונגען א. אַ. וו. אין דעם גראַנדיעזן ווערק „תלמוד בבלי", וואָס איז געוואָרן דער יסוד פון יידישן לעבן ביז היום.

פאַנאַטישע רעליגיעזע באַוועגונג פון די מַאגיער.

אין זעלביגן V יר״ה האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען די לאַגע פון די יידן אין פּערסיע. אין דער צייט פון יעזדיגערד II (438—457) האָט זיך אין פּערסיע פאַרשטאַרקט דער גע־ראַנגל פון די רעליגיעזע קולטן און סעקטעס. ס'האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט דער מאַניכעאיזם (געגרינדעט דורך מאַני), אַ געמיש פון קריסטנטום און פאַרסיזם (צאַראַאַסטרס לערע וועגן דואַליזם און פייער־קולט). די מַאגיער, די פאָרשטייער פון דער הערשנדיגער רעליגיע (פון ריינעם פאַרסיזם), האָבן איינגעזעען פאַר איר אַ סכנה אין דער פּראָפּאַגאַנדע פון דער יהדות, קריסטנטום און מאַניכעאיזם און האָבן אויפגעהויבן אַ פאַנאַטישע באַוועגונג קעגן דידאָ־זיגע אַלע אמונות. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער רעגירונג און געווירקט, מען זאָל רודפן באַזונדערס די יידן, ווען זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייערע שאַרפסטע קעגנער.

גרויסע רדיפות און גזירות אויף יידן.

די רדיפות האַבן זיך פאַרגרעסערט אין דער צייט פון פירוז (459—486), וועלכן די יידן האָבן גערופן „רשע" (פירוז רשיעא). אין איספאַהאַן איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן מאַגיער און יידן. צוויי מאַגיער זיינען דערהרגעט געוואָרן. האָט פירוז געהייסן אויסהרגענען אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין איספאַהאַן און די יידישע קינ־דער האָט ער אַוועקגעגעבן אין פּערסישע טעמפּלען, אויפצוהאָדעוון זיי פאַרן פייער־קולט. אין בבל האָבן זיך אויך אָנגעהויבן גרויסע רדיפות. דעם ריש גלותא הונא מארי און עטליכע אמוראים האָט מען אַריינגעוואָרפן אין תפיסה און דערנאָך געטויט (468—474). לויט פירוז'עס באַפעל האָט מען פאַרמאַכט די יידישע שולן, פאַרבאָטן די עפענטליכע פאַרזאַמלונגען פון די ישיבות, אָפּ־געשאַפט דעם יידישן בית־דין און יידישע קינדער האָט מען מיט געוואַלד גע־צוואונגען אָנצונעמען די רעליגיע פון די מאַגיער. אַ סך יידן האָבן יעמאָלט עמיגרירט פון בבל קיין אַראַביע און אינדיע.

**מאַזדאַק — דער רעפאָרמאַטאָר פון פּארסיזם.**

אין דער צייט פון קיניג קאַבאַד (490 — 531) האָט זיך די לאַגע נאָך מער פאַרערגערט. צום רע־ליגיעזן גערעַנגל זיינען נאָך צוגעקומען סאָציאַל־עקאָנאָמישע עלעמענטן. עס האָט זיך באַוויזן אַ רע־פאָרמאַטאָר פון פּארסיזם, מ אַ ז ד א ק, וואָס האָט געפּריידיגט, אַז כדי די ליכטיקייט—הורמיז—זאָל גובר זיין די פינסטערניש—אחרימון,— מוז מען איינ־שטעלן פולקומע גלייכקייט צווישן די מענטשן; דאָס קאָן מקוים ווערן נאָר יעמאָלט, ווען מען וועט מבטל מאַכן פּריוואַט־אייגנטום און איינפירן שותפות פון אייגנס און אפילו פון פרויען.

**די סכנה פאַר די יידן.**

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע קאָמוניסטישע באַ־וועגונג. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישער בירגער־קריג, וואָס פון אים האָבן זעער פיל געליטן אויך די יידן. ס׳האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען, ס׳איז אונטערגעבראָכן געוואָרן דער יידישער עקאָנאָמישער וואוילשטאַנד און פאַר־טיליגט געוואָרן טויזנטער יידישע לעבנס. דער כבוד פון זייערע ווייבער און טעכטער זיינען נישט איינמאָל געשטאַנען אין סכנה מצד די צעלאָזענע מאַזדאַקיטן.

**דער אויפשטאַנד פון מר־זוטרא.**

צו יענער צייט, איז מען משער, איז פאָרגע־קומען דער אויפשטאַנד פון דעם ראש־הגולה מ ר ־ ז ו ט ר א. בראש פון א יידישער אָפּטיילונג מיליטער איז ער אָנגעפאַלן אויפן פערסישן גאַרניזאָן אין מחוזא, אים פאַרניכ־טעט און זיך ערקלערט פאַר אַן אומאָפּהענגיגן הערשער פון יענער פּראָווינץ. זיבן יאָר האָט געדויערט זיין ממשלה. נאָר צום סוף איז ער אַרייַנגעפאַלן אין די הענט פון דער פּערסישער רעגירונג. מ׳האָט אים פאַרמשפּט צום טויט און אויפגעהאַנגען ביים בריק פון מחוזא.

**די לאַגע פון די יידן פאַר די לעצטע סאַסאַנידן.**

די מאַזדאַקיטישע באַוועגונג האָט זיך אָבער לאַנג ניט געהאַלטן. פאַר כוזראי I (531—578) זיינען די יידן געקומען צו זיך, האָבן גענאָסן פון אַלע רעכט און פרייהייטן, נאָר אין דער צייט פון הורמיז VI איז ווידער געוואָרן זעער שלעכט. די ישיבות אין סורא און פומבדיתא זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. די אומצופרידענע יידן זיינען צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד, וואָס דער קריגס־אָנפירער באהראם האָט אויפגעהויבן קעגן זיין דעספּאָטישן קיניג. זיי האָבן אונטערגעהאַלטן באַהראַמען מיט חיל און געלט, און אַז ער

איז געוואָרן קיניג, האָט ער אומגעקערט די יידן אַלע זייערע פריערדיגע רעכט (589). דאַן איז ווידער געעפנט געוואָרן די ישיבה אין פומבדיתא. באַהראַם האָט אָבער לאַנג ניט געקיניגט. דער געזעצליכער יורש-עצר כּוזראַי II האָט מיט דער הילף פונם ביזאַנטישן קיסר מאַוריקיוס אים אַראָפּגעזעצט פון טראָן. די יידן זיינען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן פאַר זייער מיטהעלפן באַהראַמען. כּוזראַיס חיל האָט פּאַרטיליגט דעם גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקע-רונג אין מחוזא (590). אָבער שפּעטער-צו, ווען כּוזראַי II האָט זיך באַפעסטיגט אויפן טראָן, האָט ער אָפּגעשטעלט די רדיפות קעגן די יידן און האָט זיך אַרויסגעוויזן בכלל פאַר אַ גערעכטיגן הערשער. אין משך פון זיין 38-יאָריגער רעגירונג האָט ער די יידן ניט געדריקט און זיי האָבן רעסטאַווירט זייער נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע. אין סורא איז צוריק געעפנט געוואָרן די גרויסע יידישע אַקאַדעמיע (609). בעתן מאַרש פון כּוזראַי II קיין ארץ ישראל קעגן העראַק-ליוס-קיסר (614), ווי שוין דערציילט, האָבן די יידן אים געהאָלפן איינגעמען דאָס לאַנד, אין דער האָפענונג, אַז די פערסישע געוועלטיגונג וועט זיין אַ בעסערע ווי די ביזאַנטישע. אָבער די דינאַסטיע פון די סאַסאַנידן איז באַלד אונטער-געגאַנגען. נאָכן טויט פון כּוזראַי II (628) האָבן זיך קיין פערסיע אַריינגע-ריסן די קריגער פון איסלאַם און די גרויסע מעכטיגע סאַסאַנידישע מלוכה איז געוואָרן אַן אַראַבישע פּראָווינץ.

---

## ו. די יידן אונטער די ערשטע קאַליפן.

**אָמַאַר.** נאָכן טויט פון מחמד (632) האָבן די אַראַבער צעטראָגן זיין לערע אין אַלע זייטן, אין אַלע לענדער פון מערב-אַזיע און צפון-אַפריקע. מיטן קוראַן אין איין האַנט און מיטן שווערד אין דער אַנדערער האָבן זיי, לויט זיין צוואה, געשטורימט לענדער און פעלקער מיטן לאָזונג: „ניטאָ קיין גאָט חוץ אַללה — און מחמד איז זיין נביא!“ זיי האָבן ניט געהאַט קיין געניאַלע מאַרשאַלן און סטראַטעגן, אָבער זיי האָבן אומעטום אָפּ-געהאַלטן איבעראַשנדיגע נצחונות אַ דאַנק זייער יונגער, פרישער, געזונטער ענערגיע, עקזאַלטירטן גלויבן און איבערמעכטיגן ווילן. די ערשטע דריי קאַליפן (ממלאי-מקום פונם נביא): אַבו-בּכר, אָמאַר און אָסמאַן האָבן אין אַ קורצער צייט פון 24 יאָר געבראַכן די מאַכט פון דער סאַסאַנידישער אימפּעריע, פאַר-נומען כּמעט גאַנץ פערסיע, בבל און אָפּגענומען ביי ביזאַנטיע סיריע, ארץ ישראל און מצרים. באַזונדערס איז באַרימט געוואָרן דער צווייטער קאַליף

אָמאַר. יידן און שומרונים, וואָס האָבן געקרעכצט אונטערן דרוק פון ביזאַנטיע, האָבן באַגעגנט די אַראַבער ווי באַפרייער און געהאָלפן זיי איינגעמען דאָס לאַנד. אין אַ קורצער צייט איז איינגענומען געוואָרן קיסריא של ים. די רע־ווידענץ פונם רוימישן פּראָקוראַטאָר אין יהודה און גליל, אַ שטאָט, וואָס האָט, לויט די כראָניקעס־שרייבער פון יענער צייט, געהאַט אַ באַפעלקערונג פון זיבן הונדערט טויזנט קריגספעאיגע מאַנסבילן. נאָך אַ פיר־חדשימדיגער באַלעגערונג האָט ער איינגענומען אויך ירושלים (638) און אויפן אָרט פונם בית־המקדש האָט ער באַפוילן אויסצובויען אַ מעטשעט, וואָס האָט זיך גערופן אויף זיין נאָמען. פון יעמאָלט אָן איז ירושלים געוואָרן הייליג אויך ביי די מוסולמענער, וואָס האָבן זי גערופן „אַל קודֶש" (הייליגע שטאָט), אָבער די יידן, וואָס האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק זי געבויט, האָט אָמאַר, ווי מ'זאָגט, כלומרשט, לויט אַ ספּעציעלער פאָדערונג פונם אַרכיבישאָף סאָפראָניוס, ניט ערלויבט באַזעצן זיך דאָרטן. ס'איז דאָ אַ יש־אומרים, אַז אָמאַר האָט אַרויסגעטריבן פון טבריה די קריסטן און די יידן און דערהויפּט איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צום יידישן קולטור־צענטער אין גליל. אָמאַר האָט ענדגילטיג באַפעסטיגט דעם איסלאַם און געמאַכט אים פאַר דער הערשנדיגער רעליגיע. כדי אונטערצושיידן לרעה די צוויי „פעלקער פון שריפט" (די יידן און די קריסטן) פון די „רעכטגלויביגע", האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ריי גזירות: ס'זיינען באַגרעניצט געוואָרן די רעכט פון דער יידישער און קריסטליכער רעליגיע; ס'איז פאַרווערט געוואָרן צו בויען נייע שולן און פאַרריכטן אַלטע, צו זינגען בשעת התפילה, שטערן קרובים אריבערגיין צום איסלאַם, ווי אויך צו פאַרנעמען שטעלעס אין מיליטער און געריכט אָדער אין דער געזעלשאַפט, רייטן אויף אַ פערד; יידן און קריסטן האָבן געדאַרפט טראָגן אַנדערע מלבושים, צאָלן קאָפּ־שטייער און ערד־שטייער. דיראָזיגע אַלע באַגרעניצונגען זיינען אָבער אין דער פּראַקטיק ניט אָנגעווענדט געוואָרן. די מאַכט האָט זיך ווייניג וואָס געמישט אין אינעווייניגסטן לעבן פון די קהילות. זי האָט זיך צופרידן געשטעלט דערמיט, וואָס זי פלעגט קריגן צו דער צייט אַלע פאַרשיידענע מִסִים. — די מוסולמענישע פאַנאַטיקער האָבן גע־שטעלט די יידן נידעריגער פון זיך בנוגע דער רעליגיע, האָבן אָבער ניט דער־נידעריגט זייער כבוד אַלס מענטשן און בירגער. דעריבער האָבן די יידן פון ארץ ישראל, סיריע און מצרים געזעען אין די ערשטע מחמדאַנער זייערע באַפריי־ער פון דער ביזאַנטישער טיראַניע, באַזונדערס ביי די קאַליפן נאָך אָמאַרן, וועלכע האָבן ערלויבט די יידן צו באַזעצן זיך פריי אין גאַנץ ארץ ישראל, אויך אין בית לחם און ירושלים.

**דער עקאָנאָמישער מצב.**

אין עקאָנאָמישן לעבן פון די יידן זיינען ניט פאָרגעקומען קיין שום שינויים. לויט אָמאָרס באפעל איז געווען פאַרווערט די מוסולמענער זיך צו פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט אויסער די גרעניצן פון אַראַביע,— זיינען דעריבער אַלע יידן אין ארץ ישראל געבליבן ביי זייער ערד און לאַנדווירטשאַפטליכער באַשעפטיגונג.

**דער ראש־הגולה בוסתנאי.**

ביסלעכווייז איז דער ווילדער פאַנאַטיקער אָמאַר שטילער געוואָרן אין זיין האַס צו די מענטשן פון אַנדערע אמונות, באַזונדערס נאָך זיין נצחון איבער די סאַסאַנידן. די יידן און די נעסטאָריאַנער (אַ קריסטליכע סעקטע), וואָס זיינען גערודפט און געדריקט געוואָרן דורך די לעצטע פערסישע מלכים, האָבן געהאָלפן די אַראַבער אין זייער מלחמה קעגן די פערסן. האָט אָמאַר זיי אָפּגעדאַנקט דערפאַר און זיי געגעבן געוויסע פרייהייטן און רעכט אויף זעלבסט־פאַרוואַלטונג. ער האָט אין בבל צוריקאויפגעריכט די יידישע אַווטאָנאָמיע, וואָס די לעצטע סאַסאַנידן האָבן געהאַט אָפּגעשאַפט, און אָנערקענט פאַר אַ ריש־גלותא מַר בּוּסְתְּנָאִי בַּר חֲנִינָאִי, אַ מיטגליד פון דער פריערדיגער משפחה ראשי הגולה, וואָס האָט זיך מְתַיַּחֵס געווען צו דוד המלך. שפּעטער האָט איינער פון די קאַליפן געגעבן בוסתנאין פאַר אַ ווייב די שיינע קריגסגעפאַנגענע דאַרא, אַ טאָכטער פון כוזרו דעם לעצטן קיניג פון פרס און אַן אור־אור־אייניקל פון כּוֹרש דעם ערשטן.

**די לעגענדע וועגן מר בוסתנאי.**

וועגן בוסתנאין ווערט דערציילט אַ מערקוויר־דיגע לעגענדע: איינער פון די לעצטע פערסישע מלכים האָט באַפוילן צו פאַרטיליגן די גאַנצע משפחה פון די ראשי הגולה. דעם קיניגס גזירה איז אויסגעפירט געוואָרן און לעבן גע־בליבן איז נאָך בלויז די פרוי פון דעם דערהרגעטן ראש הגולה מר חנינאי, וועלכע איז אויך געווען פאַרמשפט צום טויט. איינמאָל ביינאַכט האָט דער קיניג געזען אַ חלום: ער שטייט אין אַ הערליכן פרדס און האַקט מיט אַ האַק אַלע שיינע ביימער פון גאָרטן. אָבער ווי נאָר ער האָט אויפגעהויבן די האַק אויך אויפן לעצטן יונגן צווייגעלע, האָט זיך פּלוצלינג פאַר זיינע אויגן באַוויזן אַ גרייז־גרויער מאַן און אים דערלאַנגט מיט אַ האַק אין געזיכט, ביז ס׳איז אַרויס פון אים בלוט. דאַן האָט דער קיניג אָנגעהויבן בעטן זיך ביים זקן, ער זאָל אים ניט טויטן, און האָט אים צוגעשוואָרן, אַז ער וועט ניט אָנרירן די לעצטע

פלאַנצונג און וועט זי היטן ווי דעם שוואַרצאַפּל פון אויג. אַז דער קיניג האָט זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי, האָט ער דערזען, אַז אויף זיין שטערן זיינען פאַרבליבן שפורן פון בלוט. איינער פון די יידישע געלערנטע האָט דעם קיניג פותר חלום געווען אין אַזאַ זין: דער פרדס — דאָס איז דודס משפחה, די פלאַנצונג — דאָס איז דאָס קינד, וואָס די אלמנה וועט געבאָרן, און דער גרייז — דאָס איז דוד בן ישי, וואָס וועט נקמה נעמען פון קיניג, אויב ער וועט פאַרטיליגן אויך דעם לעצטן צווייגעלע פון זיין הויז. דער קיניג איז דערשראָקן געוואָרן פונם באַשייד און האָט באַפוילן צו ברענגען אין זיין פּאַלאַץ די אלמנה פונם ראש הגולה און אָפּהיטן זי פון אַלדאָס בייז. און אַז זי האָט געבאָרן אַ זון, האָט אים דער קיניג אַ נאָמען געגעבן בוסתנאי צום אָנדענק פון דעם „בּוּסְתָּן" (גאָרטן), וואָס ער האָט געזעען אין חלום. דער יינגל איז געוואַקסן הן אין שיינקייט הן אין זיינע גרויסע ידיעות אין די לימודים פון דער תורה — צו דער פרייד פון זיין פאָלק.

און די לעגענדע איז מוסיף: אַז בוסתנאי איז אויסגעוואַקסן, האָט דער קיניג געוועלט זען אים און געהייסן ברענגען אים אין פּאַלאַץ. אַז בוסתנאי איז געשטאַנען פאַרן קיניג, האָט ער זיך ניט באַוועגט און ניט גערירט פון אָרט, און אפילו ווען אַ פליג איז אַרויף אויף זיין שטערן און האָט אים איינגעביסן ביז בלוט, האָט ער ניט אויפגעהויבן קיין האַנט זי אָפּצוטרייבן. אויפן קיניגס פראַגע: פאַרוואָס טרייבט ער ניט אָפּ די פליג, האָט בוסתנאי געענטפערט, אַז שטייענדיג פאַרן קיניג וויל ער ניט אויפהויבן ניט קיין האַנט ניט קיין פוס. דאָס איז דעם קיניג זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט אים געגעבן אַ רינג מיטן קיניגליכן שטעמפּל פאַר אַ מתנה און אויפן רינג איז געווען די געשטאַלט פון אַ פליג—צום אָנדענק.

וועגן די אויפטוען פון מר בוסתנאי, דעם ערשטן ראש הגולה פאַר דער צייט פון דער מחמדנישער הערשאַפט אין בבל, זיינען פאַרבליבן גאַנץ ווייניג ידיעות. ס'איז נאָר באַוואוסט, אַז ער איז געווען אַ צדיק און באַליבט ביים פאָלק, וואָס האָט וועגן אים אַ סך שיינע לעגענדן געשאַפן. אַפילו אין די שפּעטערדיגע דורות האָט מען פאַרערט זיין אָנדענק און פון ווייטע מקומות פלעגט מען קומען מתפּלל זיין ביי זיין קבר, וואָס איז געווען ניט ווייט פון פומבדיתא.

---

## ז. די תקופה פון די גאונים.

**עַלִי.** דער עקאָנאָמיש־פּאָליטישער און קולטורעלער מצב פונם יידישן ישוב אין בבל איז געוואָרן פעסטער און האָט דערגרייכט זיין אויפבלי אין דער צייט פונם פערטן קאַליף עַלִי (פון 656 ביז 660), דעם איידעם פון מחמד און זיין רעכטע האַנט אין אלע זיינע אויפטוען. דאַן זיינען אין דער לערע פון מחמד געוועז אויפגעקומען צוויי שיטות: פון שִׁיאִיטן (בעלי תורה שבכתב) און פון סוניטן (בעלי תורה שבעל פה). עַלִי איז געוועזן דער ראש פון די שיאיטן און מאַאוויאַ, פון דער משפחה אָמאַיאַ און אַ קרוב פונם דערמאָרדעטן דריטן קאַליף אָסמאַן,— דער פירער פון די סוניטן. עַלִי איז געוועזן אַ העלד, אַ חכם, אַ דענקער, אַ דיכטער, אַ בעל לב טוב און אַ נוח לבריות, אָבער ניט געקוקט אויף דאָס אלץ, האָט ער געהאַט אַ סך שונאים. ער האָט געזוכט בעלי־ברית, וואָס זאָלן אים שטיצן און העלפן, און אזויגע בעלי־ברית האָט ער באַקומען — די קריסטן־נעסטאָריאַנער און די יידן אין די לענדער פון פרת און חדקל.

**מר יצחק.** עַלִי איז געוועזן זעער דאַנקבאַר זיינע בעלי־ברית. נאָכן איינגעמען מיט דער הילף פון די נעסטאָריאַנער די שטאָט מאָסול (אנטקעגן נינוה) האָט ער זיי געגעבן רעכט אויף זעלבסטפאַרוואַלטונג אין גאַנץ ארם־נהרים, און פונקט אַזוי האָט ער באַלוינט אויך די יידן. אַז ער האָט באַלעגערט די שטאָט פירוז־שַׁבּור (אין בבל), וואָס האָט געהאַט אַ ניינציג־טויזנטיגע יידישע באַפעלקערונג, איז דער ראש־ישיבה מר יצחק, בראש פון אַ סך טויזנטער יידן, ארויס אים מקבל פּניט זיין, הייס אים באַגריסט און פאַר־זיכערט אין זייער געטריישאַפט. אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט האָט דער קאַליף באַשטעטיגט און פאַרזיכערט די אלטע יידישע אווטאָנאָמיע אין בבל און אויפגעהויבן דעם ראש ישיבה אויף איין מדרגה מיטן ריש־גלותא. פון יעמאָלט אָן איז דער ראש פון דער גרעסטער ישיבה אין בבל געשטאַנען אין איין ריי מיטן ראש הגולה אין דעם שפּיץ פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

**גָּאוֹן.** מיט דער באַנייאונג פון דער יידישער אווטאָנאָמיע האָבן זיך צוריק געעפנט די ישיבות אין בבל, וואָס זיינען געוועזן גע־שלאָסן פאַר דער גאַנצער צייט פון די אומאויפהערליכע מהומות און מלחמות. די גרעסטע ישיבות זיינען געוועזן אין סורא און פומבדיתא און האָבן געהייסן „ישיבות גְאוֹן יַעֲקֹב". נאָך דער דערהייבונג פון מר יצחק האָט

ער זיך גענומען רופן מיטן טיטול „גאון", פארקירצט פונם לאנגן טיטל „ראש ישיבת גאון יעקב".

## דער אנטאגאניזם צווישן די גאונים און די ראשי הגולה.

די גאונות איז געווען ניט בלאז א טיטל פון כבוד ווען, נאר האט אויך באטייט א רעליגיעז־קול־טורעלע פריווילעגיע און פאליטישע מאכט, וואס דער ריש־גלותא, דער פארקערפערער פון דער גאנצער נאציאנאל־פאליטישער אווטאנאמיע, האט ניט געטארט אנרירן. אזוי זיינען אין דער יידישער בבל אויפגעקומען צוויי מינים שררות, כמעט צוויי גלייכע אווי־טאנאמיעס, א רעליגיעזע און א וועלטליכע, וואס זיינען ניט פריי געווען פון קאנקורענץ און האבן ניט איינמאל געבראכט צו זעער אומגעוואונטשענע רע־זולטאטן. די ראשי הגולה האבן געוועלט איינהאלטן זייער כבוד ביים פאלק און אויך כלפי־חוץ, ווי א שארית הפליטה פונם כבוד פון בית דוד, האבן זיך פון צייט צו צייט געמישט אין די ענינים פון די ביידע ישיבות און ניט זעלטן אפילו אראפגעזעצט ראשי ישיבות און ארויפגעזעצט אנדערע אויף זייער ארט. דערפאר האט אין די ישיבות שטענדיג געהערשט א באהאלטענע שנאה צו די ראשי הגולה פון בוסתנאיס דינאסטיע. די אריסטאקראטישע שיכטן זיינען געווען אויפן צד פונם ריש־גלותא און די פאלקס־מאסן — אויפן צד פון די גאונים, וואס פלעגן אפט ארויסטרעטן קעגן דעם לוקסוס־לעבן פון דער משפחה פון די ראשי הגולה און קעגן די שווערע שטייערן, וואס יענע פלעגן אמאל ארויפלייגן אויפן פאלק. פון פופציג ביז זעכציג יאר האט צווישן דידאזיגע צוויי קעגנער געדויערט א פארביטערטער געראנגל, וואס האט זיך סוף כל סוף אויף א געוויסער צייט איינגעשטילט.

## דער גאון און דאס פאלק.

דער גאון פון סורא האט געהאט מער רעכט ווי דער גאון פון פומבדיתא. ער איז אייגנטליך גע־ווען דער גייסטיגער פירער פון די יידן. צו אים פלעגן זיך ווענדן יידן פון פארשיידענע לענדער מיט זייערע פראגן („שאלות") אין רעליגיעזע ענינים און אין שווערע אומפארשטענדליכע ערטער אין תלמוד, און זיינע ענטפערס („תשובות") זיינען הייליג אנגענומען געווארן ביי די יידן אין די ווייטסטע מדינות. די גאונים זיינען ס'רוב געווען אויך שופטים און דיינים. די השפעה פון די גאונים אויפן לעבן פון פאלק איז געווען גרעסער ווי די השפעה פון די ראשי הגולה.

**די תפילה „יקום פורקן״.**

די יידן אין אלע לענדער פון דער דיאַספּאָרע האָבן געקוקט אויפן ראש הגולה און אויפן גאון פון בבל ווי אויף אַ רעשט פון זייער אַמאָליגער זעלבּשטענדיקייט, ווי אויף אַ סימבאָל פון נאַציאָנאַלן קיום, און זייער הארץ איז געווען פול אינערליכער פרייד. אין די יידישע שולן אומעטום האָט מען מתפלל געווען פאַר דאָס לעבן און געזונט פון גאון און פונם ריש-גלותא, וואָס די יידן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ זון פון בֶּן־יִשַׁי און זיין וועלטליכע מאַכט איבער די יידן ווי אַ שאָטן פון דער ממשלה פון מלכי בית דוד. דערצו איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע תפילה „יקום פורקן מן שמיא״.

**די אַקאַדעמישע קאָלעגיע.**

נאָכדעם ווי ס'האָבן זיך געענדיגט די רעלי-גיעזע מלחמות און ס'האָט זיך אין פאָדער-אַזיע איינ-געשטעלט און באַפעסטיגט די מוסולמאַנישע מלוכה (אַראַבּישער קאַליפאַט) אונטער דער מאַכט פון די אָמאַיאַדן (דינאַסטיע פון מאָאַוויע, פון 661 ביז 750 נ. א. צ״ר), האָט זיך ענדגילטיג פאַרפעסטיגט אויך די יידישע זעלבּסטפאַרוואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען, ווי שוין דערמאָנט, פון צוויי מוסדות: פון די ראשי הגולה און פון די גאונים. דער ראש-הגולה האָט זיך באַשעפטיגט דער עיקר מיטן ענין שטייערן און בכלל מיט די ענינים פון דער פאָלקס-פאַרשטייערשאַפט כלפי חוץ. די אינעווייניגסטע ענינים פון די קהילות זיינען ביסלעכווייז אַריבער צו די גאונים. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָלעגיע, וואָס איז באַשטאַנען פון די צוויי גאונים פון סורא און פומבדיתא און פון די ראשי-ישיבות (געקליבענע פון די בני הישיבה) און אַנדערע אַקאַדעמישע מלומדים. דידאָזיגע אַקאַדעמישע קאָלעגיע איז געווען אַ מין סענאַט אָדער סנהדרין פאַר דער גאַנצער יידישער דיאַספּאָרע. די גאונים פלעגן ווערן גע-קליבן פון דער קאָלעגיע און באַשטעטיגט פונם ריש-גלותא. אין זייער טע-טיקייט זיינען אָבער די גאונים געווען פריי, נאָר דער גאון פון סורא האָט זיך גערעכנט העכער במעלה ווי דער גאון פון פומבדיתא, ווייל אין סורא איז גע-ווען די העכסטע אַקאַדעמיע פון רב אשי און נאָכדעם פון רבינא, וואו ס'איז אויפגעזאַמלט, צונויפגעשטעלט און געשלאָסן געוואָרן דער תלמוד בבלי. אויף אויסצוהאַלטן די גאונים און די אקאַדעמיעס זיינען געגאַנגען ספּעציעלע שטייערן פון די קהילות און פרייוויליגע נדבות פון די יידן פון דער גאַנצער וועלט.

## די גרויסע טעטיקייט פון די גאונים.

די גאונים זיינען געווען די דירעקטע ווייטערפירער פון דער ארבעט פון די אמוראים און סבוראים. די אמוראים פון בבל האָבן מיט זייער אנאליזירן און קאָמענטירן די משנה אויסגעארבעט דעם מאַטעריאַל פונם תלמוד; די רבנן סבוראי האָבן צוגעגרייט און פאַרשפרייט די תלמודישע מגלות, און די גאונים האָבן אריינגעפירט דעם תלמוד בבלי אין לעבן. אין סורא און פומבדיתא האָט איצט ווידער געקאָכט אן ענערגיש גייסטיג לעבן און ס'האָבן זיך ארויסגערוקט מעכטיגע וויסנשאַפטליכע אויטאָריטעטן. ארום די אַקאַדעמיעס האָבן זיך גרופירט די בעסטע וויסנשאַפטליכע כוחות און די פראַקטישע כלל־טוער. פון די ווייטסטע מדינות פלעגן קומען יידישע יונגעלייט שטודירן אין סורא. פונקט ווי אין די אַמאָליגע צייטן (III—V יר״ה), פלעגן זיך אויך איצטא (VII און VIII יר״ה) צוזאַמענקלייבן טויזנטער תלמידים אין די חדשים אדר און אלול (יַרְחֵי דְכַלָּה–חדשים פון פאַרזאַמלונגען), ווען זיי זיינען געווען פריי פון ערדאַרבעט, קיין סורא אָדער פומבדיתא, וואו ס'פלעגן פאַר זיי געלייענט ווערן לעקציעס (שיעורים). די תלמידים פלעגן אויסגעהאַלטן ווערן אויפן חשבון פון די קהילות. דער גאון איז געווען פאָרזיצער (אב בית דין). פאַר אים זיינען אין זיבן רייען געזעסן די מיטגלידער פון דער קאָלעגיע, צו צען אין אַ ריי, איטליכער אויף אַ באַשטימטן אָרט, לויט דער חשיבות פון זיין ראַנג. פון די וואָס זיינען געזעסן אין דער ערשטער ריי, האָבן זיבן געטראָגן דער ערן־טיטל „רֵישׁ־כַּלָּה" (אָנפירער פון דער פאַרזאַמלונג). אין די הינטערשטע רייען זיינען געזעסן די תלמידים. איינער פון די מלומדים פון דער ערשטער ריי פלעגט שטעלן אַ פראַגע פון דורכגעגאַנגענעם קורס, די פראַגע פלעגט באַטראַכט ווערן דורך די מיטגלידער פון דער ערשטער ריי און נאָכדעם פלעגט דער פאָרזיצער רעזיומירן די דעבאַטן און דערקלערן דעם ענין. אַן אַנדערשמאָל פלעגט דער גאון אליין שטעלן אַ פראַגע און דער ארויסגערופענער פלעגט מוזן ענטפערן. אין דער לעצטער וואָך פון „יַרְחָא דְכַלָּה" פלעגט פאָרקומען אַן עקזאַמען פונם דורכגעגאַנגענעם קורס, און ווער עס פלעגט דורכפאַלן, פלעגט באַקומען אַ שטרענגן אויסרייד פאַר פוילקייט, אָדער מ'פלעגט אים פאַרקלענערן די שטיצע. פאַרן שליסן דעם לערן־צוזאַמענפאָר פלעגט דער גאון אויפגעבן אַרבעט אויפן קומענדיגן זמן.

בעת דידאָזיגע זיצונגען פלעגן אויך באַטראַכט ווערן כל המינים פראַגן פון לעבן, וואָס פלעגן אָנקומען פון כל תפוצות ישראל. די „תשובות" (ענטפערס) פלעגן געזאַמלט ווערן אין אַ ספּעציעלן ספר

(„תשובות הגאונים״), וואָס פלעגט צעשיקט און פאַרשפּרייט ווערן אין אַלע יידישע קהילות.

**שולן פאַר קינדער.**

יעדער ייד איז געווען מחויב צו לערנען זיין זון. ווען אַ ייִנגל פלעגט אַלט ווערן זעקס יאָר, פלעגט דער פאָטער אים אַריינברענגען אין שול. די שול האָט זיך געפונען נעבן בית־הכּנסת. אין דער שול פלעגט דאָס קינד לערנען ביז בּר־מִצְוָה.

דער ציל פון דער שול איז געווען: אויסצולערנען דאָס קינד פאַרשטיין די תפילות; דערקלערן די כַּוָנות פון די מִצְווֹת הַמַעֲשִׂיוֹת, כּדי זיי מקיים צו זיין באַוואוסטזיניג; געבן אים ידיעות אין תנ״ך אין אַזאַ מאָס, אַז עס זאָל קענען פאַרשטיין די דרשה פונם „חכם״ אין בית הכּנסת; אויך צוצוגרייטן תלמידים צו דער העכערער תלמוד־שול.

פון שול פלעגן די קינדער געפירט ווערן אין בית־הכּנסת דאַווענען און הערן די דרשה.

די יידישע קהילה פלעגט זאָרגן וועגן דעם, אַז אַלע קינדער זאָלן קענען באַזוכן די שול. אויך פלעגט זי זיי באַזאָרגן מיט ספרים, וואָס עס האָט יעמאָלט געקאָסט זייער טייער. בלויז אין גאַנץ ווייטע, פאַרוואָרפענע דערפער זיינען קיין שולן ניט געווען.

מיידלעך פלעגן לערנען ניט מער ווי לייענען תפילות.

חוץ געזעלשאַפטליכע שולן, זיינען אויך געווען פריוואַטע. שפּעטער־צו האָט רַב הַאי גאון מַתּיר געווען אין די געזעלשאַפטליכע שולן, אויסער די לימודי־קודש, אויך אַראַביש און חשבון.

דאָס רוב קינדער, וואָס פלעגן ענדיגן די שול, פלעגן אַוועקגיין צו ערד־אַרבעט אָדער מלאכה, אָבער אַ סך פלעגן נאָכדעם אויך אָנקומען אין דער ישיבה, וואו זיי פלעגן אַפּריער דורכגיין די „תַּרְבִּיצָה״ (צוגרייטונגס־שול ביי דער ישיבה). פיל פון די, וואָס פלעגן ענדיגן די ישיבה, פלעגן באַקומען סמיכה אויף רַב אָדער דַיָן.

**די גאונים—גייסטיגע צונויפזאַמלער פונם צעשפּרייטן פאָלק.**

וואָס מער עס האָבן זיך פאַרברייטערט די גרענעצן פונם אַראַבישן קאַליפאַט, אַלץ לעבהאַפטער זיינען געוואָרן די באַציאונגען צווישן די פאַרשטייער פון די אַקאַדעמיעס אין בבל און די יידן פון די ווייטסטע מדינות. די גייסטיגע מאַכט פון די גאונים האָט זיך פאַר־

שפרייט אויף די יידישע קהילות פון פערסיע, ארץ ישראל, ביזאַנטיע, צפון־אפריקע און לעצטנס אויך שפּאַניע, וואו ס'האָט זיך פון VIII יר"ה אָן באַפעסטיגט די אַראַבישע ממשלה. פון אומעטום האָבן זיך געווענדט צו די גאונים נאָך דערקלערונגען פון רעליגיעזע און יורידישע פראַגן איינצלנע פּערזאָנען און גאַנצע קהילות. און אומעטום זיינען איינגעפירט געוואָרן אין לעבן די גאָרמעס פון תלמוד בבלי. וואָס ווייטער ס'האָט זיך פאַרשפּרייט דער איסלאַם און וואָס מער ס'האָט זיך פאַרגרעסערט די ממשלה פון די אַראַבער, אַלץ ווייטער האָט זיך פאַרשפּרייט דער תלמוד און אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין השפעה אויף די ווייטסטע יידישע קהילות פון אייראָפּע און אַפריקע. די גאונים האָבן געזעען ווייט: די „שֶׂה פְּזוּרָה יִשְׂרָאֵל" איז געבליבן אָן אַ טעריטאָריעלן באָדן, האָס זאָל איינהאַלטן די נאַציאָנאַלע איינהייט, — האָבן זיי דורך דער רעליגיע בכלל און דורך דער תלמודישער קולטור בפרט געזעען צו שאַפן פאַרן באָדנלאָזן פאָלק אַ גייסטיגע טעריטאָריע, און דאָס האָט זיך זיי אין אַלע פרטים גליקליך איינגעגעבן. זיי האָבן דערנעענטערט און גייסטיג צעמענטירט אַלע טיילן פונם צעזייטן און צעשפּרייטן פאָלק אין די ווייטסטע מדינות, געשאַפן אַ גייסטיגן קיבוץ־גליות, אַ גייסטיגע אומה.

**די צייט און די צאָל פון די גאונים.** די תקופה פון די גאונים האָט געדויערט אַן ערך פיר הונדערט יאָר, פון מיטן זיבעטן ביזן מיטן עלפטן יר"ה. פאַר דער צייט האָבן זיך אין סורא און פומבדיתא איבערגעביטן איבער דרייסיג פאַר גאונים, וואָס זיינען געשטאַנען בראש פוןביידע אַקאַדעמיעס. אַ סך פון זיי זיינען באַוואוסט בלויז מיט די נעמען, אָבער ס'זיינען צווישן זיי געווען ניט ווייניג מעכטיגע טאַלענטן און גרויסע טוער, וואָס האָבן איבערגעלאָזן גרויסע שפּורן אין דער יידישער יוריספּרודענץ, ליטעראַטור און וויסנשאַפט.

---

## ח. משיחישע באַוועגונגען ביי יידן און דמשקער קאַליפאַט.

**די אָמאַיאַדן און די יידן.** די קאַליפן פון דער אָמאַיאַדישער דינאַסטיע, וואָס האָבן פאַרלאָזן מעקאַ און באַזעצט זיך אין דער רייכער און קולטורעלער אוראַלטער דמשק, זיינען געווען פונקט אַזוי קריגעריש, ווי די ערשטע קאַליפן. זיי האָבן אונטערטעניג געמאַכט אַרמעניע און טורקעסטאַן, צוגעקומען צו קאַווקאַז, קאַספּישן און אַראַלער ים,

שנעל אנטוויקלט דעם האנדל אין פערסישן ים־אייננגוס און פֿאַרבונדן ענגע באַציאונגען מיט אינדיע. פון מצרים זיינען זייערע חיילות דורכגעגאַנגען גאַנץ צפון־אַפריקע ביז צום עקסטן מערב, באַזיגט די קריגערישע מאַוריטאַנישע שבטים און זיי מיט געוואַלד צוגעצויגן צום איסלאַם. פון אַפריקע זיינען זיי דורכן גיבראַלטאַר אריבער אויפן פירענעאישן האַלב־אינזל, לייכט און גיך צעקלאַפּט די וועסטגאָטן און זיך דאָרטן באַזעצט מיט אַ פעסטן פוס. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען אַן אומגעהייער גרויסע און מעכטיגע אַראַבישע אימפּעריע. דידאָזיגע אַלע מלחמות זיינען אָבער בכלל געווען ניט קיין רעליגיעזע, נאָר פּאָליטישע. די אָמאַיאַדן זיינען גרעסטנסטיילס געווען פריי פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון די ערשטע קאַליפן. מאַאוויאַ, יָזִיד I, עַבד־אול־מַלִיק, וַאלִיד און אַנדערע זיינען געווען וועלטליכע מושלים, וואָס האָבן זיך גערעכנט מער מיטן נוצן פון דער מלוכה ווי מיט די פאָדערונגען פון קאָראַן. זיי האָבן געזעען צו אַנטוויקלען אין קאַליפאַט אינדוסטריע און האַנדל, האָבן טייער געהאַלטן די וויסנשאַפט, געליבט פּאָעזיע און פון דער מלוכה־קאַסע געשטיצט מלומדים און דיכטער. דער קאַליף עַבד־אול־מַלִיק איז אַליין אַ דיכטער געווען. די יידן אין אַלע לענדער פונם קאַליפאַט האָבן פאַר די אָמאַיאַדן ניט געליטן קיין באַזונדערן דרוק און האָבן צוזאַמען מיט די אַראַבער געאַרבעט אויף אַלע געביטן פון מאַטעריעלער און גייסטיגער קולטור. בלויז אָמאַר II (717—720), וואָס איז געווען אונטער דער השפּעה פון די מוסולמענישע פאַנאַטיקער, האָט באַנייט די באַדריקנדיגע געזעצן פאַר די אַנדערש־גלויביגע. ער האָט געשריבן צו די סאַטראַפּן פון די מדינות: „מאַכט ניט חרוב ניט קיין קירכן, ניט קיין בָּתֵּי־כּנסיות, נאָר דערלויבט ניט צו בויען קיין נייע!“ ער האָט מעורר געווען, אַז אַנדערש מאָל אפילו געצוואונגען קריסטן און יידן אָנצונעמען דעם איסלאַם.

צוויי מינים יהדות.

די גאונים פון בבל האָבן איינגעזעען, אַז ס'איז געקומען די צייט פון מלכות ישמעאל אויף דער וועלט, אַז די גאולה פון ישראל רוקט זיך אָפּ אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, און זיי האָבן געדרשנט דעם פסוק פון ישעיהו: „לֵךְ, עַמִּי, בֹּא בַחֲדָרֶיךָ וּסְגֹר דְּלָתְךָ בַּעֲדֶךָ, חֲבִי כִמְעַט רֶגַע עַד יַעֲבָר זָעַם“ אין דעם זין, אַז מ'מוז איבערוואַרטן די פון גאָט באַשטימטע צייט פון גלות און פּורעניות און מ'טאָר ניט דוחק זיין דעם קץ, דען דערזעלביגער נביא האָט געזאָגט אין גאָטס נאָמען: — „בְּעִתָּהּ“ — ווען די יידן ניט ווערט זיין, וועל איך

(גאָט) שיקן משיח דעם דערלייזער אין דער באַשטימטער צייט; ווען אָבער די יידן יע ווערט זיין, דאַן — „אַחִישֶׁנָּה״ — וועל איך אים צואײַלן. דערווייל אָבער, „ביז דער צאָרן וועט אַריבער״, מוז מען זיין רואיג אין די לענדער פונם גלות, בעטן פאַרן שלום פונם לאַנד, וואָס האָט דיך צוגעטוליעט, דען דער נביא ירמיהו האָט פאַרזאָגט: „וְדִרְשׁוּ אֶת שְׁלוֹם הָעִיר אֲשֶׁר הִגְלֵיתִי אֶתְכֶם שָׁמָּה כִּי בִשְׁלוֹמָהּ יִהְיֶה לָכֶם שָׁלוֹם״. אונטער דער צייט מוז מען זיך צוגרייטן צו משיח דורך תורה, מצוות און מעשים טובים לויט דער לערע פון תלמוד, וואָס באַזירט אין אַלע פרטים אויף די כתבי הקודש און איז זייער אייגנטליכע אויסטייטשונג. ערשט נאָך דער אויסלייטערונג דורכן גלות און דער דאָזיגער צוגרייטונג וועט דאָס יידישע פאָלק ווערט זיין און גאָט וועט שיקן דעם גואל.

אזוי האָבן געלערנט די גאונים און אָפּגעגעבן אַלע כוחות אריינצובריינגען דעם תלמוד בבלי אין הארץ און אין לעבן פון אַלע יידן. דאָס איז אָבער אָנגעקומען ניט אָן מניעות.

די יידן פון בבל האָבן ניט געשפּירט די גדרים און סייגים, וואָס דער תלמוד האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט, ווייל ער איז געווען „אַ ביין פון זייער ביין און פלייש פון זייער פלייש״, פון זיי איז ער אַרויסגעקומען און האָט מיט אַלץ געשטימט צו זייער שטייגער לעבן, צו זייער דענקען און פילן. די יידן פון אייראָפּע און אַפריקע זיינען יעמאָלט נאָך געווען פאַרגרעבט און אומוויסנד, האָבן ביי זיך גוט געוואוסט, אַז זיי זיינען ניט צוגעגרייט און ניט מסוגל צו פסקנען שאלות פון אמונה און פראַקטישן דת, — האָבן זיי אָנגענומען די אָנווייזונגען פון די גאונים און זייערע רייד זיינען געווען פאַר זיי אַ ריכט־ליניע אין אַלע וועגן פון זייער לעבן, און ס'איז זיי גאָר אויפן זינען ניט אַרויף נאָכצוטראַכטן נאָך זייערע רביים און פרעגן, צי זייערע פסק־דינים שטימען מיט דער תורה שבכתב, צי ניין. ניט אַזוי איז אָבער געווען די באַציאונג פון אַ טייל אַראַבישע יידן פון די שבטים בני־קַינוּקַאַא, בני־נַדיר און בני־חבור, וואָס זיינען נאָך מחמדס נצחונות איבער זיי אַנטלאָפן פון אַראַביע און באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל, סוריה און בבל. זיי זיינען, פונקט ווי די אַראַבער, געוויינט געווען צו אַ פרייען לעבן, אָן שום באַזונדערע צוימען, אויך שטענדיג צו טראָגן כלי־זיין און אָנטפערן אויף יעדער באַליידיגונג. די דאָזיגע יידן האָבן פאַרהייליגט די יהדות, זיינען פאַר איר געגאַנגען אויף קידוש השם, אָפּגעגעבן פאַר איר זייער פרייהייט, וואָס איז זיי געווען טייערער פון זייער לעבן; פאַר איר האָבן זיי פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס איז זיי געווען אַ פאָטער־

לאַנד אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטן, זיינען בייגעשטאַנען דעם נסיון און ניט געלאָזט זיך איבעררייסן פון מחמדן אָנצונעמען דעם איסלאַם. אָבער ביי די ספּעציעלע באַדינגונגען פון זייער שטייגער לעבן האָט זייער יהדות אין דעם אופן פון מקיים זיין די מצוות המעשיות אָנגענומען אַן אַנדער געשטאַלט, אַ גאַנץ באַזונדערע פון דער בבלישער, תלמודישער, יהדות, וואָס איז אָנגע־נומען געוואָרן אין דער אַקאַדעמישער קאָלעגיע פון די צוויי העכסטע ישיבות. אַ טיפער תהום איז געווען צווישן די דאָזיגע צוויי מינים יהדות. האָבן די אַראַ־בישע יידן אָן חשק אָנגענומען דעם תלמוד פון בבל.

אין דערזעלביגער צייט איז די אַראַבישע יידן אויסגעקומען מער ווי אַלע זייערע ברידער אין די מזרח־לענדער צו פירן ויכוחים מיט די מוסולמענער וועגן דעם, צי די תורה פון ישראל איז אַ נצחית און זי וועט ניט געענדערט און אומגעביטן ווערן אינם ביַיט און אין שטורים פון די צייטן, אָדער, ווי עס זאָגן די קריסטן און די מוסולמענער, עס זיינען נאָך דער געטליכער אַנטפּלעקונג אויפן באַרג סיני אויפגעשטאַנען אַנדערע נביאים און האָבן מבטל געווען תורת משה. כדי צו קענען ענטפערן די קעגנער, האָבן זיך די דאָזיגע יידן פאַרטיפט אין תנ״ך. דער געדאַנק, אַז אָן דער תורה שבעל פה קען ניט האָבן קיין קיום די תורה שבכתב, איז אָנגענומען און באַ־שטעטיגט געוואָרן ביי די, וואָס האָבן מיט גרויס ענערגיע און התמדה שטודירט ביידע תורות. צו אַזאַ מדרגה פון פאַרטיפן זיך אין ביידע תורות האָבן יעמאָלט די אַראַבישע יידן נאָך ניט דערגרייכט.

פונקט אַזאַ איז געווען די באַציאונג צום תלמוד אויך פון די יידן אין מזרח־פּערסיע, וואָס האָבן אויך געלעבט פריי, ווי די בעדואינען פון מדבר.

אַזוי איז אין אָנהייב VIII יר״ה אין ארץ־ישראל, סיריע, בבל און באַ־זונדערס אין פּערסיע אויפגעקומען אַ באַוועגונג קעגן דער פּאַרוויקלטער סיס־טעם פון די תלמודישע געזעצן און מנהגים. ס׳האָבן זיך גענומען הערן שטימען, אַז מ׳איז מחויב אָפּצוהיטן בלויז די מצוות און געזעצן פון תורת משה און די אוראַלטע מסורות, אָבער ניט די מצוות און דינים פון דער תורה שבעל פה, וואָס זיינען שפּעטער צוגעגעבן געוואָרן. דידאָזיגע נייע לערע איז געווען ענליך אויף דער לערע פון די אוראַלטע צדוקים.

אַן ענליכע באַוועגונג איז שוין לאַנג פאַרגעקומען אויך אין דער מוסול־מענישער וועלט (פון די שיאיטן קעגן די סוניטן) און האָט אין אַ גרויסן טייל געהאַט אַ השפעה אויך אויף די יידן.

## די בענקשאַפט נאָך דער גאולה.

די קענגער פון תלמוד האָבן געהאַלטן, אז ער איז א פּראָדוקט פון גלות. די צוקינפטיגע אויפגעלעבטע יידישע מלוכה אין ארץ ישראל דורך משיח וועט ניט וויסן פון דער שווערער משא פון „מונדליכער תורה".

די צייט איז געווען זעער א שווערע פאַר די יידן פון די מזרח-לענדער. אויפן טראָן אין דמשק איז געזעסן אָמאַר II (717—720), וואָס האָט מבטל געמאכט אלע געזעצן פון טאָלעראַנץ און גערעכטיקייט פון די פריערדיגע קאַליפן און האָט גערודפט אלע ניט-מוסולמענער. אויסגעפּרעסט פון זיי שווערע שטייערס. די יידן זיינען געווען זעער נידערגעשלאָגן און האָבן ליידנשאַפטליך געגלוסט א ישועה און געדאַרשט נאָך דער גאולה. דידאָזיגע שטימונג איז אויסגעדריקט אין די האַרציג-שיינע תפילות פון יעמאָלטיגן ערשטן פּייטן יוסי בן יוסי היָתום, וואָס האָט געלעבט אין ארץ ישראל:

| | |
|---|---|
| בַּקְּרֵנִי, דָּרְשֵׁנִי! | (באזוך מיך און פאָרש מיך) |
| שֶׂה פְּזוּרָה אָנִי, | כ׳בין לאַם א פאַרבלאָנקעטער, |
| נִגְזַרְתִּי, נֶאֱלַמְתִּי | געשאָרן-פאַרשטומטער, |
| בְּלִי לְהָרִים קוֹל... | ניט צו הייבן קיין שטים... |
| פְּקוֹד צִפּוֹר בַּיִת, | דערמאָן ס׳פייגעלע היימיש, |
| דְּרוֹשׁ יוֹנַת אֵלֶם! | פאָרש ס׳טייבל דאָס שטומע! |
| תְּקַע לָמוֹ בַּשּׁוֹפָר | בלאָז זיי אין שופר |
| וּשְׁרוֹק לָמוֹ בְּקוֹל... | און רוף זיי מיט שטים... |

(איבערז. א. י. ג—דט)

דער דיכטער האָט געחלומט א וואונדערליכן חלום פון אויפלעבונג און באַנייאונג. ווען ס׳וועט ניט זיין מער קיין טיראַנישע מאַכט.

| | |
|---|---|
| רֶגֶשׁ מִקֶּבֶר, | (געפיל פונם קבר, |
| צְוָחָה מִסֶּלַע, | געשריי פונם פעלזן, |
| בְּתֵת יְבֵשֵׁי עֶצֶם | ווען פון טרוקענע ביינער |
| מֵעָפָר–קוֹל! | ט׳זיך הערן א שטים! |
| רְאוּ נֵס בֶּהָרִים | זעט—פאַן אויף די בערגער, |
| וְקוֹל שׁוֹפָר בָּאָרֶץ | אין לאַנד—שטים פון שופר |
| לְהַשְׁמִיעַ רֶנֶן | געזאַנג אויפצוהייבן |
| מִדְּמוּמֵי קוֹל! | פון שווייגערשער שטים! |

(איבערז. ג—דט)

**שָׁרִינִי**: אין דער צייט (720) האָט זיך אין סיריע באַוויזן אַ מענטש, שריני, וואָס האָט זיך אַרויסגעגעבן פאַר משיח און צוגעזאָגט אומצוקערן די יידן דאָס הייליגע לאַנד, נאָכדעם ווי ער וועט אַרויסטרייבן אַלע מחמדאַנער. ס'זיינען צו אים צוגעשטאַנען אַ סך יידן, אפילו פון דער ווייטער שפּאַניע, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט פאַר דעם אַריבער צו די אַראַבער. אַ סך האָבן געוואָרפן זייער פאַרמעגן און זיינען אַוועק צום געמיינטן באַפרייער. אַ חוץ דער פּאָליטישער באַפרייאונג, האָט שריני אָנגע־שריבן אויף זיין פאָן אויך די אָפּשאַפונג פון די תּלמודישע הויפּט־געזעצן. ער האָט מבטל געמאַכט די איינגעשטעלטע תּפילות, דעם יום־טוב שני של גלויות, דערלאָזט חתונות ניט לויט די תיקונים פון די חכמי התלמוד, עובר געווען אויף די דינים פון טרפות, יין נסך און אַנדערע איסורים. אָבער די אַגיטאַציע פון שריני איז באַלד אָפּגעשטעלט געוואָרן: מ'האָט אים געכאַפּט און געבראַכט צום קאַליף יֶזִיד, וואָס האָט געקיניגט נאָך אָמאַר II. שריני האָט זיך געהאַלטן ניט מיט ווערדע, האָט דער קאַליף אים איבערגעגעבן צו דער יידישער מאַכט אים צו באַשטראָפן. אַ סך אָנהענגער פונם פאַלשן משיח האָבן עפנטליך אויס־געדריקט חרטה אויף זייער אָפּטרעטן פון די תּלמודישע געזעצן און זיינען צוריק אָנגענומען געוואָרן אין די יידישע קהילות אין סיריע, פון וועלכע זיי האָבן זיך געהאַט פריער אָפּגעטיילט. אָבער אַנדערע פון שריניס תלמידים זיינען געווען עקשנותדיג אין זייער פירונג און זיינען דערגאַנגען אפילו אַזוי וויט, אַז זיי האָבן עובר געווען אויף וויכטיגע ביבלישע געזעצן.

**אַבּוּ־עִיסִי**. אין די צייטן פונם קאַליף מֶרוַאַן II, דעם לעצטן פון די אָמאַיאַדן, האָט זיך אין גאַנצן קאַליפאַט צעפלאַקערט אַ פייער פון מרידה קעגן דער אָמאַיאַדישער דינאַסטיע. ס'איז אויך אויסגעבראָכן אַ בירגער־קריג צווישן די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך געריסן פאַרן טראָן, און אַ חורבן איז געוואָרן אין אַלע מדינות פון דער מלוכה. און אין דער צייט פון אָט דער מהומה האָט זיך ווידער אויפגעהויבן אַ משיחישע באַוועגונג ביי יידן און באַלד איז געקומען אויך דער טרעגער פון איר פאָן. אינם קרייז פון איספאַהאַן אין פּערסיע האָט זיך באַוויזן אַ מערקווירדיגער מאַן, יצחק־עובדיה בן יעקב, וואָס איז געווען מער באַוואוסט מיטן נאָמען אַבּו־עיסי אַלאִסְפַּהַאנִי. ער האָט פאַרשטאַנען די כתבי הקודש, געוואוסט משנה און תלמוד און געקענט איבער־געבן זיינע רעיונות אין דער יעמאָלטיגער ליטעראַרישער שפּראַך. אים האָט געטראָפן אַ נס: ער איז געווען אַ מצורע און איינמאָל איז ער אויפגעשטאַנען

אינדערפרי אַ פרישער—אַ געזונטער. דאָס איז פאַר אים געווען אַ צייכן, אַז ער איז באַרופן פון גאָט צו זיין אַ נביא פאַר זיין פאָלק. ער האָט אָבער ניט געזאָגט, אַז ער איז דער געהאָפטער גואל משיח בן דוד, נאָר אַ שליח און אָנזאָגער, אַז דער טאָג פון דער גאולה איז נאָענט און אַז ער איז דער מענטש, וואָס איז באַשטימט פון דער השגחה עליונה אָפצוראַמען דעם וועג פאַרן מלך המשיח. ער פלעגט זאָגן: פינף משיחים דאַרפן אויפשטיין ביי ישראל, וואָס דאַרפן אָנזאָגן די גאולה, און יעדער שפּעטערער אין צייט איז גרעסער במעלה. ער אָבער—אבו-עיסי— איז דער לעצטער פון די מבשרים און גרעסער פון די פיר פאָרגענגער זיינע, בכן איז ער גלייך במעלה צו משיח.

אבו-עיסי איז געווען אַן ערליכער, ריינער מענטש, אַ באַגייסטערטער אידעאַליסט און האָט געגלויבט באמונה שלמה אין זיין דערהייבענער שליחות אויף דער וועלט, אַז אויף אים איז געווען גאָטס האַנט צו באַשטימען אים פאַרן גואל פון ישראל און ער וועט צעקלאַפּן אַלע זיינע שונאים און אים אויסלייזן פון אַלע זיינע צרות. און ער האָט געהאַלטן, אַז די גאולה פון ישראל וועט קומען ניט בלויז בדרך פלא, נאָר אויך מיטן כוח פון מלחמה. ער האָט דערקלערט די תורה אַנדערש ווי ס'איז געווען אָנגענומען על פּי התלמוד, נאָר ער האָט ניט אויפגעוויזן קיין טעם און וועלכע זיינען די עיקרדיגע דינים פון דער יהדות. ער האָט אָנגעשריבן די יסודות פון זיין לערע אין אַ ספר, אָבער עס איז מיט דער צייט יאָרן פאַרלאָרן געגאַנגען. ס'זיינען נאָר באַוואוסט אייניגע פּרטים, דהיינו: ער האָט אינגאַנצן געאַסרט גטין; האָט געהאַלטן דעם אָנגענומענעם סדר פון שמונה עשרה, אָבער לויט זיין מיינונג איז מען חייב צו דאַווענען זיבן מאָל אין טאָג, ווייל ער איז זיך סומך אויפן פסוק: „שבע ביום הללתיך". דערפאַר האָט ער ניט אָפּגעטראָטן פונם אָנגענומענעם חשבון העבור און פונם סדר פון די איינגעשטעלטע חדשים און ימים-טובים. ער האָט געאַסרט צו עסן פלייש און טרינקען וויין כל זמן די יידן געפינען זיך אין גלות. די מצוות פון קדשים און קרבנות האָט ער לגמרי בטל געמאַכט.

ער האָט דערוואָרבן אַ מחנה פון צען טויזנט אָנהענגער און האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן קעגן די באַדריקער פון זיין פאָלק אין אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. כל זמן עס האָט געדויערט די דינאַסטישע מלחמה, האָט זיך אבו-עיסי געהאַלטן, אָבער נאָכדעם ווי אבאַס האָט באַזיגט די אָמאַיאַדן, האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו אבו-עיסי און זיין מחנה. די יידן האָבן זיך געשלאָגן מיט אַ איבערמענטשליכער גבורה קעגן די חיילות פונם נייעם קאַליף, און די פאַרערער פון אבו-עיסי האָבן דערציילט נסים ונפלאות, וואָס זיינען געשען מיט זייער גבור אין דערדאָזיגער מלחמה. אבו-עיסי האָט מיט צווייגן געמאַכט

א עיגול אַרום זיין מחנה און האָט פּאַרזיכערט זיינע לייט, אַז כל זמן זיי וועלן ניט אַרויס פון קרייז, וועלן די שונאים זיי ניט בייקומען; אָבער ער אַליין איז אַרויס פון קרייז און האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אין מלחמה־שטורים אויפן פיינד, אָנגעמאַכט פּאַרוויסטונגען אין זיינע רייען און צולעצט איז ער אויך געפאַלן פון זייער שווערד און איז געשטאָרבן (755). זיין חיל איז צעזייט געוואָרן אין אַלע זייטן, אָבער א סך זיינען אויך נאָכדעם געבליבן געטריי זיין לערע, טייער געהאַלטן זיין אָנדענק ווי אַ קדוש און אַ צדיק, און האָבן פּאַרזיכערט, אַז ער איז ניט אומגעקומען, נאָר באַהאַלט זיך אין די בערג אין א הייל, כדי מיט דער צייט ווידער צו אַנטפּלעקן זיך פאַר דער באַפרייאונג פונם פאָלק. זיינע אָנהענגער האָבן אין איספּאַהאַן געגרינדעט אַ סעקטע מיטן נאָמען אַבו־עִיסִיִּים. זיי האָבן אָפּגעהיט אייניגע מצוות און געזעצן פון תלמוד, אָבער אַ סך זאַכן פון אים האָבן זיי ניט אָנערקענט. דאָס איז געווען די ערשטע רעליגיעזע סעקטע זינט די יידן האָבן אָנגעוואָרן זייער אומאָפּהענגיקייט און זי האָט זיך געהאַלטן עטליכע הונדערט יאָר.

---

## ט. די קָרָאִים.

**דער בַּאגדאַדער קאַליפאַט און די יידן.**

נאָכדעם ווי די פרידליכע דינאַסטיע פון די אַבאַסידן האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די קריגעריש אָמאַיאַדן, האָט דער קאַליף אַלמַאנזאָר אין 754 אַריבערגעטראָגן די רעזידענץ פון דמשק קיין באַגדאַד און דער קאַליפאַט האָט זיך גענומען רופן באַגדאַדער. דער יידישער אַקאַדעמישער צענטער פּומבדיתא האָט זיך געפונען עטליכע מייל פון באַגדאַד. אין באַגדאַד גופא האָט זיך געבילדעט אַ חשובע יידישע קהילה, וואָס אירע פאָרשטייער האָבן געשפּילט אַ ראָלע פון פאַרמיטלער צווישן די פּראָווינציעלע קהילות און דער רעגירונג פונם קאַליפאַט. די בירגערליכע לאַגע פון די יידן אין באַגדאַדער קאַליפאַט איז בכלל געווען בעסער איידער אין די לענדער פון מזרח־ און מערב־אייראָפּע. אַן אַנדערשמאָל בלויז פּלעגט זיי אויסקומען צו ליידן פונם מוסולמענישן פאַנאַטיזם און פון דער הפקרות פון די מושלים. א גאַנץ הויכע קולטור האָט זיך דאָ פאַראייניגט מיט זעלבסטהערשאַפט פון דער רעגירונג, און אויפן טראָן זיינען ניט איינמאָל געזעסן „געבילדעטע דעספּאָטן". דער באַרימטער האַרון־אַל־ראַשיד (786—809) האָט באַנייט אָמאַרס גזירות קעגן די מענטשן פון אַנדערע אמונות. דער מצב האָט זיך פאַרבעסערט

פאַרן קאַליף אל-מאַמון (813—833), דעם שיצער פון דער פריידענקערישער מוסולמענישער פאַרטיי. אין דער דאָזיקער תקופה פון אויפבלי פון דער אראַבישער קולטור האָבן די יידן זיך פאַרברידערט מיט די אראַבער אויפן געביט פון וויסנשאַפטן און קונסט. די יידן זיינען פאַרכאַפט געוואָרן פון דער אַלגעמיינער גייסטיגער באַוועגונג אין באַגדאַדער קאַליפאַט. זיי האָבן ארויסגעגעבן פון זיך אויסגעצייכנטע דאָקטוירים, מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָמען. דאָ איז פאָרגעקומען אַ קעגנזייטיגע קולטורעלע השפעה: פון די יידן אויף די אראַבער און פון די אראַבער אויף די־ יידן. אין די מאַסן פוןביידע פעלקער איז קיין קעגנזייטיקע שנאה ניט געווען. די רעכטליכע לאַגע פון די יידן אין די פאַרשיידענע פראָווינצן פונם קאַליפאַט איז בכלל רעגולירט געוואָרן מער דורך די אָרטיגע באַציאונגען און מנהגים איידער דורך פאַראָרדענונגען פון דער צענטראַלער רעגירונג. צוליב דעם האָבן קיין גאַנץ גרויסע באַדייטונג ניט געהאַט די ערשיינונגען פון נאַציאָנאַלער שנאה פון די רעגירנדיגע ספערן אין צייטן, ווען די טעאָקראַטישע עלעמענטן פון איסלאַם פלעגן פאַרנעמען די אייבערמאַכט אין דער מלוכה.

אין די רואיגע צייטן פון באַגדאַדער קאַליפאַט האָבן די יידן דאָרטן געקענט רואיג אַנטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע קולטור, שטודירן אירע גייסטיגע שאַפונגען פון די פאַרגאַנגענע דורות.

**תורה שבכתב און תורה שבעל פה.**

ביי יעדן פאָלק איז דאָ אַ געשריבענע ליטעראַטור און אַ מונדליכע. היסטאָריש איז די מונדליכע ליטעראַטור עלטער פאַר דער שריפטליכער. געוויינליך ווערט די שריפטליכע ליטעראַטור פאַרהייליגט און הערשט איבער דער מונדליכער, כאָטש די מונדליכע לעבט אין פלייש און בלוט פון פאָלק, איז אַ עצם מעצמו, און די שריפטליכע—אין די מוחות פון די אַנטוויקלטערע שיכטן זיינען. ווען די מונדליכע ליטעראַטור ווערט פאַרשריבן ווי אַ נויטווענדיגע הוספה און פירוש צו דער שריפטליכער, ווערט זי אויך פאַרהייליגט. אַזוי ווערט די תורה שבכתב אין משך פון דורות באַוואַקסן מיט אַן אומגעהייערער מאַסע, אין וועלכער ס'פאַרשווינדט אָפט דער קערן. די פלייצעס פון פאָלק הייבט אָן דריקן אַ צו שווערע מאַסע פונם עבר, און ס'הייבט זיך אָן אַ געראַנגל צווישן צוויי תורות.

אַזוי איז געווען ביי די אראַבער (דער שטורימדיגער געראַנגל צווישן די שיאיטן און סוניטן), אַזוי איז אויך געווען ביי די יידן.

פון גאַנץ אַלטע צייטן האָבן עקסיסטירט ביי יידן צוויי מיינונגען וועגן דער תורה שבכתב — דעם תנ״ך. איין מיינונג איז געווען, אַז יעדער ייד איז מחויב מקיים צו זיין נאָר די מצוות, וואָס זיינען פאַרשריבן אין תנ״ך; לויט דער צווייטער מיינונג מוז דער ייד אָפּהיטן שטרענג אויך די טראַדיציע, די פאָלקס־מנהגים און בכלל מצוות און דינים, וואָס זיינען אין ערגיץ ניט געווען פאַרשריבן און האָבן זיך גערופן מיט אַן אַלגעמיינעם נאָמען תורה שבעל פּה. די אַלע מנהגים און געזעצן, וואָס דאָס פאָלקס־לעבן האָט זיי געשאַפן זינט נאָך תורת משה, פלעגט מען זיך באַמיען צוצופּאַסן צו די פאַרשריבענע געזעצן. אין אָנהייב פון דער תקופה בית שני האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן דער אונטערשייד פון די צוויי מיינונגען צווישן די יידן און שומרונים. אין די צייטן פון די חשמונאים — צווישן די צדוקים און פּרושים. די פּרושים האָבן מנצח געווען און די פאַרשריבענע תורה שבעל פּה (די משנה און גמרא) איז אָנגענומען און פאַרהייליגט געוואָרן צוגלייך מיט דער תורה שבכתב. אין פאָלק זיינען אָבער אַלעמאָל געווען שיכטן און גרופּן אומצופרידענע מיט דער לאַגע. עס זיינען אויך געווען טיילן פון יידנטום (אַראַבישע און פּערסישע יידן), וואָס די תורה שבעל פּה אין דער פאָרם פון תלמוד בבלי איז זיי געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט. איצט אָבער האָט מיט דער אויסשפּרייטונג פון דער אַראַבישער ממשלה גלייכצייטיג זיך פאַרשפּרייט די ממשלה פונם תלמוד אויך איבער זיי. די משיחישע באַוועגונגען פון שריני און אַבו־עיסי זיינען געווען דער ערשטער אויסדרוק פון אומצופרידנקייט מיטן אַריינפירן דעם תלמוד אין רעליגיעזן לעבן פון די יידן אין אַלע אַנדערע לענדער, וואו די יהדות האָט זיך פאָרמירט ביי אַנדערע באַדינגונגען פון לעבן.

דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די השפעות פון די גייסטיגע באַוועגונגען פון דער מוסולמענישער וועלט, וואו ס׳האָבן זיך געבילדעט רעליגיעזע סעקטעס, פילאָסאָפישע שולן, וואָס האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן געראַנגל קעגן דער סוננאַ. דאָס האָט צוגעגעבן מוט די יידישע אַנטי־תלמודיסטן און זיי זיינען דרייסטער געוואָרן. און באַלד איז געקומען אַ מענטש, וואָס האָט זיך געשטעלט בראש פון דידאָזיגע אומצופרידענע.

**ענן בן דוד.** ענן בן דוד איז געווען זייער אַ געבילדעטער מענטש. ער האָט גרינדליך דורכשטודירט די יידישע וויסנשאַפטן און איז געווען באַקאַנט מיט דער אַראַבישער ליטעראַטור. ער איז געווען קעגן אַ סך געזעצן פון תלמוד און האָט געהאַט אויך אָנהענגער. אָבער אָפן איז ער

אַרויסגעטראָטן אין אַן אָפּאָזיציע קעגן דער עקסיסטירנדיגער אָרדענונג פון יידישן לעבן ערשט נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערשפּירט באַליידיגט פון דער אַקאַדעמישער קאָלעגיע.

ענן איז געווען אַ פּלימעניק פונם ריש-גלותא שלמה בן חסדאי און האָט געהאַט אַ יינגערן ברודער חנניה. נאָכן טויט פונם ריש-גלותא, וואָס האָט ניט איבערגעלאָזן קיין קינדער, האָט ענן געדאַרפט פאַרנעמען זיין אָרט. נאָר צוליב געוויסע סבות איז באַשטימט געוואָרן זיין ברודער חנניה. אויפגעבראַכט קעגן דער עוולה, וואָס מ׳איז קעגן אים באַגאַנגען, האָט ער פאַרלאָזן בבל און איז אַוועק קיין ארץ ישראל, וואו ער האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די בבלישע ישיבות און קעגן תלמוד. ענגס דעוויז איז געווען: „חפישו באורייתא שַׁפִּיר“, ד. ה. לערנט גוט דעם תנ״ך (מקרא). דעריבער הייסן זיינע תלמידים בני-מקרא אָדער „קראים“ (פון קָרא).

ספר המצוות. ענן האָט פאַר זיינע אָנהענגער מחבר געווען אַ ספר, וואָס אַנטהאַלט די עיקרים פון זיין שיטה אין דער פאָרם פון אַ פּירוש אויף דער תורה, „ספר המצוות“.

די שיטה פון די קראים אונטערשיידט זיך פון דער שיטה פון די תלמודיסטן נישט אין די עיקרים פון דת, נאָר אין די אופנים, ווי אַזוי אייננצו-טייטשן און פּראַקטיש אָנצווענדן אַ סך וויכטיגע דינים און מנהגים פון דער תורה.

די דינים פון דער תורה ווערן ביי די קראים אין אַ סך פּרטים שטרענגער אָפּגעהיט, ווי ביי די רַבָּנִיִים (אַזוי הייסן ביי זיי אַלע אָנהענגער פון תלמוד). למשל: מצה ווערט געבאַקן נאָר פון גערשטענע מעל, כּדי צו דערמאָנען דעם אמתן „לֶחֶם עֹנִי“; פרייטאָג צונאַכטס פאַרברענגען זיי אין דער פינסטער, ווייל עס שטייט אין דער תורה: „לא תבערו אש בכל מושבותיכם“; עסן קאַלטע שפּייז (אֵת אֲשֶׁר תֹּאפוּ אֵפוּ וְאֵת אֲשֶׁר תְּבַשְּׁלוּ בַּשֵּׁלוּ); פלעגן זיך מיִען ניט אַרויס צוגיין אַ גאַנצן טאָג פון שטוב (שְׁבוּ אִישׁ תַּחְתָּיו וְאַל יֵצֵא אִישׁ מִמְּקוֹמוֹ בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי). די שול האָט ענן אָנגערופן „חצר“ (לויט מלכים ח. ס״ד). חנוכה פייערן זיי נישט, ווייל עס איז וועגן דעם נישטאָ אין תנ״ך. פּורים איז באַ-שטימט נישט דעם 13-טן טאָג, נאָר דעם 14-טן אָדער 15-טן אדר; שבועות ווערט געפייערט דעם פופציגסטן טאָג נאָכן ערשטן פּסחדיגן שבת, אַזוי אַז דער יום-טוב פאַלט אויס שטענדיג אום זונטאָג. מיטן לולב און אתרוג פלעגן זיי נאָר באַפּוצן די סוכּות. פון 9-טן תמוז ביזן 10-טן אב איז ביי זיי אַ חודש פון

טרויער. אָנשטאָט דעם חדש אדר האָבן זיי געמאַכט פאַר אַ עבור־חודש דעם חודש שבט. הלל II לוח האָבן זיי אָפּגעשאַפט און איינגעשטעלט אַן אַנדערן.

זיי האָבן געאַסרט שדוכים אפילו צווישן ווייטע קרובים. מל זיין די קינ־דער מוז מען נאָר מיט אַ שער. אויף שחיטה קוקן זיי ווי אויף אַ זֵכֶר פון די קרבנות. דער שוחט דאַרף פאַרן שחטן זאָגן ודוי. זיי ווייסן נישט פון תפילין, נישט פון מזוזה; טלית און ציצית טראָגן זיי נישט אויף זיך. נאָר זיי הענגען דאָס אויף אין שול. בשעת דער תפילה ווענדן זיי דעם פנים נישט צו מזרח, נאָר צו ירושלים, בכן אין אייראָפּע קומט דאָס אויס צו דרום צו, און אויף דרום איז אויך דער ארון־קודש.

פונקט ווי די אוראַלטע צדוקים, האָט ענן געהאַלטן, אַז פון גאָט שטאַ־מען נאָר די ביבלישע געזעצן; די גאַנצע איבעריגע געזעצגעבונג אָבער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן זינט די צייטן פון די סופרים, פרושים און תנאים, האָט ער געהאַלטן פאַר אַ שאַפונג פון מענטשן.

פון „ספר המצוות“ זיינען פאַרבליבן אומבאַדייטנדיגע פראַגמענטן און אין כתב־יד און עטליכע ציטאַטן אין די ווערק פון די שפּעטערדיגע קראים.

**ענַנס טויט.** ענן איז געשטאָרבן אין ארץ־ישראל אַן ערך אין סוף פון VIII יר״ה. זיינע אָנהענגער האָבן הייליג געהאַלטן זיין אָנדענק; האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן צדיק און חסיד, וואָס איז ווערט געווען, עס זאָל אויף אים רוען די שכינה, ווען דער בית המקדש וואָלט געשטאַנען. שפּעטער האָבן זיי אפילו מחבר געווען אַ תפילה לזכר נשמתו, וואָס ווערט געזאָגט עד היום אין אַלע קאַראַאימישע שולן (כְּנֵסָה). דער אינהאַלט פון דער תפילה איז אין דער איבערזעצונג אַזאַ: „לייטזעליג, גאָט, דעם פירשט ענן, דעם געטליכן מאַן, וואָס האָט דורכגעלייגט אַ וועג צו דער תורה, ליכ־טיג געמאַכט די אויגן פון די בני מקרא, אסך אָפּגעווענדט פון זינד און געוויזן אונז דעם וועג פון אמת. זאָל גאָט אים לאָזן רוען אין גוטן פראַכטפולן געצעלט, צווישן די זיבן כִּתּוֹת צדיקים, וואָס יַרשֶׁנען דעם גן־עדן!“

**דער חרם און די שפּאַלטונג.** די גאונים האָבן מחרים געווען די קראים. די קראים ווידער פון זייער זייט האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די תלמודיסטן, זיך מיט זיי ניט משדך געווען, ניט געגעסן פון זייער עסן, ניט באַזוכט שבת זייערע הייזער, כדי ניט צו זען

דעם חלול שבת. און עס האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ גרויסע מחלוקת צווישן די קראים מיט די רבנים, וואָס האָט געדויערט לאַנגע יאָרהונדערטן.

**די קאַראַאימישע סעקטעס און זייער תורה שבעל פה.**

די קראים איז נישט געלונגען איינצופאַסן זייער נייע תורה אין אַ באַשטימטער סיסטעם, — האָבן גלייך נאָך ענן'ס טויט זיך גענומען בילדן צווישן זיי פאַרשיידנאַרטיגע סעקטעס, וואָס יעדערע פון זיי האָט אַנדערש אויסגעטייטשט דעם טעקסט פון דער תורה. דעריבער האָבן זיי אין פאָלק קיין גרויסן ערפאָלג ניט געהאַט.

מיט דער צייט איז ביי די קראים גופא אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע תורה שבעל פה און זיי האָבן אָנגעהויבט בערג חומרות אויף, נאָך הארבערע ווי ביי די „רבנים".

ס'האָבן זיך געבילדעט איניגע קראים־קהילות אין ארץ־ישראל, בבל און מצרים, שפּעטער אויך אין איניגע אַנדערע לענדער, אָבער קיין ניכרדיגן רושם אויפן יידישן לעבן האָבן זיי ניט געמאַכט.

**דער פּאָזיטיווער רעזולטאַט פון דער קאַראַאימישער מחלוקת.**

די מחלוקת צווישן די בני מקרא און די בני תלמוד האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצע ליטעראַטור אין העברעאיש. צוליב דעם „ודע מה שתשיב" האָבן זיך די תלמודיסטן מער פאַרטיפט אין די ספרים פון תנ"ך, אין זיין גייסט, אין דער העברעאישער שפּראַך, אין איר גראַמאַטיק און פילאָלאָגיע. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען און גענומען אַנטוויקלען זיך אַ נייע נאָכביבלישע העברעאישע ליטעראַטור בכלל.

---

## י. די אויפלעבונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

**די אומגאַנגס־שפּראַכן פון די יידן.**

אין פּערסיע האָבן די יידן גערעדט און געשריבן פּערסיש און גערופן זיך מיט יידישע און פּערסישע נעמען. אין בבל האָבן זיי גערעדט אַרמיש מיט אַן אומגעהייערן געמיש פון העברעאישע ווערטער און אויסדריקן און די קינדער גערופן מיט אַרמישע און פּערסישע נעמען. אין די אַראַבישע לענדער איז די יידישע אומגאַנגס־שפּראַך געווען אַ ריינערער אַראַביש און די נעמען זיינען געווען לגמרי אַסימילירט. אין ארץ ישראל האָבן יידן גערעדט

אויך העברעאיש און די נעמען זיינען מערסטנטיילס געווען יידישע. בכלל האָט מען אין ארץ ישראל מער אַכט געלייגט אויף לערנען תנ״ך ווי אין בבל. דער־פאַר האָבן זיך די קראים אויך בעסער געפילט אין ארץ ישראל איידער ביי די ברעגן פון פרת און חדקל.

ביז די קראים האָבן אין בבל אפילו די געלערנטע, אפילו די גאונים, באַנוצט די אַרַמישע שפּראַך אויך שריפטליך, אָבער זינט די קראים האָט מען אָנגעהויבן שרייבן אויך העברעאיש.

דער תנ״ך. אַזוי ווי דער געמיינזאַמער באָדן פאַר די קראים און פאַר די רבנים איז געווען דער תנ״ך, האָט זיך, אַ דאַנק דער מחלוקת צווישן זיי, אָנגעהויבן אַ גרויסע פלייסיגע ארבעט ביי די גרויסע געלערנטע קראים און רבנים אויפן געביט פון דער העברעאישער שפּראַך־וויסנשאַפט. יעדער האָט זיך געפלייסט צו דערווייזן זיין אמת אויפן יסוד פון תנ״ך.

קודם־כל האָט מען געדאַרפט מגיה זיין און ברענגען אין אָרדענונג דעם טעקסט פון תנ״ך. דער טעקסט פון די כתבי־הקדש פלעגט זינט די עלטסטע צייטן ווערן געש־יבן אָן נקודות, וואָס באַצייכענען אין העברעאיש די קלאַנגען (וואָקאַלן), אויך אָן אַקצענט־צייכנס און אָן טראָפּ.

די מסורה. די כללים צום לייענען דעם דאָזיגן טעקסט, וואָס איז באַשטאַנען נאָר פון קאָנסאָנאַנטן, פלעגן איבערגעגעבן ווערן דורך באַזונדערע טראַדיציעס, וואָס זיינען אָנגערופן געוואָרן מסורה. די מסורה איז געווען באַוואוסט נאָר געניטע לייענער, סופרים און בכלל לומדים. פאַרן פשוטן עולם אָבער איז געווען זעער שווער צו לייענען דעם תנ״ך.

עס פלעגן אויך אַרויסקומען נישט ווייניג גרייזן און סתירות אין דער אויסטייטשונג פון די אָדער יענע אויסדריקן. די כללים פון דער מסורה פלעגן אויך נישט שטענדיג איבערגעגעבן ווערן ריכטיג אין פאַרשיידענע קרייזן פון געלערנטע, און שוין דערפאַר אַליין, וואָס כללים זיינען געווען אַ סך, איז מיגליך געווען צו מאַכן טעות׳ן, און פיל ווערטער, ווען מ׳פלעגט זיי לייענען פאַלש, פלעגן באַקומען אַן אַנדער זין, און עס איז געשטאַנען אַ סכנה פון גייע רעליגיעזע חילוקי־דֵעות און שפּאַלטונגען.

נִקוּד. כדי צו באַזייטיגן די סכנה, איז אין VIII יר״ה דורך אַ קאָלעגיע פילאָלאָגן אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ סיסטעם פון נקודות, אַ קאָמבינאַציע פון פינטעלעך און שטריכעלעך. אין בבל איז אָנגענומען

געוואָרן צו שטעלן די צייכנס איבער די אותיות. דידאָזיגע סיסטעם האָט געהייסן „ניקוד אשורי". אין ארץ־ישראל אָבער, אין טבריה, דעם געוועזענעם צענטער פון דער משנה, האָבן די געלערנטע אויסגעאַרבעט אַן אַנדער סיסטעם פון נקודות, וואָס ווערן געשטעלט אונטער די אותיות (חוץ חולם און שורוק). דידאָזיגע טְבֶרְיאַנישע סיסטעם האָט ביסלעכווייז אַרויסגעשטופּט די בבלישע און איז פאַרבליבן ביזן היינטיגן טאָג. חוץ די נקודות פאַר די וואָקאַלן, זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אויך צייכנס צו פאַרטאָפּלען די אותיות (דגש), און אויך טעמים (טראָפּ) און נגינה.

**מסורה שבעל פה און מסורה שבכתב.** און אויפן סמך פון דער מסורה האָט מען די נקודות, דגש, טעמים און נגינה פונאַנדערגעשטעלט אין טעקסט פון תנ"ך. פון דער מסורה שבעל פה האָט מען געמאַכט אַ מסורה שבכתב, זי פאַרפעסטיגט און פאַרעפנטליכט, פונקט ווי עס זיינען פריער פאַרעפנטליכט געוואָרן די משנה און דער תלמוד. פון איצט אָן איז דער תנ"ך געוואָרן צוטריטליך פאַר אַלע פאָלקס־שיכטן. דורכדעם איז אויך מיגליך געוואָרן די באַאַרבעטונג פון דער העברעאישער גראַמאַטיק.

דאָס אַלץ האָט צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפּראַך, וואָס איז שוין לאַנג געווען אַרויסגעשטופּט פון לעבן און פון דער ליטעראַטור דורכן אַרַמישען און תלמודישן דיאַלעקט.

**מדרשים.** די פאָלקס־מאַסן האָט מען ניט געקענט געבן בלויז די טרוקענע הלכה; אפילו געלערנטע האָבן זיך אָפּט ניט באַפרידיגט בלויז מיט דער רעליגיעזער וויסנשאַפט. דעם ברייטן עולם האָבן צוגעצויגן מער די שאַפונגען פון הייסן רעליגיעזן געפיל, דער תנ"ך און די אַגדה. נאָך פריער זיינען, חוץ די אגדות פון תלמוד, געשאַפן געוואָרן גאַנצע קאָלעקציעס פון דרשות פאַרן פאָלק, וואָס „חכמים" האָבן געהאַלטן אין די בתי כנסיות, און האָבן געטראָגן דעם נאָמען „מדרשים": „מדרש רבא" און „פסיקתא", וואָס זייגען געשריבן בכלל שוין אין אַ ריינערן העברעאיש און זיינען, אַחוץ דרשות אויף פאַרשיידענע ספרים פון תנ"ך, פול אויך מיט מאַסן וואונדערשיינע אגדות, פערלען פון קונסט. דערדאָזיגער מין שאַפונגען האָט ניט אויפגעהערט די גאַנצע צייט פון די גאונים, הן אין בבל הן אין ארץ־ישראל. ס'האָבן זיך באַוויזן זאַמלונגען „מדרש שוחר טוב" אויף תהלים און „מדרש משלי". ווען און ווער עס האָט צונויפגעשטעלט דידאָזיגע זאַמלונגען, איז גענוי ניט באַוואוסט.

אנדערע זאַמלונגען פון אגדות און מדרשים זיינען געווען אָנגעגעבן אויפן נאָ־מען פון אוראַלטע פערזענליכקייטן, למשל: „תנא דבי אליהו" (אַ מין רמז אויף אַ שול פון אליהו הנביא) און „פרקי דרבי אליעזר" (אויפן נאָמען פון רבי אליעזר בן הורקנוס). דידאָזיגע צוויי ספרים זיינען אָנגעשריבן אין אַ שיינער שפּראַך, ענליך אויפן דיאַלעקט פון משניות. פראַגמענטן פון מדרשים זיינען אפילו אַריינגענומען געוואָרן אין זאַמלונגען פון הלכה, ווי, למשל, אינם ספר „שאִלתות" פון רבי אַחָאִי גאון, וואָס האָט אין דער ערשטער העלפט פון VIII יר"ה אויסגעוואַנדערט פון באַגדאַד קיין ארץ־ישראל.

**פִּיוּטִים.** צוזאַמען מיט די רעליגיעז־פּאָעטישע דרשות אין די בתי כנסיות, וואָס זיינען צונויפגענומען אין די מדרשים, איז אין דער צייט פון די גאונים אויפגעקומען אַ נייער מין רעליגיעזע שאַפונגען אין דער פאָרם פון שירים, וואָס זייער אינהאַלט איז געווען דערזעלביגער, וואָס אין די דרשות. דידאָזיגע שירים זיינען מיט דער צייט יאָרן אַריינגענומען געוואָרן אין די מחזורים (זאַמלונגען פון תפילות אויף די ימים־טובים און ימים נוראים). דידאָ־זיגע תפילות האָבן באַקומען דעם נאָמען „פִּיוּטִים" (פון poetika-שאַפונג) און זייערע מחברים — „פַּייטָנים" (פּאָעטן). אין די פיוטים ווערט אויסגעדריקט די התפעלות פון אַ גלויביגער נשמה און דער טרויער פונם צעזייטן און צעשפּרייטן פאָלק. בכלל זיינען די פיוטים אַ אינטימער דורכשמועסן זיך מיט גאָט. די פייטנים באַזינגען די גרויסקייט פונם בורא און דעם געוועזענעם רום פון ישראל, די מעשׂים טובים פון די אבות און צדיקים־מנהיגים פון פאָלק, דעם גלאַנץ פון ירושלים און פון בית המקדש אַמאָל און דעם ביטערן צער פון גלות. אין רירנדיגע פערזן שילדערן זיי די באַציאונג פון גאָט צו זיין „אויסדערוויילטן פאָלק", די יסורים און בענקשאַפט פון דער אומה, וואָס האָט אָנגעוואָרן איר היים און איז פאַרמשפּט אויף אַ לעבן נע ונד.

**יוסי בן יוסי הכהן.** דער ערשטער פון די פייטנים איז געווען דער שוין דערמאָנטער יוסי בן יוסי היתום (הכהן), וואָס האָט געלעבט אין ארץ ישראל אין די צייטן פון די ערשטע גאונים. ער האָט אָנגעשריבן אַ ריי דערהייבענע פיוטים־הימנען אויף ראש השנה, ווי הוספות צו די תפילות פון מלכיות, זכרונות און שופרות („אֲהַלְלָה אֱלֹהַי", „אֶפְחַד בְּמַעֲשַׂי", „אָנוּסָה לְעֶזְרָה"), און אויף מוסף פון יום כפור, צוויי זעער אינטע־רעסאַנטע פּאָעמעס („אַזְכִּיר גְבוּרוֹת" און „אַתָּה כּוֹנַנְתָּ" אין דער „עבודה"), וואָס זיינען געשריבן אין רואיקן עפּישן טאָן. זייגע פיוטים זיינען געוואָרן

אַ מוסטער פאַר די שפּעטערדיגע פּייטנים. קיין גראַם און קיין מאָס זיינען נאָך ניטאָ אין זיינע פּיוטים, וואָס ער האָט געשריבן לויטן סדר פון אַלף בית אין אָנהייב פון די סטראָפעס (אַקראָסטיך) מיט אַ גלייכער הברה צום סוף. דאָ האָט ער געהאַט פאַר זיך פאַר אַ מוסטער — מגילת איכה און אייניגע מזמורים פון תהילים. אָבער אין אַלע זיינע פּיוטים זעט מען צייכנס פון שטאַרקייט און דערהייבנקייט פון אַ דיכטערישער נשמה.

**רבי יַנַאי — דער איינפירער פון גראַם.**

די שפּעטערדיגע פּייטנים האָבן אונטער דער השפעה פון דער אַראַבישער פּאָעזיע מיט אירע קלינגעדיגע גראַמען און דער צאָל תנועות איינגעזעען די גאַנצע שיינקייט פון ליד אין דער מאָס און אין גראַם, און האָבן אַריבערגעטראָגן אין דער העברעאישער פּאָעזיע די גע-קינצלטקייט און אומגעלומפּערטקייט פון די אַראַבישע מוסטערן. רבי ינאי, וואָס האָט געלעבט אין ארץ ישראל, איז געווען דער ערשטער פּייטן, וואָס האָט אין זיינע פּיוטים איינגעפירט דעם גראַם. ער האָט פאַרפאַסט אַ סך געראַמירטע הימנען פאַר די אויסגעצייכנטע און פאַר-יום-טובדיגע שבתים („יוצרות", „קרובות"). זייער אינהאַלט איז געווען אָדער „מֵעִנְיָנָא דְיוֹמָא" אָדער פאַרשיידענע אגדות. זיינע פּיוטים קומען אָבער ניט צו די דערהייבענע שאַ-פונגען פון יוסי בן יוסי.

**רבי אליעזר הַקַלִיר.**

דער פּרוכטבאַרסטער פון אַלע פּייטנים איז געווען ר' ינאיס תלמיד, רבי אליעזר הקליר, וואָס האָט געלעבט אין ארץ ישראל אין אָנהייב פון ניינטן יר"ה. ער האָט פאַרפאַסט הונדערט פופציג פאַרשיידנאַרטיגע פּיוטים אויף אַלע ימים טובים, ימים נוראים און תעניתים. דער אינהאַלט פון זיינע פּיוטים איז גענומען געוועסטנטיילס פון די אגדות התלמוד און פון מדרשים און האָבן מער אַ כאַ-ראַקטער פון מוסר אין גראַמען איידער פון ליריק. ר' אליעזר הקליר האָט אַליין אַרויפגעלייגט קייטן אויף זיין פּאָעזיע: ער האָט געשריבן זיינע שירים לויטן סדר פון א"ב און לויט דעם סדר פון די אותיות פון זיין נאָמען, זיין פאָטערס נאָמען און דעם נאָמען פון זיין שטאָט, און אַ חוץ דעם מיט אַ מאָס און מיט גראַמען. איבער דערדאָזיגער געקינצלטער פאָרם איז אים אויסגע-קומען צו מאַכן הפקר די שפּראַך און איר גייסט, צו צעברעכן אַלע צוימען פון גראַמאַטיק און שאַפן נייע משונהדיגע ווערטער און אויסדריקן. דערמיט

האָט ער אַליין שווער געמאַכט צו פאַרשטיין זיינע שירים. די אויפגאַבע פון דער שפּראַך איז צו זיין אַ שליח פונם האַרצן און אַ ווערקצייג אין די הענט פונם דיכטער דעם קינסטלער צו מאָלן מיטן פּענזל פון אמת אַ בילד, וואָס זאָל באַגייסטערן מיט זיין שיינקייט און פּילפּאַרביקייט. ביי הקליר אָבער איז די קלאָרע שפּראַך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעטעניש, וואָס כדי זי צו באַשיידן, דאַרף מען זיין אַ בקי אין אַלע אגדות און מדרשים. פונדעסטוועגן זיינען זיינע פּיוטים אָנגענומען געוואָרן אין די בתּי תּפילה פון אַלע יידישע קהילות אין בבל, איטאַליע, דייטשלאַנד און פראַנקרייך, אויסער שפּאַניע, וואָס האָט שפּעטער געגעבן טאַלאַנטפולערע סינאַגאָגאַלע דיכטער ווי הקליר. אָבער ניט געקוקט אויף די גרויסע חסרונות פון זיין פּאָעזיע, רעכנט מען דעם הקליר פאַרן פאָטער פון די פּייטנים. די לעגענדע האָט אים באַצירט מיט אַ קרוין פון אַ וואונדער־מאַן. לויט איינער פון די סך לעגענדן וועגן אים, האָט דער גייסט פון פּייטנות גערוט אויף אים מיט אַ געהיימניספולן כּוח, ווייל בשעת ער איז נאָך אַ קינד געווען האָט ער איינמאָל אויפגעגעסן אַ קוכן, וואָס אויף אים זיינען געווען אָנגעשריבן מזמורים פון תהלים, און נאָך זיין אויפעסן עס איז אַריין אין אים דער רוח־השירה און האָט אים שוין ניט פאַרלאָזן ביז זיין טויט. איינעם פון זיינע פּיוטים, וואָס ער האָט ניט באַוויזן צו פאַרענדיגן, האָט פאַרענדיגט זיין ברודער יהודה הקליר.

**משיחישע אגדות.** איינגאַנצן זיכער איז דער מצב פון פאָלק קיינמאָל ניט געווען. אפילו אין די בעסטע צייטן פון אַראַבישן קאַליפאַט, הן פאַר די אָמאַיאַדן הן פאַר די אַבאַסידן, פלעגט זיך דער גלגל החוזר פון די געשעענישן אומגעריכט געבן אַ דריי־אום און דער־מאָנען די יידן, אַז זיי זיינען דאָס פאָלק, וואָס האָט ניט קיין זיכערן מעמד אפילו אין אַ לאַנד פון פרידן, אַז אפילו אין די צייטן פון גוטע מושלים קען ווערן באַרויבט זייער רעכט. און יעמאָלט פלעגט דאָס פאָלק זיך ווידער דער־מאָנען זיין אַלטן און אייביק יונגן חלום וועגן דער גאולה — און שאַפן אַלץ נייע און נייערע משיחישע לעגענדעס. אַזוי זיינען אין די טרויעריגע צייטן פון אָמאַר II און מֶרוַאַן דעם לעצטן געשאַפן געוואָרן „מִדְרְשֵׁי פְּלִיאָה", וואָס מ'האָט צוגעשריבן צו ר' שמעון בן יוחאי: דאָס זיינען געווען עקזאַלטירטע זעאונגען און אַנטפּלעקונגען (אַפּאָקאַליפּסן) וועגן אַרמילוס הרשע, וואָס האָט געטויט משיח בן אפרים, און וועגן דעם גרויסן יום הדין איבער די פעלקער פון דער וועלט, ווען גאָט וועט סוף כּל סוף שיקן זיין געזאַלבטן גואל. אַזוי

איז געווען אויך אין די צייטן פון דעם ליכטיגן האַרון-אַל-ראַשיד, וואָס האָט מיט זיינע גזירות געוויזן די יידן, ווי די קריסטן, אַז זיי זיינען קנעכט, און פון זיינע צוויי זין אַל-עמין און אַל-מאמון, וואָס האָבן געפירט צווישן זיך בלוטיגע מלחמות פאַרן טראָן (809—813). בעת דידאָזיגע מלחמות און מהומות איז די לאַגע פון די יידן געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל — און ס'איז ווידער געשאַפן געוואָרן אַ ריי נייע אגדות וועגן דעם צער פון דער וועלט, וועגן חבלי-משיח און וועגן דער דערלייזונג.

---

## יא. וויסנשאַפטן, פילאָסאָפיע, רייזעבאַשרייבונגען.

**די גאָלדענע צייט אין באַגדאַדער קאַליפאַט.**

די רעגירונג פון אַל-מאמון (813—833) רעכנט זיך פאַר דער גליקליכסטער אין די דורות פון די קאַליפן. דאַן האָט די אַראַבישע קולטור דערגרייכט די העכסטע מדרגה, ס'איז געקומען די גאָלדענע צייט פונם קאַליפאַט אין די מזרח-לענדער. אַל-מאַמון איז געווען אַ פרייער דענקער און האָט געזאָרגט פאַרן וואוילשטאַנד פון דער מלוכה. ער האָט געשטיצט די אינדוסטריע און דעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל, די וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע און פּאָעזיע. זיינען באַגדאַד אין בבל, קיירואַן אין צפון-אַפריקע און מערוו אין כאָראַסאַן (טורקעסטאַן) געוואָרן צענטערס פאַרן שטודיום פון אַלע וויסנשאַפטן, וואָס האָבן דאָרטן דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, צו וועלכער אייראָפּע האָט ניט דערגרייכט נאָך לאַנגע יאָרהונדערטן. דאָס ליכט פון דער גריכישער קולטור האָט ווידער גענומען לייכטן פאַר די פעלקער פון מזרח. דער גייסט פון גריכנלאַנד איז אויפגעשטאַנען תחית המתים אין לאַנד פון ישמעאל. מ'האָט דאָ שטודירט די געניאַלע שאַפונגען פון דער גריכישער פּאָעזיע, די ווערק פון די גריכישע פילאָסאָפן און וויסנשאַפטלער. די גרעסטע שררות פון דער מלוכה און אפילו מיטגלידער פונם קאַליפס משפחה האָבן קאָנקורירט מיט די געלערנטע פון פאָלק אין די געצעלטן פון תורה און חכמה און זיך געפלייסט זיי אַריבער-צושטייגן.— אויך די יידן אין די אַראַבישע לענדער זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פ'נם שטראָם פון דער צייט. צוגלייך מיט די, וואָס האָבן זיך מיט לייב און מיט לעבן אָפּגעגעבן דעם שטודיום פון רעליגיאָנס-פילאָסאָפיע און דער תלמודישער וויסנשאַפט, האָבן זיך אויך באַוויזן מענטשן, וואָס האָבן בהתמדה געלערנט וועלטליכע וויסנשאַפטן און אויף דעם באָדן זיך דערנעענטערט צו די אַראַבער. ס'האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי עס וואָלט זיך איבערגעחזרט די

תקופה פון דער אלעקסאנדריניִשער יידיש־העלעניִשער קולטור. די יידן האָבן פאַרלאָזן אַלע שפּראַכן פון מזרח, אויף וועלכע זיי האָבן גערעדט, און געמאַכט פאַר זייער מוטערשפּראַך אַראַביש און האָבן זיך אויסגעלעבט אין דער אַראַבישער קולטור, האָבן זייערע פילאָסאָפישע, וויסנשאַפטליכע ווערק געשריבן אויף דער אַראַבישער שפּראַך.

יידישע מלומדים אין דער אַראַבישער ליטעראַטור.

ס'האָט זיך פאַרגרעסערט צווישן יידן די צאָל אַסטראָנאָמען, מאַטעמאַטיקער, מעדיקער, פילאָסאָפן. מַשׁ־אַלַּה בּן אַתַּרִי (813) איז באַרימט געוואָרן אַלס אַסטראָנאָם און אַסטראָלאָג. כַּהַל אַל־טאַבאַרי פון דער שטאָט טאַבאַריסטאַן ביים קאַספּישן ים (אַן ערך 830), וואָס האָט געקענט תּלמוד, איז געווען אַ באַרימטער דאָקטאָר און מאַטעמאַטיקער; ער האָט איבערגעזעצט פון גריכיש אויף אַראַביש דאָס באַרימטע ווערק פונם גריכישן אַסטראָנאָם פּטאָלאָמעאָס, די „אַלמאַגאַסטי", וואָס איז געווען דער יסוד פון דער אַסטראָנאָמיע אין משך פון גאַנץ מיטלאַלטער. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס איז דערגאַנגען דעם געזעץ פון דער נאַטור וועגן דעם איבער־בראָך פון די ליכטשטראַלן. דער זון פון דעם דאָזיגן מלומד אַבּו־סַהל עַלִי (835—853) האָט געשעמט פאַר אַ גרויסן אַווטאָריטעט אין מעדיצין. צום סוף איז ער אַריבער צום איסלאַם און איז געוואָרן לייב־דאָקטאָר ביי איינעם פון די קאַליפן. אַזוי איז שוין אַלעמאָל דער סוף פון דעם טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס גיט זיך צופיל איבער דער פרעמדער קולטור און פאַרלאָזט די אייגענע,— שמד.

יידישער קולטור־צענטער אין צפון־אַפריקע.

אַ וויסנשאַפטליך־פילאָסאָפישע באַוועגונג איז אין אָנהייב X יר"ה פאָרגעקומען אויך אין מצרים און אין די פּראָווינצן פון צפון־אַפריקע, וואָס האָבן זיך יעמאָלט אויסגעטיילט פון באַגדאַדער קאַליפאַט אין אַ באַזונדערער מלוכה. די שטאָט קיירואַן, אין טוּניס, איז געווען איינער פון די גייסטיגע הויפּט־צענטערס פון אַפריקאַנער יידנטום. דאָ האָט געלעבט ר' יצחק בן שלמה הישראלי פון מצרים, אַ באַרימטער דאָקטאָר, פילאָסאָף און פילאָלאָג פון דער העברעאישער שפּראַך (850—940). ער איז געווען לייב־דאָקטאָר ביים עמיר פון קיירואַן און נאָכדעם ביים קאַליף פון צפון־אַפריקע עֻבּד־אַלַּה. ר' יצחק האָט באַקומען אַ גרויסן נאָמען אין מעדיצין און האָט געלייענט לעקציעס פאַר אַ סך תּלמידים. ער האָט אָנגעשריבן אין אַראַביש

אכט ביכער איבער מעדיצין און צוליב זייער חשיבות (באַזונדערס פון איין ווערק וועגן קרחת) האָט מען זיי איבערגעזעצט אויף העברעאיש, לאַטיין און שפּאַניש און זיי האָבן געדינט די דאָקטוירים אַלס האַנטביכער אין מיטאַלטער. ער האָט אָנגעשריבן אויף אַראַביש אויך איניגע ווערק איבער פילאָסאָפיע און דקדוק, וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש און לאַטיין. אין פילאָסאָפיע איז ער געווען אַן אָנהענגער פון אַריסטאָטלעס. מיט זיינע ווערק האָבן זיך שפּעטער באַנוצט יידישע געלערנטע, אויך קריסטליכע סכאָלאַסטיקער אין מיטלאַלטער. געלעבט האָט ער נײַנציג יאָר. פון זיינע תלמידים איז באַוואוסט דער דאָקטאָר דונַש אִבּן תָּמִים (900—960), וואָס האָט זיך באַשעפטיגט מיט פילאָסאָפיע און נאַטורוויסנשאַפט.

**אֶלְדָד הַדָּנִי.** קיין וויסנשאַפטליך באַגרינדעטע געאָגראַפישע און עטנאָגראַפישע באַשרייבונגען זייגען אין מיטלאַלטער ניט געווען. מ׳פלעגט זיך שאַפן בילדער פון ווייטע לענדער און זייערע איינוואוינער בלויז אויפן יסוד פון ספּורי־מעשיות פון צופעליגע רייזנדער, וואָס פלעגן אָפט אויסמישן דעם אמת מיט אויסגעטראַכטע זאַכן. אַזאַ רייזנדער איז געווען אֶלְדָד בֶּן מַחְלִי הַדָּנִי (880). דאָס איז געווען אַ מערקווירדיגער זעער גע־לערנטער מענטש, אַ פאַנטאַסט און אַ באַגייסטערטער אידעאַליסט, וואָס האָט פלאַמענדיג ליב געהאַט זיין פאָלק אין זיין גאַנצן ביבלישן צעוויפּשטעל פון די צוועלף שבטים, ווען ער האָט געוועלט זען גליקליך. ער איז געווען אַן אומרו און האָט זיך געלאָזן וואַנדערן איבער דער וועלט „זוכן זיינע ברידער די פאַרשטויסענע און פאַרלאָרענע", איז אויסגעוועזן אין די לענדער פון אַראַביע, פאָדער־אַזיע, אין בבל, פּערסיע, כאָראַסאַן (טורקעסטאַן), אַרמעניע, מצרים, קי־רענאַיקע, טוניס, מאַראָקאָ, שפּאַניע, און אומעטום, וואו ער האָט זיך באַוויזן, האָט ער באַצויבערט זיינע צוהערער מיט זיינע הפּלאדינע דערציילונגען. גע־רעדט האָט ער אויף אַ קלאָרן פליסיגן העברעאיש מיט אַ צומיש פון אַ סך ווערטער, וואָס זיינען העברעאיש לויט דער פאָרם, אָבער פון אומבאַקאַנטע שורשים. אַליין האָט ער זיך אַרויסגעגעבן פאַר „אַ זון פון שבט דן", וואָס וואוינט אינם לאַנד פון גאָלד חֲוִילָה אָדער כּוּשׁ (עטיאָפּיע) צוזאַמען מיט די שבטים נפתלי, גד און אָשר. ער האָט אָנדערציילט פלאי־פלאים וועגן זעלב־שטענדיגע יידישע מלוכות, וואָס ער האָט געזעען אָדער געהערט פון זיי, און וועגן זייער גליקליכן און פרייען לעבן. די פיר דערמאָנטע שבטים האָבן אַן אומאָפּהענגיגע מלוכה און אַן אייגענעם מלך, זיינען זייער דרייסט און

מוטיג און פירן מלחמות מיט די שכנותדיגע פעלקער; זיי האָבן די ספרים פון תנ"ך און אפילו תלמוד אויף ריינעם העברעאיש, וואָס איז ניט ענליך אין אַלץ אויפן תלמוד בבלי, און זיי רעדן אויף העברעאיש. זייער רעלי־גיעזע טראַדיציע ציען זיי דירעקט פון יהושע בן נון. אלדד איז אַרויסגעפאָרן מיט אַ מאַן פון שבט אשר האַנדלען, אָבער אויפן ים איז צעבראָכן געוואָרן די שיף, און וועלכער זיי זיינען געפאָרן, האָבן זיי זיך געראַטעוועט אויף די ברעטער פון דער שיף, וואָס זיינען דורך אַ שטורים אַרויסגעוואָרפן גע־וואָרן אויף אַ ברעג. דאַן זיינען זיי אַריינגעפאַלן צו מענטשנפרעסער, ביי וועלכע זיין חבר איז אומגעקומען, נאָר ער, אלדד, איז ניצל געוואָרן. הינטער די הרי־חשך, פאַרביי פרס ומדי, וואוינט דער שבט יששכר, וואָס ליבט ניט קיין מלחמות און באַשעפטיגט זיך מיט ערד־אַרבעט און פיטערן בהמות, רעדט אויף העברעאיש, פערסיש און אויף דעם לשון פון די קדרים (טערקיש אָדער טאָריש). די בני זבולון און די בני ראובן וואוינען הינטער די בערג פריאַן (אפשר: כאָראָסאַן) אין געצעלטן ביז אַרמעניע און פרת, רעדן העברעאיש און פערסיש, אויך קדר־לשון. די בני אפרים און האַלבער שבט מנשה וואוינען צווישן די דרום־בערג אין די לענדער פונם „משוגעגעם" (געמיינט מחמדן,—אין אַראַביע, ביי מעקא און מעדינא), זיינען גבורים, רייטן אויף פערד און וואַרפן אָן אַ מורא אויף שכנים. ער דערמאָנט אויך דעם „שבט שמעון און האַלבן שבט מנשה, וואָס וואוינען אין לאַנד פון די כוזרים, וואָס נעמען צינז פון פינף און צוואַנציג מדינות און אויך די ישמעאלים צאָלן זיי צינז"... ווייטער דערציילט ער, אַז הינטער דער מדינה פון די פיר שבטים, וואָס איז אָפּגעטיילט מיט אַ טייך סמבטיון, געפינט זיך אַ לאַנד, וואו עס וואוינען לויים, די „בני משה", אַ גליקליכע לאַנד און גליקליכע מענטשן. די בני משה וואוינען אין שיינע הייזער, האָבן פעלדער און גערטנער, לערנען תורה און לעבן לאַנג. זיי זיינען אָפּגעשניטן פון אַנדערע מענטשן, ווייל צו זייער לאַנד איז ניטאָ קיין צוטריט. דער טייך סמבטיון בושעוועט שרעקליך זעקס טעג אין וואָך, וואַרפט אַרויס פייער, שטיינער און זאַמד, בלויז שבת רוט ער. שבת טאָר מען אָבער איבערן טייך ניט גיין. די שכנותדיגע איינוואוינער פון די פיר שבטים רעדן זיך דורך מיט די „בני משה", שטייענדיג אויפן ברעג טייך „אָדער שיקן זיך בריוו דורך טויבן."

צוערשט האָט אלדד זיך באַוויזן אין מצרים, דערנאָך אין קיירואַן. אומעטום האָט ער געוויזן אַ מין תלמוד מיט אַ מישמאַש פון הלכות הן על פי תלמוד הן על פי דעם מנהג פון די קראים. אומעטום האָט ער אויפגערודערט די יידן

מיט זיינע וואונדערליכע דערציילונגען, נאָר אין קיירואן האָבן די יידן אַביסל געגומען צווייפלען און האָבן זיך געווענדעט צום גאון פון סורא רב צמח ב"ר חיים מיט אַ שאלה, צי מ'מעג גלויבן די רעד פון אלדד הדני. רב צמח גאון האָט געענטפערט, אַז ער האָט געהערט פון אלדדן און אַז ער איז אַן ערליכער מענטש, וואָס האָט אפשר געקענט האָבן טעותן און אַ סך זאַכן האָבן זיך בײַ אים אין די געדאַנקען צעפּלאָנטערט מחמת די גרויסע צרות, וואָס ער האָט איבערגעליטן אין זיין וואַנדער־וועג. די הסכמה פון רב צמח גאון האָט אלדדן צוגעגעבן מוט און ער האָט זיך געלאָזט ווייטער אין וועג. אין טאַהאָרט אין מאַראָקאָ האָט ער זיך באַגעגנט מיטן מדקדק און פילאָלאָג ר' יהודה בן קורייש, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ ספר וועגן די גלייכע ווענן פון דער העברעאישער און אַראַבישער שפּראַך. דער פילאָלאָג האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די מאָסן אומבאַקאַנטע ווערטער פון די „בני דן" און האָט זיי אָנגענומען פאַר העברעאישע. פון בערבערן־לאַנד איז אלדד אַוועק קיין שפּאַניע, וואו די יידן האָבן אים פאַרערט און פאַרהייליגט. דאָרטן איז ער אָבער אַזוי ווי אין וואַסער אַריין, און ווי ער האָט זיך פלוצלינג באַוויזן, אַזוי איז ער אויך פאַרשוואונדן און זיין סוף איז אומבאַוואוסט געבליבן. זיינע ספּורים און געשעענישן זיינען אַביסל פאַרשריבן אין „ספר אלדד הדני", וואָס איז דערגאַנגען צו אונז. זיינע דערציילונגען וועגן די יידן אין עטיאָפּיע דערמאָנען די פאַלאַשן און וועגן די יידן „אין לאַנד פון משוגענעם" — די בני נדיר, בני חבור און בני קִינְוּקַאַא. אויך האָט ער געוויס געהאַט ידיעות וועגן די יידישע מלוכות אין תימן און כַּזַרְיָה. זיין בוך איז אין מיטלאַלטער געווען זייער פּאָפּולער און האָט געהייצט די פאַנטאַזיע. אין זיינע ספּורים האָבן געגלויבט ניט בלויז פּשוטע מענטשן, נאָר אויך געלערנטע.

---

# יב. רַב סְעַדְיָה גאון.

**די ירידה פון די ישיבות און דער נשיאות אין בבל.**

אין דער צייט, ווען מ'האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די פאַנטאַסטישע ספּורים פון אלדד הדני וועגן לעגענדאַרישע מלוכות פון די עשרת השבטים און בני משה הינטער די הרי חושך און סמבטיון, האָט די בפועל־ממשדיגע מאַכט פון יהודה, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון איר פאַרצייטיגן גלאַנץ — די נאַציאָנאַלע אווטאָנאָמיע אין בבל — זיך אַלץ מער דער־נעענטערט צו איר סוף.

די מחלוקת פון ענן קעגן די גאונים האָט אַרויסגערופן אַ מחלוקת אויך צווישן די גאונים גופא. קרוב הונדערט פופציג יאָר האָט געברענט אַ פייער פון קריג: צווישן די בני־מקרא און בני־תלמוד, צווישן די גאונים און די ראָשי־הגולה און אַ קאָנקורענץ צווישן די ישיבות פון סורא און פומבדיתא. איטליכער פון די קריגער האָט געהאַט אַ צד אין פאָלק, ס׳זיינען אויפגעקומען פּאַרטייען, וואָס האָבן אַלע אַרויסגעשטעלט זיך פאַר געטרייע זין פון פאָלק און איבערגעגעבענע דער תורה, און מ׳האָט זיך געקריגט. ס׳זיינען געווען ראשי־גולה, וואָס האָבן געמיינט מיט אַן אמת דאָס גליק פון פאָלק: זיי זיינען די פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע הן כלפי חוץ (אין באַציאונג צום קאַליפאַט) הן כלפי פנים (אויף אַלע געביטן פון פאָלקס־לעבן),—בכן מוזן זיי האָבן אַ דעה אויך אין דער אַקאַדעמישער קאָלעגיע פון די ישיבות; ס׳זיינען געווען גאונים, וואָס האָבן געמיינט לשם שמים: זיי זיינען נאָענט צום פאָלק, שטייען אין צענטער פון פאָלקס־לעבן און ווייסן בעסער, ווי צו זאָרגן פאַרן וואוילשטאַנד און קיום פון פאָלק. ס׳זיינען אָבער געווען אויך אַזעלכע ראשי־גולה און גאונים, וואָס זיינען ניט פרעמד געווען פון אַ פּערזענליכן אינטערעס, וואָס דער ענין פּערזענליכער כבוד האָט זיי מער פאַרנומען, ווי די טובה פון כלל. באַזונדערס האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן אין דער טראַגישער מלחמה, וואָס עס האָבן געפירט צווישן זיך ביידע אַקאַדעמיעס פון בבל פאַר דער בכורה. אין דער הונדערט־יאָריקער דרייפאַכיגער מלחמה זיינען פאַרניכטעט געוואָרן קאָלאָסאַלע כוחות פון פאָלק און דער פועל יוצא איז געווען: אָפּשוואַכונג פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, די פאַראָרימונג פון די פאָלקס־מאַסן און די ירידה פון ביידע ישיבות.

די נשיאות פון די רישי־גלותא האָט אָנגעוואָרן איר גאַנצן כוח, כבוד און פראַכט—אין די אויגן פון דער קאַליפישער רעגירונג און אין די אויגן פון די יידן גופא. די ישיבה פון פומבדיתא האָט מיט איר קנאה און קאָנקורענץ אונטערגעגראָבן הן די נשיאות הן די גאונות פון איר עלטערער שוועסטער סורא. קיין שום פרוב אַריינצוטראָגן אַ שלום צווישן די קעמפנדיגע מחנות האָבן ניט געהאָלפן: די שנאת־חנם האָט געברענט עד חרמה.

און אָט, אין דעם טראַגישן מאָמענט פון ערב זון־אונטערגאַנג אין דער יידישער בבל, האָט אויפגעשיינט אַ נייע ליכט, דאָס ליכט פון אַ גרויסן געניוס, וואָס איז געקומען פון אַ ווייטן לאַנד,— דאָס ליכט פון רב סעדיה גאון.

### דאָס ערשיינען פון רב סעדיה.

רב סעדיה בן יוסף פון דער שטאָט פאַיום אָדער פּיתום אין דער אייבערשטער מצרים (געבאָרן ד״א תרנ״ב—992) איז געווען אַ טיפער מלומד אין תלמוד און אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ערודיציע אין אַלע וועלטליכע וויסנשאַפטן פון זיין צייט און גרינדליך געקענט די קאַראַאימישע און אַראַבישע ליטעראַטור. פילאָסאָפישער דענקען האָט זיך ביי אים האַרמאָניש צונויפגעלעבט מיט אויפריכטיגן רעליגיעזן געפיל. אַ מענטש מיט הויכע מידות, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, מיט אַן אומגעשטילטן שטרעבן צום אמת און גערעכטיקייט און מיט זיין גאַנצן לעבן געגעבן אַ מוסטער פון אַ אידעאַלער אויסדערוויילטער פערזענליכקייט.

פון רב סעדיה׳ס פריער יוגנט איז גאָרנישט באַוואוסט. מ׳ווייס נאָר, אַז איינער פון זיינע לערער איז געווען דער יידישער פילאָסאָף אַבו־כַּתִּיר אין מצרים, וואָס האָט געפירט וויכּוחים מיטן אַראַבישן מלומד מַסעוּדי און איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון די קראים. צו 20 יאָר האָט רב סעדיה אָנגעשריבן אַ קורצן העברעאישן ווערטערבוך און שפּעטער צו אים מוסיף געווען כּללים פון דקדוק און פון דיכטונג („הָאֶגְרוֹן״). מיט דריי יאָר שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן אויף אַראַביש אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן די קראים, וואו ער האָט לאָגיש דערוויזן, אַז די ביבלישע יהדות אָן דער הוספה פון תורה שבעל פה קען ניט עקסיסטירן, ווייל אין תנ״ך זיינען אַ סך געזעצן אויסגעדריקט ניט קלאָר אָדער בלויז אין אַלגעמיינע שטריכן. די תורה האָט פאַרווערט צו טאָן אַ מלאכה אום שבת, אָבער זי האָט ניט אָנגעוויזן, וועלכע אַרבעט גייט אַרונטער אונטער׳ן גדר מלאכה. אין תורת משה איז ניטאָ קיין וואָרט וועגן תפילה, פונדעסטוועגן קען מען זיך גאָרניט פאָרשטעלן אַ וועלכע־ס׳איז רעליגיע און גלויבן אָן תפילה; וועגן שכר ועונש, משיח און תחית המתים זיינען אויך אין דער תורה ניטאָ קיין קלאָרע ווערטער, און פונדעסטוועגן האַלטן זיי אַלע בני ישראל—רבניים און קראים — פאַר אַ יסוד און עיקר פון דת משה וישראל. אויך די גאַנצע יידישע געשיכטע, איר גאַנצע קייטלונג און אַנטוויקלונג פון דור צו דור האָט איר יסוד בלויז אין טראַדיציע, אין מסורת אבות.— דער דאָזיגער ספר האָט צעטומלט און צעטרייסלט די קראים. מיט דער צייט יאָרן איז ער פאַרלאָרן געגאַנגען.

רב סעדיה האָט אָנגעשריבן אַ ספר אויך וועגן איסור און היתּר אין הלכות נשואים. ער איז געווען דער ערשטער פון די גאונים, וואָס האָט זיך

בלב ונפש פאַרטיפט אין תנ"ך. ער האָט דער ערשטער איינגעפונען, אַז מ'מוז אים פאַרשטיין מיטן שכל פשוט און קלאָר, און האָט אָנגעהויבן אַ גרויסע אַרבעט, וואָס פאָדערט אַ סך וויסן און גרויס טאַלענט. ער האָט איבערגעזעצט די כתבי הקודש אויף אַראַביש, וואָס איז יעמאָלט געווען די אומגאַנגס-שפּראַך אויפן גאַנצן שטח פון שפּאַניע דורך צפון-אַפריקע ביז מזרח-אינדיע. צו דער דאָזיגער איבער-זעצונג זיינען צוגעגעבן אויך באורים. דער ציל פון דער איבערזעצונג איז געווען: ערשטנס, צו מאַכן די ביבל צוטריטליך אַלע שיכטן פון פאָלק, וואָס האָבן גערעדט אַראַביש; צווייטנס, כדי מיט פאַרשטענדיגער און לאָגישער קאָמענטירונג פונם געשריבענעם געזעץ צו קלאַפּן פון איין זייט די קראים און פון דער צווייטער—די מיסטיקער, וואָס האָבן פאַרקערפּערט גאָט. רב סעדיה'ס וועלט-באַנעם איז געווען געלייטערטע אמונה, אַז דער באַשעפער פון דער וועלט איז די ערשטע סיבה פון איר אויפקום, ער איז העכער פון אַלץ העכסטס און דערהייבענער פון אַלץ דערהייבנס, ער איז די תכלית השלמות, ווערט ניט באַגריפן אין אָרט און איז ניט באַגרעניצט אין צייט. און פונקט ווי רב סעדיה איז געווען דער ערשטער, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן די קראים מיטן כלי-זיין פון שטרענגער לאָגיק און געטליכער פילאָסאָפיע, אַזוי איז ער אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפּרובט האַרמאָניזירן די יהדות מיטן מענטשליכן שכל און ברענגען זי אין הסכם מיטן פילאָסאָפישן דענקען.

### די וויכוחים פון די קראים מיט רב סעדיה.

קעגן דעם יונגן „רבני" איז אַרויסגעטראָטן דער קאַראַאימישער מלומד שלמון בן ירוחם, וואָס האָט געלעבט אין ארץ ישראל (885—960). ער האָט אָנגעשריבן קעגן רב סעדיה און קעגן דער לערע פון די בעלי התלמוד אַ שאַרף פּאָלעמיש בוך אין דער פאָרם פון אַ בריוו צו די קאַראַאימישע קהילות אין מצרים. אין איין צייט מיט שלמונען זיינען קעגן רב סעדיה אַרויסגעטראָטן אויך אַנדערע קאַראַאימישע טעאָלאָגן. ס'האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ פאַרביטערטער ליטעראַרישער געראַנגל. רב סעדיה איז ניט געבליבן קיין בעל חוב און האָט צעקלאַפּט די ראיות פון זיינע קעגנער אין נייע פּאָלעמישע ווערק. אין זיין ביאור אויף חומש דערווייזט ער, אַז דער קאַראַאימישער לוח איז ניט ריכטיג. אין דערזעלביגער צייט האָט ער געשריבן אַ סך אַנדערע ספרים: אַן אריינפיר אין תלמוד, אַן איבערזעצונג פון משנה אויף אַראַביש און אַ סך מאמרים אין אַראַביש וועגן דיני ממונות און דינים פון איסור והיתר. אָבער אַלע ספרים זיינע קעגן די קראים און זיינע

וויסנשאַפטליכע תלמודישע ווערק זיינען אין משך פון די לאַנגע יאָרהונדערטן פאַרלאָרן געגאַנגען.

רב סעדיה–
גאון פון סורא.

רב סעדיה׳ס ווערק זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע לענדער פון אַפריקע, אינם פאַטימידישן קאַליפאַט. דער עלטסטער פון די געלערנטע אין יענער צייט און באַרימטער מעדיקער ר׳ יצחק הישראלי און זיין תלמיד דער מעדיקער, פילאָלאָג און פילאָסאָף דונַש (אדונים) בן תמים זיינען געווען באַגייסטערט פון זיינע ווערק. רב סעדיה׳ס שם איז דערגאַנגען אויך ביזן גרעסטן יידישן קולטור-צענטער אין בבל און די מנהיגים פון דעם דאָרטיגן יידנטום האָבן אים אָנגע-מערקט פאַר אַ קאַנדידאַט אויף דער שטעלע פון ראש-ישיבה אין סורא.

אין יענער צייט איז די לאַגע פון דער אַמאָל באַרימטער ישיבה אין סורא געווען זעער אַ טרויעריגע.

צווישן פּומבדיתא און סורא האָט אַלעמאָל עקסיסטירט אַ קעגנערשאַפט: יעדע פון זיי האָט געהאַט איר ראַיאָן פון טעטיקייט, און היות סורא איז סיי היסטאָריש סיי פאַקטיש געשטאַנען העכער פון פּומבדיתא, האָט זי געהאַט אַ גרעסערן ראַיאָן, זיינען אירע הכנסות ממילא געווען גרעסערע,— האָט דאָס אַרויסגערופן אַ קנאה און אַ שנאה ביי פּומבדיתא. כל זמן אָבער בראש פון סורא זייגען געשטאַנען גאונים גרויסע, איז די קנאה און שנאה פון דער קעגנערין געווען אַ פאַרשטיקטע. האָט אָבער געטראָפן אַן אומגליקליכער צופאַל, ס׳איז אויסגעבראָכן אַ מגפה אין סורא און צווישן די מאַסן אויסגעשטאָרבענע מענטשן זיינען געווען אויך די חשובסטע פּערזענליכקייטן פון שטאָט, די גרעסטע געלערנטע. זיינען אויפן שטול פון גאונות אין סורא פון יעמאָלט אָן געזעסן מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען נידעריגער במעלה פון די גאונים פון פּומבדיתא, וועלכע האָט זיך שטאַרק אויפגעהויבן. האָט פּומבדיתא אָנגעהויבן אַן אָפענעם געראַנגל פאַר דער בכורה. דער ריש-גלותא איז גראָד געשטאַנען אויפן צד פון סורא, האָט זיך פּומבדיתא אַ נעם געטאָן אויך צו אים.

גאון פון פּומבדיתא איז געווען רב כהן-צדק, אַ מענטש מיט אויסערגע-וויינליכע כשרונות און מיט אַן אייזערנעם ווילן. ער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַרן אינעווייניגסטן לעבן און גלאַנץ פון זיין אַקאַדעמיע. ער איז אָבער געווען פון יענעם טיפּ מענטשן, וואָס אין זייער פּריוואַטן לעבן זיינען זיי גוט, ערליך און ריין פון יעדן פאָרוואורף, זוכן אפילו ניט קיין גדולה פאַר זיך, נאָר ווען

זיי שטעלן זיך בראש פון אַ כּלל־זאַך, באַטראַכטן זיי די ענינים פון כּלל ווי אייגענע, וואָס גייען זיי אום לעבן, און אַכטן שוין מער ניט די רעד פונם כּלל. ער האָט געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען אינם הויף פון קאַליף אַל־מוקטאַ־דזשיר (908—932) און האָט אויסגעפּועלט, דער קאַליף זאָל אַראָפּזעצן פון זיין נשיאות דעם ריש־גלותא מר עוקבא, וואָס האָט געשיצט דעם גאון פון סורא. מר כּהן־צדק האָט באַקומען די רעכט פון ריש־גלותא צו באַשטימען ריכטער אין זיין ראַיאָן און אַ גרעסערע הכנסה. דאַן האָט מר עוקבא אויסגעוואַנדערט קיין אַפריקע, איז אָנגעקומען קיין קיירואַן, וואו ר׳ יצחק הישראלי האָט אים אויפגענומען בכּבוד גדול און די יידישע קהילה האָט זיך באַמיט צו פאַרגיטיגן אים, דעם אָפּשטאַמלינג פון דוד, פאַר אַלע צרות, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין זיין היים (ד׳ א תרע״ט—919).

דאַן האָט זיך אויפגעהויבן אַ פאָלקס־באַוועגונג קעגן דעם תּקיף מר כּהן־צדק, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די יידישע אַווטאָנאָמיע,— און ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ ריש־גלותא דער פּלימעניק פונם פאַרטריבענעם מר־עוקבא, דוד בן זכאי, אַ מענטש מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. מר כּהן צדק האָט אים ניט געוועלט אָנערקענען, האָט דוד בן זכאי אים אַראָפּגעזעצט פון דער גאונות אין פּומבדיתא און באַשטימט אַן אַנדערן. האָט זיך ווידער צעפלאַקערט דער קאַמף צווישן די צוויי צדדים, וואָס האָט געדויערט ניין יאָר און האָט זיך געענדיגט מיט אַ שלום, נאָר מיטן תנאי, מ׳זאָל אויף דער שטעל פון אַ גאון פון סורא באַשטימען, קעגן דעם טראַדיציאָנעלן מנהג, אַ פרעמדן, וואָס האָט ניט געלערנט אין בבל און איז ניט דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן לייטער פון ראַנגען, און דער פרעמדער איז געווען—רב סעדיה בן יוסף הפּיתומי (928).

**רב סעדיה׳ס קאַמף און ליידן פאַר גערעכטיקייט.**

רב סעדיה איז געקומען קיין בבל מיטן אויפריכטיגן פאַרלאַנג אָפּצוגעבן זיך פאַר כּלל און מיטצוהעלפן דער אויפלעבונג און בליאונג פון דער אוראַלטער אַקאַדעמיע, וואו עס האָט נאָך גערוט דער גייסט פון די שעפער פון תּלמוד, דער גייסט פון רב און רב אשי. אָבער אַז רב סעדיה האָט זיך נעענטער צוגעקוקט צום לעבן פון די יידן אין בבל און צו די מידות פון די אָנפירנדיגע קלאַסן, צו זייערע אומזיניגע מחלוקתן און קליינליכע רייסערייען פאַר אַ ביסל הכנסה און אַ פּיצל כּבוד, איז ער איבגאַנצן אַנטוישט געוואָרן. ניטאָ מער די פּראַכט פון די ישיבות, בלויז אַ שאָטן איז פאַרבליבן. די ראשי הגולה פלעגן פאַר די לעצטע קאַליפן

שוין מער ניט ווערן באַשטעטיגט פון דער רעגירונג, נאָר זיי פלעגן זייער מאַכט מוזן קויפן ביי די שררות פאַר געלט, — פלעגן זיי באַלעסטיגן דאָס פאָלק מיט שווערע שטייערן, וואָס פלעגן אָפט ווערן איינגעמאָנט מיט צוואַנג־מיטלען, מיט דער הילף פון אַראַבישע באַאַמטע. רב סעדיה האָט ניט געקענט שלום ווערן מיט אַזוינע פירונגען פון דער וועלטליכער מאַכט און באַלד איז פאָר־געקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן אים מיטן ראש־הגולה דוד בן זכאי. דער ריש־גלותא האָט פונאַנדערגעקליבן אַ סכסוך וועגן אַ גרויסער ירושה און האָט צוליב פערזענליכע מאָטיוון געמשפט לא כדין און נאָך געפאָדערט, אַז ביידע גאונים זאָלן דעם פסק־דין אונטערשרייבן. דער גאון פון פומבדיתא מר כהן צדק האָט דערפילט די פאָדערונג פונם ריש־גלותא, רב סעדיה אָבער האָט זיך אָפּגעזאָגט. האָט דער אויפגערעגטער נשיא מחרים געווען רב סעדיהן, אָפּגענומען פון אים די גאונות און באַשטימט אויף זיין אָרט אַן אַנדער רעקטאָר. רב סעדיה האָט ניט געשוויגן, האָט פון זיין זייט אַריינגעלייגט אין חרם דעם נשיא דוד בן זכאי און צוזאַמען מיט זיינע אָנהענגער אויסגערופן פאַר אַ ריש־גלותא יענעמס ברודער מר יאשיה הכהן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך אין בבל ווידער געבילדעט צוויי פּאַרטייען: פון דוד בן זכאי (אַריסטאָקראַטישע) און פון רב סעדיה (דעמאָקראַטישע). מר כהן צדק איז אויך געווען אויף דודס צד. די רייכע פּאַרטיי פונם נשיא האָט מיט דער הילף פון רייכע מתנות די שררות פונם קאַליפס הויף אויסגעפועלט אַ קייזערליכן באַפעל, לויט וועלכן רב סעדיה האָט אָנגעוואָרן די רעקטור און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון סורא און רב יאשיה הכהן איז פאַרשיקט געוואָרן אין גלות קיין כאָראַסאַן (ד"א תרצ"ג—933).

**רב סעדיה'ס אַרבעט אין די יאָרן פון זיין גלות.**

רב סעדיה האָט זיך באַזעצט אין באַגדאַד און געלעבט אין איינזאַמקייט פיר יאָר. ער איז געווען פאַרביטערט און צעבראָכן פון אַלץ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, אַ מרה שחורה איז אויף אים אַרויף, אָבער ווייט פונם רעש פון לעבן איז ער ביסלעכווייז צו זיך גע־קומען און האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער ליטעראַרישער טעטיקייט. ער האָט אָנגעשריבן ביאורים אויף אַ סך סוגיות פון ש"ס, פיוטים און תפילות, האָט מסדר געווען די תפילות פון אַ גאַנץ יאָר, פונאַנדערגעאַרבעט די מסורה, דעם לוח און פאַרשיידענע רעליגיעזע פראַגן. אָבער די וויכטיגסטע פון אַלע זיינע ווערק זיינען צוויי ספרים: אַ פירוש אויפן „ספר יצירה" — אַ קבלה־ספר, וואָס האָט זיך באַוויזן אין אָנהויב נייינטן יר"ה — און דער „הָאֱמוּנוֹת וְהַדֵּעוֹת",

וואָס אנטהאַלט די סיסטעם פון דער פילאָסאָפיע פון דער יהדות,— ביידע אין אראַביש.

## די פילאָסאָפיע פון רב סעדיה גאון.

אין זיין פירוש אויפן „ספר יצירה“ גיט רב סעדיה איבער די פילאָסאָפיע פון דער יהדות אן ערך אַזוי: גאָט געפינט זיך אין אַלץ, וואָס עקסיסטירט אויף דער וועלט, און פונקט ווי די נשמה אָדער דער לעבנס-געפיל מאַכט פול דעם חָלָל פונם גוף, אַזוי פילט גאָט אָן אַלע וועלטן; ער איז דאָס אייביגע לעבן און דער שכל פונם וועלטאַל. און פונקט ווי דער שכל פון דער וועלט ענדערט זיך ניט מיט דער ענדערונג פון די מענטשן, ווערט ניט פאַרביטן מיטן בייט פון די צייטן, אַזוי ווערט די עצם געטליכקייט ניט געענדערט און געביטן מיט די ענדערונגען פון דער וועלט, פון דער גאַנצער נאַטור. אין דער זעלביגער צייט איז ער איבער אַלץ און איז דער מנהיג פון דער וועלט.— דאָס אַלץ דער-קלערט ער זעער דין און טיף. זיינע געדאַנקען זיינען דאָ נאָך פאַרוואָלקנט. קלאָר האָט ער דורכגעפירט זיין פילאָסאָפישע שיטה אין „האמונות והדעות“. ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן צוויי עקסטרעמען, וואָס זיינען גלייך געפערליך פאַרן אמתן רעליגיעזן געפיל: קעגן די הבלדיגע אמונות פון די מיסטיקער און קעגן דעם ניטגלויבן פון די פרייע דענקער. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אמתער וויסן פירט צו אמתער רעליגיעזקייט, און פאַרקערט. „מיין הארץ טוט מיר וויי,— שרייבט ער אין דער פתיחה צום „האמונות והדעות“— ווען איך טראַכט וועגן געוויסע מינים מענטשן, און מיין נשמה ווערט אומרואיג איבערן גורל פון אונזער פאָלק. איך זע אין אונזער צייט אַ סך גלויבנדיגע מענטשן, וואָס זייער גלויבן איז ניט ריין; פון דער אַנדער זייט שטאָלצירן אַ סך לייקענער דערמיט, וואָס זיי פאַרניכטן אַלץ, האַלטן זיך העכער פון איבערצייגטע מענטשן, אָבער אַליין בלאָנדזשען זיי“.

אונזערע מענטשליכע אמתן טיילט ער איין אין פיר קלאַסן:

1) דער אמת פון ערפאַרונג, וואָס מיר באַגרייפן מיט אונזערע חושים.

2) דער עטישער אמת, למשל, אַז גערעכטיקייט איז גוט און פאַלשקייט איז שלעכט, וואָס איז פאַרשטענדליך פון זיך אַליין, אַ „מוּשְׂכָּל“, ווי ער רופט עס.

3) דער לאָגישער אמת, וואָס איז אַ פועל יוצא פון לאָגישן דענקען. מיר ווערן דורך דעם איבערצייגט אין אַזעלכע אמתן, וואָס מיר באַגרייפן ניט דווקא מיט די חושים, נאָר צו וועלכע דער לאָגישער געדאַנקענגאַנג צווינגט אונז.

4) דער טראַדיציאָנעלער אמת. וואָס מיר האָבן געקראָגן בירושה פון די פריערדיגע דורות און וואָס איז ווידער אַ רעזולטאַט אָדער פון זייער ערפאַרונג אָדער פון עטישן אמת.

די גרונד־יסודות פון זיין רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע זיינען:

1) די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָרנישט. גאָט האָט באַשאַפן ניט בלויז די פאָרמע פון די זאַכן פון אַן אייביג־עקסיסטירנדיגן מאַטעריאַל, נאָר דער מאַטעריאַל גופא (דער עצם) איז אויך באַשאַפן געוואָרן.

2) גאָט איז איינער און איז ניט קיין גוף.

3) דער בחיר פון דער יצירה איז דער מענטש, ווייל ער איז באַשאַנקען פון בורא מיט שכל און ער קען פונאַנדערקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס.

4) גאָט האָט זיך באַוויזן צו די אבות אויפן באַרג סיני („גילוי שכינה") און זיי געגעבן גערעכטיגע געזעצן, וואָס פירן דעם מענטשן צו גוטס און צו שלֵמות.

5) דער מענטש האָט די פרייע בחירה צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס, אָבער דער ריכטער פון דער וועלט וועט דעם צדיק באַלוינען פאַר זיין צדקות און דעם רשע באַשטראָפן פאַר זיין שלעכטס („שכר ועונש"), און אויב ניט אויף דער וועלט, איז לעתיד לבוא, אויף יענער וועלט.

6) דער טויט איז ניט קיין ענדגילטיגע פאַרלענדונג פונם מענטשנס לעבן, נאָר אַן איבערגאַנג צו אַן אַנדער וועלט.

7) די נשמה פונם מענטשן לעבט אייביג און אין סוף פון די צייטן וועלן אַלע שוכני עפר אויפשטיין תחית המתים און משיח וועט קומען און ברענגען די גאולה פאַר אַלע פעלקער פון דער וועלט.

דידאָזיגע אַלע עיקרים פון דער יהדות זעט ער צו באַגרינדן אויף דער אָדער יענער קאַטעגאָריע פון די אויבנדערמאָנטע אמתן.

דאָס איז אין קורצע שטריכן דער תמצית פון רב סעדיה'ס פילאָסאָפיע.

דער „האמונות והדעות" איז דאָס אומשטערבליכע ווערק פון רב סעדיה גאון, איז אין XII יר"ה איבערגעזעצט געוואָרן דורך יהודה אבן תבון אויף העברעאיש און האָט געהאַט אַן אומגעהייערע השפעה אויף די יידן אין דער אַראַבישער שפּאַניע.

**רב סעדיה צוריק גאון פון סוֹרא.**

אונטער דער צייט איז געשטאָרבן דער קאַליף, וואָס האָט באַשטעטיגט דעם באַשלוס פונם ריש־גלותא וועגן רב סעדיה, און באַלד איז געשטאָרבן אויך זיין קעגנער מר כהן צדק. האָבן גוטע מענטשן זיך גענומען און געבראַכט צו אַ שלום

צווישן ריש גלותא דוד בן זכאי און רב סעדיה. דער שלום איז דורכגעפירט געוואָרן אין באַגדאַד זעער פייערליך און רב סעדיה איז צוריק באַשטימט געוואָרן פאַרן גאון פון סורא. אָבער די איבערגעלעבטע צרות און די אָנגעשטרענגטע אַרבעט איבער זיינע לעצטע ווערק האָבן אונטערגעבראָכן זיין געזונט און ער איז געשטאָרבן אין יאָר ד״א תש״ב (942) אויפן 50-טן יאָר פון זיין לעבן.

## יג. דער אונטערגאַנג פון דער נשיאות און פון דער אַקאַדעמיע אין סורא.

**די לעצטע ראשי־גולה.**

דער באַגדאַדער קאַליפאַט איז ביסלעכווייז געוואָרן אַלץ מער צעריסן פון אינעווייניגסטע מהומות און מלחמות צווישן די אַראַבישע שבטים. אויפן אָרט פונם אַמאָל גרויסן און באַרימטן קאַליפאַט זיינען אויפגעקומען אַ ריי קליינע קאַליפאַטלעך. דאָס אַלץ האָט שלעכט געווירקט אויך אויפן לעבן פון די יידן אין בבל. די נשיאות האָט אינגאַנצן אָנגעוואָרן איר אַמאָליגן גלאַנץ. נאָכן טויט פון דוד בן זכאי (אַרום 940) איז די שטעל פון ריש-גלותא לאַנג געבליבן ליידיג: זיין זון דער יורש איז אויך באַלד געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזן אַ מינדעריאָריגן זון. די שפּעטערדיגע ראשי הגולה זיינען קוים באַוואוסט מיט די נעמען: אין יידישן געזעלשאַפטליכן לעבן האָבן זיי קיין שום ראָלע ניט געשפּילט.

**דער חורבן פון דער ישיבה אין סורא.**

די פונקציעס פון ריש-גלותא האָבן געדאַרפט אַריבערגיין צו די גאונים און צו די אַקאַדעמישע קאָלעגיעס פון ביידע ישיבות. אָבער נאָכן טויט פונם גרויסן רעקטאָר רב סעדיה האָט די אַקאַדעמיע פון סורא אָנגעוואָרן איר געוועזענע באַדייטונג. ס'האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל געלערנטע און תלמידים, ס'האָט זיך דערשפירט אַ גרויסער דוחק אין מיטלען, ווייל די פאַרשיידענע, דורך די פּאָליטישע מהומות פאַראָרימטע קהילות זיינען שוין מער ניט געווען ביכולת אויסצוהאַלטן די ישיבה. האָט די באַרימטע אַקאַדעמיע, וואָס האָט מיט הפסקות עקסיסטירט קרוב זיבן יאָרהונדערטן, סוף כל סוף געמוזט זיך פאַרמאַכן (אַרום 948). איז געבליבן בלויז די צווייטע אַקאַדעמיע אין פומבדיתא. די לעצטע גרויסע גאונים פון פומבדיתא זיינען געווען: רב שרירה און זיין זון רב האַי. ביידע האָבן זיי זיך אונטערשיידט פון רב סעדיה גאון דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך דערווייטערט פון לערנען אַנדערע וויסנשאַפטן און האָבן עוסק געווען בלויז

אין דער תורה. פון די ספרים פון רב שרירה גאון צייכנט זיך אויס זיין ווערק „אִגֶרֶת רב שרירה", וואו ער דערציילט בקצור וועגן דער אנטוויקלונג פון תלמוד און די אויפטוען פון די חכמים. אויך רב הַאי גאון האָט אָנגעשריבן אייניגע ספרים וועגן רעליגיעזע און יורידישע פראַגן, אָבער ביים פאָלק איז מער באַליבט געוואָרן זיין „מוּסַר הַשְׂכֵּל", אַ זאַמלונג מוסר-געדאַנקען. די גאונים פון פומבדיתא מיט זייער געלערנטער קאָלעגיע האָבן נאָך אונטערגעהאַלטן אין משך פון איין יאָרהונדערט דעם געוועזענעם אויטאָריטעט פונם תלמודישן צענטער, די געוועזענע נאַציאָנאַל-קולטורעלע העגעמאָניע פון בבל איבער אַלע יידישע קבוצים פון דער דִיַאַספּאָרע, אָבער די העגעמאָניע איז אַלץ מער אַוועק-געגאַנגען פונם בבלער יידנטום און האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף מערב, אין דער ווייטער אַראַבישער שפּאַניע.

## די לעגענדע וועגן דעם אַרי-בערגאַנג פון דער נאַציאָ-נאַלער העגעמאָניע.

פיר חברים געלערנטע פון דער ישיבה זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן פון בבל אין די לענדער פון מערב (אַפריקע און שפּאַניע) מעורר צו זיין די דאָרטיגע רייכע קהילות צו שטיצן די ישיבה אין סורא, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן ביז אַהער. אָבער ס'איז שוין געווען געחתמעט די גזירה אויף סורא חרוב צו ווערן, ווייל ס'איז שוין דאָרטן ניט געווען אַזאַ מאַן ווי רב אשי. די שיף, וואו עס זיינען געזעסן די פיר שליחים, איז דורך אַ שטורימווינט אָפּגעוואָרפן געוואָרן צו אַן איטאַליענישן ברעג ניט ווייט פונם אָרט באַרי. אַן אַדמיראַל פון שפּאַניש-אַראַבישע שיפן, וואָס האָט דאָרטן מלחמה געהאַלטן מיט די קריסטן, האָט פאַרנומען די שיף מיט די מענטשן אין געפאַנגענשאַפט. איינער, ר' שמריה, איז אויסגעלייזט געוואָרן דורך דער יידישער קהילה אין אַלכּסנדריה של מצרים און איז פון דאָרטן אַוועק קיין קאַהיראָ, וואו ער האָט געעפנט אַ ישיבה. דעם צווייטן, ר' חושיאלן, האָבן אויסגעלייזט די יידן פון קיירואן. דעם דריטן, ר' משה, מיט זיין זון, ר' חנוך, האָט דער אַדמיראַל געבראַכט צו זיין קאַליף קיין קאָרדאָווע, — האָבן אים אויסגעלייזט די לייט פון קאָרדאָווע. דער פערטער, איז מען משער, איז געקומען קיין נאַרבאָנע אין דרום-פראַנקרייך (פּרובינציאה—פּראָוואַנס).

---

די דאָזיגע געלערנטע האָבן אין זייערע נייע היימען געגרינדעט ישיבות און אַריבערגעטראָגן די העגעמאָניע פון בבל קיין מערב (צפון-אַפריקע, שפּאַניע און פראַנקרייך).

---

# צווייטער אָפּטייל

## די יידן אין מערב

(פון אָנהייב אייר. צ״ר ביז 1100 יר״ה).

### א. די יידן אין איטאַליע.

די ערשטע יידן אין אייראָפּע.

אין דער תקופה פון בית שני זיינען געווען אַ סך גרעסערע אָדער קלענערע יידישע קיבוצים אין די לענדער, וואָס ליגן ביי די ברעגן פון מיטל־לענדישן ים (קליין־אַזיע, סיריע, מצרים). יידישע סוחרים האָבן געפירט גרויסע מסחרים מיט פאַרשיידענע לענדער. פלעגן יידן אָפט קומען געשעפטליך קיין גריכנלאַנד און איטאַליע. אַנדערע פלעגן אפילו געפינען אמאָל פאַר נייטיג צו באַזעצן זיך אין אַ וואָסער־ס׳איז האַפן־שטאָט. אַזוי האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן בילדן יידישע קיבוצים אין אייראָפּע.

די ערשטע יידישע געמיינדע אין רוים.

אַלס די ערשטע יידישע געמיינדע אין אייראָפּע רעכנט זיך רוים. נאָך פאַר דער אייראָפּעאישער צייטרעכענונג האָט זיך שוין דאָרטן געפונען אַ גרויסע יידישע קהילה. צוליב דיפּלאָמאַטישע טעמים און צוליב צוועקן פון בילדונג פלעגן יידן אָפט פאָרן קיין רוים און אַנדערע פלעגן דאָרטן פאַרבלייבן. שפּעטער, אין די צייטן פון די אָפטע אויפשטאַנדן פון די יידן קעגן רוים, פלעגן די רוימער ברענגען קיין רוים מאַסן געפאַנגענע יידן און זיי דאָ פאַרקויפן פאַר שקלאַפן. ס׳רוב פלעגט די יידישע רייכע קהילה אין רוים אויסקויפן די געפאַנגענע (פדיון שבויים). אַנדערע פלעגן אויף אַ וואָסער־ס׳איז אופן אַליין זיך באַפרייען און באַזעצן זיך אין רוים אָדער אַנדערשוואו אין דער רוימישער אימפּעריע. קיין שום באַגרעניצונגען מצד דער מאַכט זיינען ניט געווען.

נאָכן חורבן בית שני און נאָך דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא זיינען צוגעקומען צענדליגע טויזנדער יידן, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין

פאַרשיידענע געגענדן פון דער רוימישער אימפעריע הן אַלס פרייע, הן אַלס געפאַנגענע.

**די פּאָליטישע לאַגע.**

אין יאָר 200 (נ. א. צ״ר) האָט דער קיסר קאַראַ-קאַלאַ אין זיין קאָנסטיטוציע אויסגעגלייכט פאַרן געזעץ אַלע איינוואוינער פון דער רוימישער אימפעריע. די יידן האָבן ברייט אויסגענוצט זייערע רעכט און אָנטיילגענומען אין אַלע געביטן פון מלוכה-לעבן ווי גלייכבאַרעכטיגטע בירגער.

**די פּרנסות.**

אויסער מסחר האָט דער גרעסטער טייל פון די יידן זיך באַשעפטיגט מיט פאַרשיידענע מלאכות. אין נידער-איטאַליע און אויף די אינזלען אין מיטלענדישן ים האָבן זיך געפונען אַ סך יידן-גוטבאַזיצער, קאָלאָניסטן און ערד-אַרבעטער.

**כּלל-לעבן.**

בכלל האָבן זיך די יידן זייער גיך צוגעפּאַסט צו די נייע לעבנס-באַדינגונגען און זיי האָבן געבילדעט זעלבּ-שטענדיגע קהילות, וואָס בראש פון זיי זיינען געשטאַנען פּרנסים און דיינים, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט אַלע ענינים פון דער געמיינדע און פאַרטיידיגט די אינטערעסן אויף פונם יחיד. דאָס אחדות-געפיל איז געווען זייער שטאַרק ביי יעדן איינציגן. פון דאָס לעצטע פלעגט יעדערער אָוועקגעבן אויף „פדיון שבויים״ און פאַר אַלע קהלשע הצטרכותן.

**די קולטורעל-גייסטיגע לאַגע.**

די קולטורעל-גייסטיגע לאַגע פון די יידן אין איטאַליע איז געווען נידעריג, אין פאַרגלייך מיט דער גייסטיגער לאַגע פון די יידן אין ארץ-ישראל אָדער בבל. זיי האָבן ניט געהאַט קיין גרויסע ישיבות מיט אַ סך תּלמידים. רוים גופא האָט גראָד געהאַט אַ גרויסע ישיבה, אָבער זי איז אויך געווען ניט זעלבשטענדיג. די גייסטיגע העגעמאָניע האָט איבער די יידן אין רוים געהאַט דאָס ארץ-ישראלדיגע יידנטום און שפּעטער דאָס בבלישע. אַ דאַנק דער טאָלע-ראַנץ פון די רוימער צו די יידן, האָבן די לעצטע געקאָנט בלייבן ביי זייערע מנהגים. מ׳האָט זיי אפילו באַפרייט פון געזעלשאַפטליכע פליכטן, אויב זיי זיינען געווען אין אַ סתירה צום יידישן דת.

די אומגאַנגס-שפּראַך פון די יידן אין איטאַליע איז געווען גריכיש אָדער לאַטיין. אויף די בעמען זיינען געווען גריכישע, אפילו די אויפשריפטן אויף די

מצבות זיינען געווען אויף לאַטיין און גריכיש, נאָר די מנורה האָט געדינט אויף דער מצבה אַלס סימן, אַז דאָס איז אַ יידישע.

קעגנזייטיגע באַציאונגען מיט די שכנים.

דאָס יידישע באַשיידענע לעבן, דאָס ריינע פאַמיליענלעבן, די מאָראַלישע אויפפירונג בכלל און די ריינע רעליגיע, דער גלויבן אין איינאיינציגן גאָט פלעגן מאַכן אַ גוטן רושם אויף זייערע שכנים. אדאנק דעם האָט זיך געשאַפן אַ באָדן פאַר אַ געמיינזאַמען צוזאַמענלעבן פון די יידן מיט די שכנים־געצנדינער.

די יידן פלעגן אָפט זיך מתווכח זיין מיט זיי אין רעליגיעזע פראַגן, עסן מיט זיי צוזאַמען און אַפילו, אמת, ניט אָפט, זיך מחתּן זיין מיט זיי. די ווירקונג פון די יידן איז ערטערווייז געווען גאַנץ שטאַרק. און זעער אָפט פלעגט טרעפן, אַז שכנים־געצנדינער פלעגן אָננעמען דעם יידישן גלויבן. דאָס פלעגט אַמאָל אַרויסרופן פאַרדרוס פון דער מאַכט אויף די יידן און צוליב דעם פלעגט זיי אויך אויסקומען אַמאָל צו ליידן. נאָר דאָס זיינען געווען גיכפאַרבייגייענדיגע מאָמענטן. סירוב האָט זיך די מאַכט באַצויגן צו די יידן גוט און קיינע רדיפות פלעגן ניט פאָרקומען.

די קריסטליכע רוים.

אין IV יר״ה, זינט קאָנסטאַנטין דער גרויסער האָט אָנגענומען דעם קריסטנטום, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיסטעם פון באַגרעניצונגען פון די יידישע רעכט. טעאָדאָסיוס II, וואָס האָט דעם קריסטנטום געמאַכט פאַר דער הערשנדיגער רעליגיע אין דער אימפעריע, האָט אָפּגענומען ביי די יידן זייערע בירגעררעכט (439). עס איז פאַרווערט געוואָרן בויען נייע שולן, איינשאַפן זיך קריסטליכע קנעכט; אויף רעגירונגס־אַמטן אָדער חשובע געזעלשאַפטליכע שטעלעס האָט מען יידן נישט אָנגענומען.

די דאָזיגע גזרות האָבן געווירקט שלעכט אויף אויפן עקאָנאָמישן לעבן פון די יידן.

בעת דער גרויסער פעלקער-וואַנדערונג.

די לאַגע פון די יידן אין דער איבערגאַנגס־צייט פון דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג איז געווען אַ שלעכטע, אָבער ניט ערגער ווי די לאַגע פון די איבעריגע איינוואוינער. צעזייט און צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד און געהערנדיג צו אַלע געזעלשאַפטליכע שטאַנדן און ריכטונגען, האָבן זיי גענומען אַ גלייכן אָנטייל אין אַלע געשעענישן אין לאַנד.

**די אָסטגאָטן און די יידן.**

אין דער צייט, ווען די אָסטגאָטן האָבן געוועלטיגט אין איטאַליע (493—554), האָבן די יידן דאָרטן געלעבט אין באַדייטנדיגע קהלות סיי אין צפון, סיי אין דרום: רוים, מילאַן, ראַווענאַ, גענוא, וועראָנאַ, אויף די אינזלען סיציליע און סאַרדיניע. דער קיניג פון די אָסטגאָטן טעאָדאָריק דער גרויסער, וואָס האָט געהאַט אָנגענומען דעם קריסטנטום אין דער אַריאַנישער פאָרם, האָט געוועלט איינהיטן די אָרדענונג אין לאַנד, געזעען איינצאַמען די פאַנאַטיקער, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן פיינדליך צום קיניג גופא, ווי צו אַן אַריאַנער, און האָט געשיצט די יידן. ער האָט אָנערקענט די רעכט אויף זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די יידישע קהילות; דער פסק-דין, וואָס פלעגט אַרויסגעטראָגן ווערן פון די יידישע דיינים, האָט געהאַט די זעלביגע קראַפט, ווי אַ מלוכה-געזעץ. נאָר גלייכצייטיג איז אויך געבליבן דער פאַרבאָט צו בויען נייע שולן. אָבער די אַלטע שולן האָט ער געשיצט פון דער אייפערדיגער גייסטליכקייט. אין רוים און ראַווענאַ האָט ער באַפוילן, אַז די פאָגראָמשטשיקעס מוזן אָפּבויען די שולן, וואָס זיי האָבן צעשטערט.

די יידן האָבן זיך גוט באַצויגן צו די אָסטגאָטישע הערשער, און ווען ביזאַנטיע איז אָנגעפאַלן אויף איטאַליע, זיינען די יידן געשטאַנען אין די רייען פון די אָסטגאָטן און פאַרטיידיגט דאָס לאַנד. בשעת די ביזאַנטיער זיינען צוגעטראָטן צו נעאַפּאָל, האָבן די אָרטיגע יידן אַרויסגעוויזן קעגן זיי אַ האַרט-נעקיגן ווידערשטאַנד. בשעת בעליזאַריוס האָט באַלאַגערט נעאַפּאָל, האָט די גריכישע באַפעלקערונג געוואָלט עפענען די טויערן, נאָר די יידן האָבן באַשלאָסן צו פאַרטיידיגן די שטאָט ביז דער לעצטער מיגליכקייט. זיי האָבן באַזאָרגט די באַלאַגערטע מיט פראָוויאַנט, האָבן מוטיג פאַרטיידיגט די שטאָטישע מויערן און דורך זייער ביישפּיל האָבן זיי צוגעגעבן מוט די איבעריגע בירגער.

**נאָך ביזאַנטיעס פאַרנעמען איטאַליע.**

פון יאָר 554 ביז 568, ווען איטאַליע איז געוואָרן אַ פּראָווינץ פון ביזאַנטיע, איז אויף די יידן אין איטאַליע אַרויפגעלייגט געוואָרן דער שווערער יאָך פון די באַגרעניצונגס-געזעצן פון יוסטיניאַנוסעס געזעץ-בוך.

די לאַנגאָבאַרדישע פירשטן (אויך אַריאַנער) האָבן ניט גערודפט די יידן.

פויפסט גרעגאָר I
און די יידן.

גרעגאָר דער גרויסער (605—590) האָט גע־שיצט די יידן פון רדיפות, אָבער ער האָט מיט אַלע מיטלען געוואָלט צוציען יידן צום קריסטנטום. די משומדים פלעגט ער טאָן פיל טובות, ווייל, זייערע קינדער, לויט ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, וועלן שוין געוויס זיין גוטע קריסטן. אויך האָט ער שטאַרק השגחה געגעבן, אַז יידן זאָלן ניט האָבן קיין קריסטליכע דינערשאַפט.

וויכטיגסטע
יידישע קהילות.

אין זיבעטן יר״ה זיינען די וויכטיגסטע קהילות געווען אין רוים, ווענעציע, מילאַן, גענוא, אָטראַנטאַ, סאַלערנאָ, נעאַפּאָל, טאָרענטאָ און באַרי. אויף סיצילינ: פּאַלערמאָ, מעסינאַ. אין VIII יר״ה זיינען די שטאָט לוקאַפּאַוויאַ און דער אינזל סאַרדיניע געווען אַ צענטער פאַר תּורה און השכלה. דאַן איז צווישן די יידן אין איטאַליע געווען מער פאַרשפּרייט ערדאַרבעט.

---

## ב. די ערשטע יידן אין גאַליע.

די ערשטע
יידישע קאָלאָניעס.

פון די מאַסן יידן, וואָס זיינען געקומען אָדער געבראַכט געוואָרן אַלס קריגסגעפאַנגענע קיין איטאַליע, האָט אַ געוויסער טייל, צוליב עקאָנאָמישע סבות, זיך באַזעצט אין גאַליע, וואָס איז געווען אַ רוימישע פּראָווינץ. אויך דאָרטן, ווי אין איטאַליע, האָבן זיי פון קיינע ספּעציעלע באַ־גרעניצונגען ניט געוואוסט.

זיי האָבן זיך פריי געקאָנט באַשעפטיגן מיט אַלע צווייגן פון פּרנסה. אין V יר״ה באַגעגנט מען שוין יידישע קאָלאָניעס אין מאַרסעל, אָרלעאַן, אַרל, פּאַריז א. א.

די עקאָנאָמישע
לאַגע.

אַ סך יידן האָבן פאַרנומען חשובע שטעלעס אין דער געזעלשאַפט. כמעט דער גאַנצער מסחר פאַר ים און יבשה איז געווען אין די יידישע הענט. זיי האָבן געוואוינט ס׳רוב אין די שטעט. אויסער די הייזער אין שטאָט, האָבן זיי אויך געהאַט פעלדער און וויינגערטענער אַרום שטאָט.

אַ סך יידן זיינען געווען אויך צעשפּרייט אין די הויפן פון די גרויסע שררות און גייסטליכע. זיי זיינען געווען צושטעלער פון פאַרשיידענע לוקסוס־

אַרטיקלען פאַר די שררות. צוליב דעם, וואָס די יידן פלעגן זעער פיל אַרומ־פאָרן איבערן לאַנד, איז די פּאָסט געווען אין זייערע הענט. אויך זיינען גע־ווען יידן באַנקירן.

## די ענדערונג פאַר די מעראָווינגער.

די אַנטשטייאונג פון דער פראַנקישער מאָנאַרכיע אונטער דער ממשלה פון דער מעראָ־ווינגישער דינאַסטיע איז געווען אַ ווענד־פונקט אין דער געשיכטע פון די גאַלישע יידן. נאָכדעם ווי דער קריסטנטום האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבערן היידנטום אין גאַליע, האָט די קירך ניט געקאָנט רואיג צוקוקן, וואָס די יידן זיינען די איינציגע נאָך אַלץ געבליבן ביי זייער גלויבן. אויך האָבן זיי מורא געהאַט פאַר דער יידישער השפּעה אויף די קריסטן, ווייל די קעגנזייטיגע באַציאונגען פון די יידן מיט די קריסט־ליכע שכנים איז געווען זעער אַ פריינדליכע. אַפילו קאַטוילישע גייסטליכע פלעגן אָפט באַזוכן יידישע הייזער און לעבן מיט זיי צוזאַמען און עס האָט זיך ניט געשפּירט קיין מחיצה צווישן יידן און קריסטן.

## גְזֵרוֹת.

כּדי צו שיצן די קריסטן פון דער יידישער השפּעה, האָט די קירך אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט די יידן. אין יאָר 465 און 506 האָבן די קירכן־פאַרזאַמלונגען געאַסרט די גייסטליכע צו עסן צוזאַמען מיט יידן. אין די יאָרן 533, 538 און 541 האָבן זיי שטרענג פאַרווערט שדוכים צווישן קריסטן און יידן.

פאַר מגייר זיין קריסטן האָט דער געזעץ אַרויפגעלייגט אַ האַרבע שטראָף. אַ יידנס אַ שקלאַף, וואָס האָט אָנגענומען דעם קריסטנטום, האָט באַקומען פרייהייט פאַר אַ באַשטימטן אויסקויף. אויב אַ ייד האָט באַוואויגן זיין קריסט־ליכן שקלאַף אָנצונעמען די יידישע אמונה, דורך דעם וואָס ער האָט אים צו־געזאָגט פרייהייט, האָט דער געזעץ ניט צוגערעכנט דעם גר צום פרייען שטאַנד. די קירכן־פאַרזאַמלונג אין יאָר 581 האָט פאַרבאָטן צו באַשטימען יידן פאַר ריכטער אָדער הוכרים פון מלוכה־שטייערן.

מיט די אַלע גזרות קעגן יידן איז מען אויסן געווען אָוועקצושטעלן די יידן אין אַ לאַגע פון דערנידעריגטע, כּדי עס זאָל זיך קיינעם ניט וועלן זיך מגייר זיין, און אפשר וועלן די יידן, ניט קענענדיג אַריבערטראָגן דעם גורל פון פאַרפאָלגטע, זיך אַ קער טאָן צום קריסטנטום.

**פאַלן פון שמד.** די מיסיאָנערישע כוונות פון די גייסטליכע זיינען ביסלעכווייז אַריבער אויך צו דער וועלטליכער מאַכט. צום סוף פון VI יאָרהונדערט זיינען פאָרגעקומען אַ סך פאַלן פון שמדן יידן איבערגעוואַלד און דאָס האָט געצוואונגען דעם פויפסט גרעגאָר I זיך אַריינ־צומישן און דאָס צו פאַרווערן.

---

## ג. די יידן אויפן פירענעאישן האַלב־אינזל.

**יידישע שטעט.** די גרעסטע יידישע קאָלאָניע אין מערב־אייראָפּע האָט זיך געפונען אויפן פירענעאישן האַלב־אינזל. לויט די לעגענדעס פון די שפּאַנישע יידן, זיינען יידן געקומען אַהין נאָך אין שלמהס צייטן צוזאַמען מיט די צידונים (פעניקיער), אָדער נאָך דעם חורבן בית ראשון. מען ווייזט אָן אויף אייניגע שטעט, וואָס טראָגן יידישע נעמען, ווי למשל: טאלעדא (טוליטולה) און אירע שכנותדיגע שטעט: עסקאלונא (אשקלון), Maqueda (מַקֵדה), יאפּעס (יפו); Aceca (עזקה). די שטעט גרענאַדא און Tarragona (טרכונה) האָבן אַמאָל געהייסן „די יידן־שטעט“. נעבן סאַראַ־גאָסאַ איז געווען אַ פעסטונג, וואָס די אַראַבער האָבן זי גערופן „רוטא אל יהוד“ (דער יידישער טורעם, פעסטונג). נאָך די יידישע מלחמות מיט די רוימער זיינען צענדליגע טויזנטער יידן אַהין געבראַכט געוואָרן אַלס געפאַנגענע, וואָס זיינען אויסגעלייזט געוואָרן דורך די יידישע תושבים. אויך זיינען אַהין געקומען יידן פון צפון־אַפריקע.

**קהילות.** אין VI און VII יר"ה האָבן די יידן געוואוינט ניט בלויז אין די שטעט, נאָר אויך אין די שטעטלעך און זיי האָבן געהאַט אָרגאַניזירטע קהילות, אָנגעפירט פון געוויילטע פרנסים. די צאָל יידן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ניט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל פאַרטריי־בענע אין די צייטן פון די גירושים, איז עס ניט געווען קענטיג. די צאָל אַנוסים אַליין אין VII יר"ה האָט דערגרייכט ניינציג טויזנט, און זיי זיינען געווען אייגנטליך אַ מיעוט.

**די רעכטליכע לאַגע.** אונטער דער ממשלה פון די רוימער האָבן די שפּאַנישע יידן געהאַט אַלע בירגער־רעכט און האָבן זיך געפונען אונטערן שוץ פון די אַלגעמיינע געזעצן פון דער אימפּעריע.

**די עקאָנאָמישע לאַגע.**

די יידן האָבן געוואוינט אין שטעט און דערפער, האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, וויין־פלאַנצונג און האָבן געהאַט פלאַנטאַציעס פון אייל־בירטנבוימער, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט אַליין אָדער מיט דער הילף פון שקלאַפן. זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט מלאכה און האַנדל. באַזונדערס האָבן זיי אונטערגעהאַלטן די האַנדלס־באַציאונגען מיט די שכנישע געגנדן פון צפון־אַפריקע.

**באַציאונגען מיט די שכנים.**

מיט זייערע שכנים ניט־יידן האָבן זיי זיך גוט צוזאַמענגעלעבט. אַפילו ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפרייטן אין שפאַניע דער קריסטנטום, זיינען אויך ניט פאָרגעקומען קיין שום שינויים אין זייערע קעגנזייטיגע באַציאונגען. די קריסטן פלעגן זיך מתחתן זיין מיט די יידן, פלעגן אָפטמאָלס איינלאַדן צום הייליגן זייערע פעלד־פּראָדוקטן יידישע רבנים, אָנשטאָט גלחים.

**די וועסטגאָטן און די יידן.**

אין V יר״ה האָט זיך אין שפאַניען געגרינדעט אַ וועסטגאָטישע קיניגרייך.

די ערשטע וועסטגאָטישע מלכים, וואָס זיינען געווען אַריאַנער, האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן די קאַטוילן און די יידן האָבן זיי געלאָזט צו רו. די יידן האָבן פאַרנומען חשובע געזעלשאַפטליכע און מלוכה־פּאָסטנס. די יידן, וואָס האָבן געוואוינט צופוסנס פון די פירענעאישע בערג, אויפן גרעניץ צווישן שפאַניע און גאַליע, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט קריגערישן גייסט און האָבן פאַרטיידיגט די גרעניצן קעגן די אָנפאַלן פון די בורגונדער און פראַנקן.

**דער גייסטיגער צושטאַנד.**

זייער גייסטיגע יניקה פלעגן די יידן ציען פריער פון ארץ־ישראל און נאָכדעם פון בבל. פון דאָרטן פלעגן זיי ברענגען רבנים און לערער. אהין פלעגן זיי זיך ווענדן מיט פאַרשיידענע „שאלות“. שטאַרק איז ביי זיי געווען איינגעוואָרצלט דער יידישער גלויבן און שטאַרק איז ביי זיי געווען דער אחדות־געפיל. ווי נאָר דער קאַטויליציזם איז געוואָרן די הערשנדיגע רעליגיע, האָט זיך גלייך געענדערט די לאַגע.

**גזירות.**

רעקאַרעד דער I איז אינגאַנצן געווען אונטער דער השפעה פון די גייסטליכע און ער האָט אַרויסגעגעבן גזירות אויף יידן, וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק אָפּצוטיילן די קריסטן פון

די יידן. אזוי זיינען פאַרווערט געוואָרן געמישטע חתונות: די קינדער, וואָס זיינען געבאָרן פון געמישטע חתונות, האָט מען באַפוילן צו טויפן איבערגע־וואלד. די יידן איז פאַרווערט געוואָרן צו פאַרנעמען געזעלשאַפטליכע שטעלעס און צו האַלטן קריסטליכע דינערשאַפט (589).

נאָר דידאָזיקע גזירות זיינען ניט פאַרווירקליכט געוואָרן אין לעבן, מחמת די וועסטגאָטישע מלכים זיינען גיט געווען קיין אומבאַגרעניצטע מושלים, נאָר אָפהענגיגע פון זייערע שררות אָדער פעאָדאַלן, וואָס האָבן געהאַט דאָס רעכט זיי אויסצוקלייבן, און יעדער שררה האָט זיך געפירט מיט זיינע יידן ווי אים איז געווען געפעלן.

די מלכים, וואָס זיינען געווען נאָך רעקאַרעדן, האָבן בכלל ניט אָנגע־ווענדט דידאָזיגע גזירות.

ערשט אין דער צייט פון קיניג סיזעבוט (612—620) האָבן זיך די רדיפות אָנגעהויבן מיט אַ גרעסערער קראַפט. די גייסטליכע און וועלטליכע באַאַמטע איז באַפוילן געוואָרן שטרענג אַכטונג צו געבן, אַז קריסטן זאָלן ניט דינען ביי יידן. מ'האָט באַשטימט אַ טערמין, וואָס ביז יעמאָלט האָבן די יידן געמוזט פריי־לאָזן אַלע זייערע קריסטליכע שקלאַפן. אויב ניט — האָט מען געשראָקן אָפצונעמען ביי זיי זייער אייגנס. דערדאָזיגער באַפעל איז עלול געווען איינגאַנצן צו רואינירן די יידן, וואָס האָבן באַאַרבעט זייערע פעלדער און פלאַנטאַציעס מיט דער הילף פון קנעכט. נאָר ניט קוקנדיג אויף דער שטרענגקייט פון סיזיבוטס באַפעלן, זיינען זיי אין גרעסטן טייל ניט דורכגעפירט געוואָרן: די שררות, אפילו בישאָפן האָבן מקיל געווען און געשיצט די יידן.

גזירת שמד.

דאַן האָט סיזעבוט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז אַלע יידן, וואָס וועלן ניט אָננעמען דעם קריסטליכן גלויבן, מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

אַ סך יידן האָבן פאַרלאָזן שפּאַניע און עמיגרירט קיין פראַנקרייך און קיין אפריקע (613).

אָבער אַ גרויסער טייל יידן זיינען פאַרבליבן אין לאַנד און האָבן לפנים אָנגענומען דעם קריסטנטום.

קיניג סווינטילאַ מבטל די גזירות.

סיזעבוטס גזירות זיינען בטל געוואָרן דורך זיין יורש, דעם קיניג סווינטילאַ (621—631). די אנוסים האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייער גלויבן און די אַרויסגעטריבענע אין זייער היים.

די ערשטע אנוסים.

דער קריסטנטום איז נאָך ניט געווען גוט איינגע־וואָרצלט ביי די שפּאַניער. אַ טייל פון זיי האָבן נאָך געפייערט דאָנערשטאָג לכבוד יופּיטערן און אָפּגעהיט אַנדערע געצנדינערישע מנהגים, — בכן איז פאַר די גלחים געווען גענוג, וואָס די יידן האָבן זיך געטויפט. דאָס וואָס דידאָזיגע געטויפטע היטן די יידישע מנהגים, האָט זיי ניט געאַרט.

נאָר די מלכים, וואָס זיינען געווען נאָך סווינטילאַ, האָבן באַנייט צוריק רעקאַרעדס גזירות, און די פריערדיגע אנוסים האָט מען געצוואונגען צו זיין כשרע קריסטן; מען האָט זיי פאַרבאָטן יעדע מגע ומשא צו האָבן מיט יידן.

באַנייט די גזירת שמד.

אין יאָר 638 האָט דער קיניג כינטילאַ באַנייט סיזעבוטס באַפעל, די יידן זאָלן זיך אָדער שמדן אָדער עמיגרירן. די משומדים, וואָס זיינען געבליבן אין לאַנד, האָבן געמוזט אונטערשרייבן זיך, אַז זיי וועלן כשר אָפּהיטן אַלע צערעמאָניעס פון דער קריסטליכער אמונה.

אָפּגענומען ביי יידן די גלייכבאַרעכטיגונג.

נאָך כינטילאַס טויט איז די יידישע לאַגע אַ ביסל לייכטער געוואָרן. אַ סך יידן האָבן זיך אומגעקערט אין זייער היים, די אנוסים האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייער גלויבן (642—652).

אָבער נאָכדעם הייבט זיך אָן אַ שורה פון מלכים, וואָס האָבן זיך געמיט אַריבערצושטייגן איינער דעם אַנדערן אין רשעות. איבערהויפּט האָבן זיי געפירט אַ פאַרטיליגונגס־פּאָליטיק לגבי די אנוסים. מיט דער גרעסטער שטרענגקייט זיינען די אנוסים נאָכגעשפּירט געוואָרן אויף יעדער טריט, זיי זאָלן ניט אָפּהיטן די יידישע מנהגים. דער קיניג רעצעסווינט האָט מבטל געמאַכט אין לאַנד דעם רוימישן געזעץ, לויט וועלכן די יידן האָבן געהאַט גלייכע רעכט מיט אַלעמען, און האָט איינגעפירט אַ נייעם געזעץ־בוך, אין וועלכן עס זיינען געווען צונויפגעזאַמלט אַלע וועסטגאָטישע מנהגים, אַלע געזעצן און באַשלוסן

פון די פריערדיגע מלכים און קירכן־פאַרזאַמלונגען. אויך האָט ער פאַרווערט די אנוסים צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד (652—672).

**די ווילדע רשעות פון ערוויג און עגיקאַ.**

דער קיניג ערוויג האָט זיך פאַרמאָסטן מאַכן אַ סוף מיט די יידן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז ביי איטליכן יידן, וואָס וועט אין משך פון אַ יאָר ניט אָננעמען דעם קריסטנטום, וועט מען אָפּנעמען זיין אייגנטום, געבן אים הונדערט שמיץ, אָראָפּציען ביי אים די הויט פון קאָפּ און פון שטערן פאַר א סימן פון אייביגער שאַנד און פאַרטרייבן אים פון לאַנד (681).

זיין איידעם, דער קיניג עגיקא, האָט אים אַריבערגעשטייגט אין רשעות. ער האָט די יידן פאַרווערט אַלע פרנסות: צו באַזיצן אומבאַוועגליכע גיטער, פירן האַנדל מיט אויסלאַנד און אין לאַנד גופא. זייערע פאַרמעגנס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן פאַר דער מלוכה (693).

**די פאַרשווערונג פון די יידן און איר סוף.**

דער יאוש ביי די יידן איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן באַשלאָסן אויפצוהייבן אַ מרידה קעגן די וועסטגאָטן. זיי האָבן זיך צונויפגערעדט מיט די יידן אין צפון־אַפריקע, וואָס האָבן געלעבט רואיג אונטער דער ממשלה פון די פאַטימידן, און יענע האָבן געדאַרפט וירקן אויף די אַראַבער, זיי זאָלן ערקלערן מלחמה די וועסטגאָטן. נאָר דער סוד איז באַצייטנס אַנטדעקט געוואָרן. די יידן זיינען פאַר דערדאָזיגער פאַרשווערונג גרויזאַם באַשטראָפט געוואָרן. זיי זיינען אַלע דערקלערט געוואָרן פאַר שקלאַפן און פונאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן פאַרשיידענע שררות, וואָס האָבן קיין רעכט ניט זיי פרייצולאָזן (694).

אין יאָר 711 איז געקומען דער סוף צו דער ממשלה פון די וועסטגאָטן.

**דער אַריינמאַרש פון די אַראַבער.**

די אַראַבער זיינען געגאַנגען מיט נצחון אונטער דער אָנפירונג פון זייער גבור טאַריק און האָבן אין אַ גאַנץ קורצער צייט פאַרנומען דעם גרעסטן טייל פון שפאַניע.

די יידן פון שפאַניע האָבן געהאָלפן די אַראַבער מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. די אַראַבער האָבן געהאַט גרויס צוטרוי צו זיי און זיי באַשטימט פאַר קאָמענדאַנטן פון די איינגענומענע פעסטונגען. די יידן

האָבן געעפנט פאַר טאַריקן די טויערן פון דער הויפּטשטאָט טאָלעדאָ און מקבל פּנים געווען די אַראַבער מיט פרייד פון נצחון.

אָט אַזוי האָט זיך אינגאַנצן געענדערט די לאַגע. פון שקלאַפן זיינען די יידן געוואָרן בעלי בתּים אין לאַנד. און אין זעער אַ קורצער צייט זיינען צוגעקומען קיין שפּאַניע אַ סך יידן פון צפון־אַפריקע,— אַ טייל, וואָס זיינען פריער אַהין אַנטלאָפן פון די וועסטגאָטישע גזירות, און אַ טייל פון די מזרח־יידן, וואָס האָבן געזוכט פּרנסות, און היות זיי האָבן פון דער מאַכט ניט געהאַט קיין שום שטערונגען, האָבן זיי זיך דאָ זעער גוט איינגעאָרדנט.

---

## ה. יידן אויפן באַלקאַנישן האַלב־אינזל.

**די יידן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.**

די יידן אין גריכנלאַנד האָבן זיך מערסטנטיילס באַשעפטיגט מיט לאַנדווירטשאַפט, בינענצוכט און זיידנשפּינעריי.

אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן זיך די יידן באַזעצט נאָך איידער דאָס קריסטנטום איז געוואָרן די הערשנדיגע רעליגיע. זיי האָבן דאָרטן געבילדעט אַ באַזונדערן קוואַרטאַל מיט אייגענע שולן און אַנדערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. צווישן די יידן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיינען געווען אַ סך געשיקטע זייד־ און פּורפּור־פאַבריקאַנטן, אַ סך סוחרים. אין זייער אינעווייניגסטן לעבן זיינען זיי געווען זעלבשטענדיג. זיי פלעגן אליין וויילן דעם פּרנס, וואָס פלעגט פאַרוואַלטן מיט אַלע יידישע ענינים.

**גרויסע רדיפות אויף יידן.**

אין דער צייט פון טעאָדאָסיוס II (439) און יוסטיניאַנוס (527—565) האָט זיך זעער פאַרערגערט די יידישע לאַגע. די מלוכה האָט זיך באַמיט צו דערנידעריגן די יידן און אָפּצונעמען ביי זיי די בירגערליכע רעכט. אין VIII יר״ה האָט זיך די לאַגע מוראדיק פאַרערגערט. דער קיסר לעאָ דער איסאַווריער (717—741), וואָס האָט אונטער דער השפּעה פון דער יידישער אמונה און פונם איסלאַם אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף קעגן דעם בילדער־דינסט אין דער דער קריסטליכער קירך, האָט מיט־אַמאָל געביטן זיין טאַקטיק און גענומען רודפן די יידן און די כופרים, כדי זיך ריינצווואַשן פון דעם נאָמען „כופר און יהודי״, וואָס די אָרטאָדאָקסישע גייסטליכקייט האָט אים געגעבן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון דער ביזאַנטישער אימפּעריע זאָלן אָנ־

בעמען דעם גריכישן גלויבן, און טאָמער װעלן זיי ניט פאָלגן, האָט ער זיי גע־שראָקן מיט שרעקליכע שטראָפן (723).

•

שמד און גירוש.

א סך יידן האָבן יעמאָלט אָנגענומען לפנים די קריסטליכע אמונה, מיט דער האָפענונג, אז שפעטער, װען די רדיפות װעלן שטילער װערן, װעלן זיי קאָנען זיך אומקערן צוריק צו זייער גלויבן. אַנדערע װידער האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון ביזאַנטיע צום צפונדיקן ברעג־לאַנדביים שװאַרצן ים.

אויסערגעװיינליכע פאָגראָמען.

באזיליוס דער מאַקעדאָניער (867—886) האָט געפּרובט מיט אַלע מיטלען צוציען יידן צום קריסטנטום: ער האָט־איינגעאָרדנט רעליגיעזע װכּוחים צװישן גלחים און רבנים; צוגעזאָגט די משומדים הויכע שטעלעס און גוטע באַלוינונגען, נאָר װען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער װעט מיט די יידן גאָרנישט מאַכן, האָט ער אָנגעהויבן איבערגװאַלד זיי צו צװינגען צום שמד. די מסורה דערציילט, אַז באזיליוס האָט פאַרטיליגט אַן ערך טויזנט יידישע קהילות. גאַנץ געבליבן זיינען נאָר פינף קהילות, אַ דאַנק דער שתּדלנות פונם פייטן שפטיה, װאָס האָט אויסגעהיילט דעם קיסרס משוגענע טאָכטער. אָט דער שפטיה זאָל האָבן מחבר געװען די סליחה „ישראל נושע בה׳״ לזכר דערדאָזיגער געשעעניש. אַ סך יידן זיינען אַנטלאָפן פון ביזאַנטיע און האָבן זיך באַזעצט אין די לענדער, װאָס ליגן ביים שװאַרצן ים, אויפן קרימער האַלב־אינזל און דערגרייכט ביזן לאַנד פון די כּוזרים.

---

## ה. די כּוזרים.

די מעכטיגע מלוכה פון די כּוזרים.

אויפן צפונדיגן ברעג פון קאַספּישן ים האָט, זינט דער גרויסער פעלקער־װאַנ־דערונג, זיך באַזעצט אַ פינישער אָדער טערקישער שבט — די כאַזאַרן (כּוזרים).

דורך זייערע קריגערישע אָנפאַלן האָבן די כאַזאַרן אָפטמאָל באַאומרואיגט אַרמעניע און פּערסיע פון איין זייט און ביזאַנטיע—פון דער אַנדער זייט. אין משך פון דער צייט האָבן זיך די כאַזאַרן איינגעפעסטיגט אויפן טאַװרישן האַלב־אינזל, פונװאַנען זיי האָבן אַרויסגעשטופּט די גריכן און בולגאַרן, האָבן

אונטערטעניג געמאַכט די ניט־אָרגאַניזירטע סלאַוון אויף די ברעגן פון דניעפּר און גענומען פון זיי צינז און זיינען געווען גרייט אָנצופאַלן אויף די באַלקאַנישע פּראָווינצן פון ביזאַנטיע.

אַזוי האָבן די כּוזרים געוועלטיגט פון צפונדיגן קאַווקאַז און קאַספּישן ים, וואָס האָט יעמאָלט געהייסן „כּאַזאַרישער ים“, ביז צו דער מיטלסטער שטרעמונג פון דניעפּר.

**די הויפּט־שטאָט פון די כּוזרים.**

די כּאַזאַרישע מלכים האָבן געטראָגן דעם טיטל כּאַהאַן. זייער הויפּשטאָט איז געווען די שטאָט איטיל, ניט ווייט פונם אָרט, וואו די װאָלגע פאַלט אַריין אין קאַספּישן ים.

די כּוזרישע הויפּטשטאָט איטיל איז הונדערטער יאָרן לאַנג געווען דער וויכטיגסטער לאַגער־פּלאַץ פאַר בולגאַרישע, רוסישע און גריכישע סוחרים. אינם לאַנד פון די כּוזרים האָבן זיך באַזעצט אויך אַ סך יידן, בפרט פון די, וואָס זיינען אַן ערך אין 723 פאַרטריבן געוואָרן פון דער ביזאַנטישער אימפּעריע, און זיי האָבן געפירט האַנדל מיט גריכנלאַנד און אַזיע (אונטערן שוץ פון די מעכטיגע כּוזרישע מלכים).

**די יידן און די כּוזרים.**

לכתחילה זיינען די כּוזרים געווען געצנדינער. נאָר אין VIII יאָרהונדערט איז אין זייער רעליגיעזן לעבן פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערקערעניש.

די יידן פון פּערסיע און ביזאַנטיע, וואָס האָבן זיך אין אַ גרויסער צאָל באַזעצט אין לאַנד, האָבן מיט זייער אַרט לעבן אָנגעהויבן ווירקן אויף די געצנדינערישע כּוזרים, זיי זאָלן זיך אַריינטראַכטן אין זייער גלויבן.

די געצנדינערישע וועלט האָט שוין געהאַלטן יעמאָלט אינגאַנצן ביים אונטערגיין. די כּאַזאַרן האָבן געהאַט פאַר זיך צו וויילן איינע פון די דריי מאָנאָטעאיסטישע אמונות. נאָר די מלכים, די כּאַהאַנען, איז געווען שווער אָנצונעמען דעם קריסטנטום, ווייל דאַן וואָלט זייער זעלבשטענדיקייט פיל ליידן; זיי וואָלטן אַרונטערגעפאַלן אין פיל הינזיכטן אונטערן רשות פון ביזאַנטיע. דעם איסלאַם האָבן זיי אויך צוליב די זעלביגע מאָטיוון ניט געוואָלט אָננעמען: זיי האָבן ניט געוואָלט אַרונטערפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון באַגדאַד. איז פאַר זיי געבליבן דער בעסטער וועג: אָנצונעמען דעם יידישן גלויבן, וועלכער האָט איבער קיינעם ניט געוועלטיגט און ניט געהאַט קיין פּרעטענזיעס דערויף.

**די כוזרים ווערן יידן.**

אן ערך אינם יאָר 730 האָט איין כוזרישער מלך, בולאַן, מיטן קיניגליכן הויף און גרויסע שרים אָנגענומען דעם יידישן גלויבן.

זיין נאָכפאָלגער, דער קיניג עובדיה, האָט פארשטאַרקט די אמונה אין גאַנצן לאַנד. ער האָט איינגעלאַדן יידישע געלערנטע, אויסגעבויט שולן, וואו מען האָט דעם עולם געלערנט תנ״ך, משנה און תלמוד און „די הייליגע תפילות פון די חזנים״.

**די גרויסע טאָלעראַנץ פון די כוזרים.**

נאָר ניט געקוקט אויף אַלע באַמיאונגען פון די מלכים צו פארשפרייטן צווישן די כוזרים דעם יידישן גלויבן, איז נאָך פונדעסט־וועגן געבליבן אַ גרויסע צאָל כוזרים־געצנדינער און אַ געוויסע צאָל קריסטן און מוסולמענער. דער קיניג און די אַריסטאָקראַטיע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלן פון יושר און גערעכטיקייט פון דער יהדות,—דעריבער האָבן זיי ניט געוואָלט באַנוצן זיך מיט געוואַלד־מיטלען, כדי צו פאַרשפרייטן די יהדות, ווי עס האָבן געטאָן די קריסטן און די מוסולמענער. זיי האָבן אפילו ניט געשטערט די מיסיאָנערן פון קריסטנטום און איסלאַם אין זייער אַרבעט. אַלע זיינען געווען גלייכבאַרעכטיגט. ביים כאַהאַן זיינען געווען אַכט דיינים: צוויי יידן, צוויי קריסטן, צוויי מוסולמענער און צוויי געצנדינער. מער ניט צייטנווייז פלעגט דער כוזרישער מלך אַרויסווייזן אומטאָלעראַנץ, באַזונדערס בשעת צו אים פלעגן דערגיין ידיעות וועגן רדיפות אויף יידן אין אַנדערע לענדער. אַז דער כאַהאַן האָט זיך איינמאָל דערוואוסט, אַז מחמדאַנער האָבן צעשטערט אַ שול ערגיץ אין לאַנד באַבונדזש, האָט ער געהייסן צעשטערן דעם טורעם (מינאַרעט) פון מעטשעט און טויטן די מועדזינעס (מחמדאנישע גלחים) דערביי האָט ער מוסיף געווען: „איך וואָלט צעשטערט דעם מעטשעט גופא אויך, ווען איך וואָלט ניט מורא געהאַט, עס זאָל אין די לענדער פון די מחמדאנער ניט בלייבן קיין איין שול (אַן ערך אין יאָר 932).

**כַּזַרְיָה — לאַנג געווען אַ סוד.**

וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ יידישן קיניגרייך אין כזריה האָבן די יידן אין מערב־איראָפּע אַ לאַנגע צייט ניט געוואוסט, און די ידיעות, וואָס זיי פלעגן באַקומען פון די יידישע סוחרים וועגן די כוזרים, האָבן זיי אָנגענומען פאַר ניט אמתע. אין דעם מצב פון שטענדיגע רדיפות אין די קריסט־

ליכע לענדער זיינען די ידיעות אויסגעקומען די יידן אומגלויבליך און אוממיגליך.

די ביזאַנטישע און פערסישע יידן, וואָס זיינען געקומען קיין כּאזאריע, האָבן דאָרטן געפונען אַ מקום מנוחה. זיי האָבן געקאָנט אָרגאַניזירן זייערע קהילות, נעמען אָנטייל אין האַנדל מיט גריכנלאַנד און אַזיע.

אין IX יר"ה און אין דער ערשטער העלפט פון X-טן האָט דאָס כּאַזאַרישע קיניגרייך דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון גלאַנץ און מאַכט סיי אויסערליך, סיי אינערליך.

---

## ז. די יידן אונטער די קאַראָלינגער.

**די צווישנפעלקערישע לאַגע פון די יידן.** אין משך פון זיבעטן און אַכטן יר"ה זיינען די יידן געוואָרן די הויפּט-באַוועגער פונם וועלט-האַנדל. אַרויסגעריסן דורך אַ ברוטאַלער האַנט פון זייער אור-היים, וואו זיי האָבן זיך באַשעפטיגט דער-עיקר מיט ערדאַרבעט און מלאכה און גאַנץ ווייניג מיט האַנדל, וואָס איז ביי זיי אפילו פאַראַכט געווען,— האָבן זיי אין די לענדער פון זייער צעשפּרייטונג אויך געזוכט ממשיך צו זיין זייערע היימישע באַשעפטיגונגען מיט לאַנדווירטשאַפט און האַנטווערקערייען, און דאָס האָט זיך זיי פון אָנהייב ס'רוב איינגעגעבן. ניט בלויז אין די לענדער פון מזרח, נאָר אפילו אין אייראָפּע (אין איטאַליע, אינם פראַנקנלאַנד און אין שפּאַניע) האָבן זיי ביזן סוף פון זעקסטן יר"ה דערהויפּט זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט, אַרבעטנדיג אַליין אָדער אַנדערשוואו אָפּגעבנדיג זייערע לאַנדגיטער אין אַרענדע. האַנדל האָט ביי זיי פאַרנומען אַ קלענערן אָרט, געווען בלויז אַ נעבן-פּרנסה. דאָס איז אָבער מיגליך געווען אין די צייטן, ווען די יידן זיינען געווען אין דער אייראָפּעאישער דיאַספּאָרע אין אַ קליינער צאָל. ווי ס'האָבן זיך גענומען פאַרגרעסערן די יידישע ישובים אין די לענדער פון דער געוועזענער רוימישער אימפּעריע, האָט זיך די לאַגע געענדערט. שטחים ערד איז אַלץ שווערער געוואָרן צו קריגן, די ערד איז אומעטום געווען פאַרנומען. נאָך די גרויסע פעלקער-וואַנדערערונגען האָבן זיך די כל המינים באַרבאַרן פעסט באַזעצט אויף דער פאַרנומענער ערד, זי אַליין פלייסיג באַאַרבעט און קיין קאָנקורענטן ניט צוגעלאָזן. אַלע נויטווענדיגסטע פּראָדוקטן פון האַנטווערק האָבן די פּויערים אַליין אויסגעאַרבעט פאַר זייער

געבּרויך. פאַר די יידן איז געבליבן ס'רוב כמעט בלויז—האַנדל. דער האַנדל האָט זיך יעמאָלט באַגרעניצט אויף צירונג, בכלל אויף לוקסוס־זאַכן און אויף לעבּעדיגע סחורות. האָבּן די יידן, וואָס האָבּן געהאַט אָנגעקליבּענע רווחים פון ערד־רענטע, זיך גענומען צום האַנדל, אויך צום שקלאַפן־האַנדל. די נאָכפראַגע אויף שקלאַפן איז געווען זעער גרויס, באַזונדערס אין די שטעט, וואו די געזונטע אַרבּעטנדיגע באַפעלקערונג איז געמינערט געוואָרן נאָך די אָנפאַלן פון די בּאַרבּאַרן און נאָך די גרויסע מלחמות. און אויך אין די פאַר־וויסטע דערפער. אָבּער דיזעלבּיגע מלחמות האָבּן געגעבּן אַ סך קריגסגעפאַנגענע, וואָס די קריגספירער האָבּן פאַרקויפט אין שקלאַפעריי. איז שקלאַפן־האַנדל געוואָרן „אַ גוטער עסק". אויף אַ צוזאַמענפאַר פון גייסטליכע אין טאָלעדאָ (שפּאַניע) האָט מען זיך געקלאָגט, אַז אפילו גלחים באַשעפטיגן זיך מיט פאַרקויפן קריסטליכע שקלאַפן צו יידן. דער עיקר־האַנדל איז אָבּער געווען מיט לוקסוס־אַרטיקלען, וואָס האָבּן געהאַט אַ גרויסן אָפּזעץ־מאַרק: אין די הויפן פון די מלכים און פירשטן, פון אַדל בכלל. אפילו הויכע גייסטליכע זיינען געווען אָפּנעמער פון יידישע סחורות. אפילו דער גרעסטער שונא ישראל צווישן די מעראָווינגישע מלכים, דאַגאָבּערט, האָט זיך ניט געקענט באַגיין אָן אַ יידישן סוחר.— אין דער ביזאַנטינישער אימפּעריע איז דער גאַנצער האַנדל געלעגן אין די הענט פון סירישע, גריכישע און סלאַווישע סוחרים; דערפאַר איז מערב־אייראָפּע געוואָרן אַן אָפּזעץ־לאַנד פאַר יידישע סוחרים. יידן זיינען אויך דאָ ניט געווען די איינציגע סוחרים, אָבּער זיי האָבּן געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויף באַשטימטע און שטאַרק געזוכטע סחורות: די אוצרות פונם אָריענט האָט מען געקאָנט באַקומען בלויז דורך זייער פאַרמיטלונג. דאָס האָט פאַרשאַפט דעם יידישן האַנדל די איבּערהאַנט אויף הונדערטער יאָרן נאָכאַנאַנד.

די יידן זיינען געוואָרן דער הויפּט־נערוו פונם וועלט־האַנדל. דאָס איז געקומען אַ דאַנק זייער באַזונדערער לאַגע צווישן די פעלקער און דורך די שטענדיגע באַציאונגען, וואָס האָבּן עקסיסטירט צווישן די יידישע קהילות פון די וויטסטע לענדער, באַזונדערס אין VIII יר"ה. פון איין זייט האָט זיך דער צווישנפעלקעריש־צעשפּרייטער יידנטום פאַראייניגט און באַפעסטיגט אין דער וועלט־מאָנאַרכיע פונם אַראַבּישן קאַליפאַט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פונם אינדישן אָקעאַן ביז צום אַטלאַנטישן, און פון דער צווייטער זייט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער וואוקס פון די יידישע קהילות אין דער אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן. די יידן האָבּן גערעדט אויף לאַטיין, פרענקיש, שפּאַניש, גריכיש, אַראַבּיש, פּערסיש און סלאַוויש. זיי פלעגן אומפאָרן אויף דער יבשה און

אויפן ים פון מערב קיין מזרח און צוריק. פון אייראָפּע פלעגן זיי אַרויספירן: זיידנס, פעלצוואַרג, כלי־זיין, אויך שקלאַפן. איבערן מיטללענדישן ים פלעגן זיי פאָרן ביז מצרים, ביזן סועצער ערדפּאַס, דאָרטן איבערלאָדן זייערע סחורות אויף לאַסט־בהמות און נאָכדעם גיין ווייטער איבערן ים סוף ביז אַראַביע און אינדיע. אויפן צוריקוועג פון אַזיע פלעגן זיי פירן אַלאָע, כל המינים בשמים, מוסקוס און אַנדערע דאָרטיגע פּראָדוקטן,— אַנדערע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַנדערע אין לאַנד פון די פראַנקן.

אַזוי זיינען די יידן געוואָרן די פאַרמיטלער צווישן אַזיע און אייראָפּע, די פאַרמיטלער צווישן די פעלקער פון מזרח און מערב.

**קאַרל דער גרויסער און די יידן.**

דער דאָזיגער מערקווירדיגער מאָנאַרך (768—814), וואָס האָט מיט רעכט פאַרדינט דעם נאָמען „גרויסער", האָט פונם תוהו ובוהו פון די האַלב־באַרבאַרישע מלוכות פון מיטל־אייראָפּע געשאַפן אַן אָרגאַניזירטע מעכטיגע אימפּעריע, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס לאַנד פון די פראַנקן, די גערמאַנישע מדינות און איטאַליע. ער האָט געזאָרגט ניט בלויז וועגן מיליטערישער מעכטיקייט און וועגן דעם „רום פון דער קירך", נאָר אויך וועגן אויפהייבן די קולטור און דעם עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד פון די רעגירטע פעלקער זיינע. ער האָט ריכטיג געוואוסט אָפּצושאַצן די טייערע זאַכן, וואָס מען האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם האַנדל, און ער האָט זעער פּראָטעזשירט די באַציאונגען מיטן מזרח. די דורכפירער פון די דאָזיגע באַציאונגען זיינען אָבער געווען די יידן,— דאָס האָט ער גוט געזען; ער האָט אויך באַמערקט, וואָס פאַר וויכטיגע פאַרדינסטן די ענערגישע, ניכטערע און אינדוסטריעלע יידישע באַפעלקערונג האָט געבראַכט דער מלוכה, — האָט ער זיי געגעבן זיין שוץ, פונקט ווי דאָס האָט בשעתו געטאָן דער רוימישער סענאַט, וואָס האָט געגעבן זיין שוץ די קאַרטאַגענישע סוחרים אין רוים. ער האָט ערלויבט די יידן צו האַנדלען, זיך צו באַשעפטיגן מיט שיף־פאַרקער, זיך צו דערווערבן אומבאַוועגליכע גיטער און דינגען קריסטליכע אַרבעטער, מיטן תנאי ניט צו לאָזן זיי אַרבעטן אום זונטאָג. די יעמאָלטיגע אימפּערישע געזעצגעבונג (די „קאַפּיטולאַריען") האָט טיילווייז רעגולירט די יורידישע לאַגע פון די יידן: ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן די אָרדענונג פון אונטערוואַרפן די יידן דעם אַלגעמיינעם געריכט און די פאָרם פון דער שבועה אין פּראָצעסן מיט קריסטן; אין סכסוכים צווישן יידן גופא האָבן די צדדים געהאַט צו „פאַרטיידיגן זיך לויטן אייגענעם געזעץ."

קאַרל דער גרויסער האָט אויך צוגעצויגן אויסגעצייכנטע יידישע פּער־זענליכקייטן צו אַמטן פון דער מלוכה. אין דער באַרימטער דיפּלאָמאַטישער דעלעגאַציע, וואָס ער האָט געשיקט צום באַגדאַדער קאַליף האַרון אל־ראַשיד, איז געווען אויך דער ייד יצחק, וואָס איז געווען דעם קיסרס בעל־יועץ און האָט געוואוסט אַלע סודות פון זיין דיפּלאָמאַטיע.

קאַרל האָט פּראָטעזשירט די יידן ניט בלויז אויפן מאַטעריעלן געביט, נאָר אויך זייער קולטורעלער צושטאַנד האָט אים אינטערעסירט, און פּונקט ווי ער האָט אַראָפּגעבראַכט געלערנטע פון איטאַליע קיין דייטשלאַנד און פראַנקענלאַנד צו בילדן די דאָרטיגע פעלקער, אַזוי האָט ער אין דעם פּרט אויך ניט פאַרגעסן די יידן פון זיין אימפּעריע. צו דעם צוועק האָט ער פון דער שטאָט לוקאַ אין איטאַליע אַראָפּגעבראַכט קיין מאַגענצאַ (מאַינץ) די גע־לערנטע משפחה פון רבינו קלונימוס, וואָס האָט דער ערשטער פאַרפלאַנצט אין דייטשלאַנד יידישע שולן און אויפגעהויבן די יידישע באַפעלקערונג אויף אַ העכערער מדרגה פון קולטור (787). לויט אַ לעגענדע, האָט האַרון אַל־ראַשיד ערפילט די בקשה פון קאַרל דעם גרויסן און צוגעשיקט פון בבל קיין פראַנ־קענלאַנד איינעם אַ געלערנטן רבי מכיר, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פון דער יידישער קהילה אין נאַרבאָנאַ (דרום־פראַנקרייך) און האָט דאָרטן גע־גרינדעט אַ תלמודישע אַקאַדעמיע.

אויף אַזאַ אופן איז פאַר קאַרל דעם גרויסן געוואָרן פאַרגעזעצליכט און באַפעסטיגט די לאַגע פון די יידישע קהילות אין די דריי מלוכות פון דער אימפּעריע: פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אייבערשטער איטאַליע. אָבער אַפילו דערדאָזיגער ציוויליזירטער מאָנאַרך איז געבליבן אַ געטרייער זון פון זיין סביבה: ער האָט די יידן פּראָטעזשירט, זיי געגעבן שוץ־בריוו, אָבער אים איז אַפילו אויפן זין ניט אַרויף צו מאַכן מיט אַמאָל אַ סוף פון דער אומנאָרמאַלער לאַגע פון די יידן, צו אָנערקענען זיי פאַר בירגער פון דער מלוכה, זיי צו געבן מענטשנרעכט, ווייל זיי זיינען מענטשן צוגלייך מיט די אַנדערע איינוואוינער פון לאַנד. ס׳איז וואָס ווייטער אַלץ מער געגראָבן געוואָרן אַ ברייטער און אַ טיפער תהום צווישן די קריסטן און די יידן, אַז אַפילו קאַרל האָט אים ניט געקענט אַריבערגיין. צווישן אַנדערן האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אויך אין דעם נוסח פון דער שבועה, וואָס אַ ייד האָט געדאַרפט געבן אין אַ פּראָצעס מיט אַ קריסט. אויף זיין קאָפּ פלעגט מען אַרויפלייגן אַ קראַנץ פון דערנער אָדער גראָז, ער פלעגט מוזן האַלטן אַ ספר תורה אין דער רעכטער האַנט און אַרויסברענגען פון מויל אַ קללה, אַז אויב ער וועט עובר זיין אויף דער שבועה

אָדער וועט שווערן פאַלש, זאָל אויף אים קומען די צרעת פון נעמן און כל־ערליי קראַנקהייטן און בייזע פּלאָגן און זיין סוף זאָל זיין ווי דער סוף פון קרח ועדתו, און נאָך אַזוינע קללות, וואָס דערנידעריגן דעם כבוד פונם ייִדן אלס מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. אמת, דערין איז קאַרל שוין אביסל אָפּגע־טראָטן פון דער האַרבקייט פון דער קירך, לויט וועלכער אַ ייד איז בכלל ניט באַגלויבט אין זיין שבועה צו אַ קריסט.

## לודוויג דער פרומער און די ייִדן.

דער קיסר לודוויג דער פרומער (814—840), דער זון פון קאַרל דעם גרויסן, איז נעגאַנגען אין די וועגן פון זיין פאָטער בנוגע די ייִדן. ער האָט ניט דערלויבט די פאַנאַטיקער עובר צו זיין אויף די רעכט, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן די ייִדן. קעגן די תּקנות פון די קאָנצילן (קירכליכע צוזאַמענ־פאָרן), האָט ער דערלויבט די ייִדן האַלטן ביי זיך קריסטליכע אַרבעטער פאַר אינדוסטריעלע צוועקן, פאַרווערט אָפּצונעמען ביי זיי קנעכט־געצ:דינער אונטערן אויסרייד, אַז מען דאַרף זיי טויפן. די ייִדן האָבן געהאַט רעכט פריי אומצופאָרן און צו באַזעצן זיך אין דער גאַנצער אימפּעריע; צו באַשעפטיגן זיך מיט מלאכה, האַנדל, הלוואות, מיט אימפּאָרט און עקספּאָרט, פאַר וואָס זיי האָבן געדאַרפט צאָלן דער מלוכה אביסל אַ גרעסערן שטייער ווי די קריסטן. אַ חוץ דעם האָבן זיי געדאַרפט אַלע יאָר אָדער אַלע צוויי יאָר אָפּגעבן פאַרן הויף אַ טייל פון זייערע רווחים (11%). באַגרעניצט זיינען די ייִדן געווען בלויז אינם האַנדל מיט תּבואה און וויין, נאָר די באַגרעניצונגען זיינען ניט געווען אָפּגע־היט געוואָרן, ווייל עס זיינען געווען יידישע וויינהענדלער, וואָס האָבן געהאַט אין דער געגנט פון נאַרבאָנע אייגענע וויינגערטענער. לודוויג האָט ערפילט די בקשה פון די ייִדן און באַפעלן אַריבערצופירן די מאַרק־טעג פון שבת אויף זונטאָג. די ייִדן זיינען געווען פריי פון לייבשטראָף. געוויסע ייִדן האָבן געהאַלטן אין אַרענדע די שטייערן פון דער מלוכה, קעגן דער בפירושער תּקנה פונם „קאַנאָנישן רעכט". איינצלנע איינפלוסרייכע ייִדן פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן באַשטעטיגונגען, אַז זיי שטייען אונטערן שוץ פונם קיסר. לויט דער פאַר־אָרדענונג פון קיסר, איז געווען באַשטימט אַ ספּעציעלער שררה מיטן טיטל „יידישער עלטסטער" (Magister judaeorum), וואָס האָט געהאַט אַכטונג צו געבן, עס זאָלן ניט אָנגערירט ווערן די רעכט פון די ייִדן. אַ ספּעציעלן שוץ־בריוו האָט לודוויג אַרויסגעגעבן (828) פאַר די יידישע סוחרים און דאָרטן ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט, אַז מ'טאָר ניט אַוועקנעמען ביי זיי זייערע שיפן מיטן תּירוץ, אַז מ'דאַרף עס פאַר דער מלוכה.

דידאָזיגע אלע באַדינגונגען האָבן מיטגעהאָלפן דער אויפבליאונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל פון די יידן ביז דער העכסטער מדרגה. יידישע האַנדל־שיפן זיינען פון פראַנקענלאַנד דורך וואַסער־מאַרשרוטן און יבשה־וועגן דער־גאַנגען ביז אינדיע און כינע. דורך דייטשלאַנד און דורך די סלאַוון־לענדער האָט איין וועג געפירט צו דער הויפּט־שטאָט פון די כוזרים, איטיל (אויף דער וואָלגע), וואו די מערב'דיגע יידן האָבן געשאַפן סוחרישע ישובים, אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זיינען ספּעציעל פּראָטעזשירט געוואָרן דורך זייערע גלויבנס־ברידער די כוזרישע מלכים. פון כוזריה האָבן זיי איבערן קאַספּישן ים דערלאַנגט אין דער הינטערשטער אַזיע. אויף זייערע ווייטע נסיעות האָבן די יידישע וועלט־הענדלער געהאַט אַ שטאַרקע אונטערשטיצונג מצד די יידן, וואָס האָבן גע־וואוינט אין די פאַרשיידענע ים־ערטער, באַקומען פון זיי אַלערהאַנט אינפאָרמאַציעס.

די טאָלעראַנץ, די מאָנאָפּאָליזירונג פונם אָריענטאַלישן סחורות־האַנדל, דער ספּעציעלער רעכט־שוץ,— דאָס אַלץ האָט געווירקט צו אַנטוויקלען דעם האַנדל און רייך צו מאַכן די קאַראָלינגישע אימפּעריע. דער נוצן פון דער אימפּעריע האָט מעורר געווען לודוויגן צו פּראָטעזשירן די יידן. אַ גרויסע ווירקונג האָט אָבער דערין געהאַט אויך די פרוזעגליכע אַכטונג פונם קיסר צו די יידן און פון דער קיסרינע צו דער יהדות. די פאַרשיידנאַרטיגע אינ־דוסטריעלע טעטיקייט פון די יידן האָט זיי אָפּט געבראַכט אין באַרירונג מיט די קריסטן, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו זיי בכלל פריינדליך. אַ התקרבות איז פאָרגעקומען אַפילו אויפן רעליגיעזן געביט. מענטשן פון דער העכערער געזעל־שאַפט פלעגן ניט זעלטן באַזוכן די יידישע בתי־כנסיות און הערן מיט חשק די דרשות פון יידישע דרשנים. ס'זיינען געווען אַזוינע, וואָס זיינען בסתר נוטה געווען צו דער יהדות, און ס'זיינען אַפילו געווען ניט ווייניג פאַלן פון זיך מגייר זיין. פון דעם אַלעם קען מען דרינגען, אַז די צייט פון לודוויג דעם פרומען איז געווען די גאָלדענע תקופה פון די יידן אין דער קריסטליכער אייראָפּע, ווי־עס איז קיינמאָל ניט געווען ניט פאַר דעם, ניט נאָכדעם.

## די זוימען פון שנאה.

די יידן האָבן די קאַראָלינגישע אימפּעריע רייך און שטאַרק געמאַכט, שטעט געבויט, אָבער אַ סך פון זיי זיינען אַליין אויך רייך געוואָרן. זיי האָבן זיך אין לאַנד פעסט איינגעבירגערט, גערעדט אויף דער שפּראַך פון לאַנד, וואו זיי האָבן געוואוינט: אין פראַנקיע — פרענקיש, אין גערמאַניע — גערמאַניש און אין איטאַליע — די פאַרשיידנאַרטיגע אָרטיגע דיאַלעקטן. זיי זיינען שטאָלץ און גליקליך געווען,

אָבער די העכסטע מדרגה פון זייער גליק איז געווען די ערשטע מדרגה פון זייער ירידה. זייער עשירות האָט ארויסגערופן קנאה און די התקרבות צווישן זיי און די קריסטן האָט זעער באַאומרואיגט די פירער פון דער קלעריקאַלער פּאַרטיי אין פראַנקרייך. דער ליאָנער בישאָף אַגאָבאַרד האָט אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַנטי-יידישע אַגיטאַציע. פריער האָט ער דורך איינפלוסרייכע הויפ-לייט געפּרובט ווירקן אויפן קיסר, ער זאָל באַגרעניצן די רעכט פון די יידן אינם גייסט פון די קירכליכע קאַנאָנען,—דער קיסר האָט אים אָבער ניט געהערט. דאַן האָט ער מיט פיינדליכע דרשות אָנגעהויבן העצען דאָס פאָלק קעגן די יידן. ער האָט געזוכט צו ווירקן אויף דער באַפעלקערונג, זי זאָל איבעררייסן אַלע באַציאונגען מיט די יידן. אַ באַראַטונג פון בישאָפן אין ליאָן (827), לויט זיין איניציאַטיוו, האָט געפאָדערט ביים קיסר צו באַנייען די החלטות פון די קאָנצילן. דער קיסר האָט זיך אויך דאָ ניט געבויגן. ער איז געבליבן וואוילגענייגט צו די יידן אפילו דאַן, ווען זיין געליבטער גייסטליכער באָדאָ האָט זיך מגייר געווען, אָנגענומען דעם נאָמען אליעזר, חתונה געהאַט מיט אַ יידישער פרוי און באַזעצט זיך אין שפּאַניע. לודוויג האָט זעער געטרויערט וועגן דעמדאָזיגן פאַל, אָבער ער האָט דערין ניט איינגעזעען קיין סיבה אָנצוהייבן רדיפות אויף די יידן. אַגאָבאַרד ווידער האָט ניט אויפגעהערט צו זייען זוימען פון שנאה און האָט ענערגיש געגראָבן דעם תהום צווישן קריסטן און יידן.

## די אָרגאַניזירטע אַנטי-יידישע אַגיטאַציע.

נאָכדעם ווי לודוויגס פיר זין האָבן צווישן זיך צעטיילט די אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן (843), איז די לאַגע פון די יידן געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. די פעאָדאַלע סיסטעם איז געוואָרן שטאַרקער און די מאַכט פון די מלכים שוואַכער. קעגן דער צעבראָקלטער מלוכה-מאַכט איז געשטאַנען די צענטראַליזירטע און איינהייטליכע אָרגאַניזאַציע פון דער קירך, וואָס איז געגאַנגען זיכער צו איר ציל. אין 845 האָט דער קאָנציל אין מאָ (ביי פאַריז) באַשלאָסן פאָרצולייגן קאַרל דעם פליכעוואַטן, דעם קיניג פון פראַנקרייך, אַ גאַנצע ריי געזעצן, זעער באַדריקנדיגע און דערנידעריגנדיגע פאַר די יידן, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אויפן יסוד פון די עדיקטן פון די ביזאַנ-טישע קיסרים און פון די קאָנצילישע באַשלוסן פון די מעראָווינגישע און וועסטגאָטישע ציטן. קאַרל דער פליכעוואַטער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. ער איז בכלל ניט געווען קיין שונא ישראל; זיין הויף-דאָקטאָר איז געווען אַ ייד צדקיה, אויף וועמען דער אָבערגלויבערישער המון און די מאָנאַכן

האָבן געקוקט ווי אויף אַ מכשף. די גייסטליכע האָבן זיך אָבער ניט באַרואיגט, ניט אויפגעהערט העצן די מושלים און דאָס פאָלק קעגן די יידן, פונאַנדער-געבלאָזן דעם פלאַם פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם.

מיט אַ באַזונדערער פאַרביסנקייט האָט געאַרבעט אגאבאַרדס תלמיד, דער ליאָנער אַרכיבישאָף אַמאָלאָ. ער האָט אין 846 אָנגעשריבן אַ בוך „קעגן יידן", וואו ער האָט געשילדערט די שרעקליכע סכנה, וואָס שטייט פאַר די קריסטליכע פעלקער מצד די יידן. ער האָט איבערגעגעבן כל המינים ניט געשטויגענע ניט געפלויגענע זאַכן, אויסגעטראַכט די ווילדסטע און נאַרישסטע בלבולים אויף די יידן און געוועקט די בייזע אינסטינקטן פון די אומוויסנ-דיגע מאַסן. ער האָט גערופן אויך די אַנדערע בישאָפן צו זען ווירקן אויף די קיניגן און אויף די פעאָדאַלע פירשטן, זיי זאָלן דורכפירן די קירכליכע תקנות וועגן איזאָלירן די יידן, וואָס „ברענגען אום מיט זייערע גיפטיגע זוימען „גאָטס אַקערפעלד", ד. ה. קריסטוסעס קירך. אָבער גיפטיגע זוימען האָבן געזייט ניט די יידן, נאָר אַזויגע פריידיגער ווי אַמאָלאָ,—זוימען פון רעליגיעזער אומטאָ-לעראַנץ און פיינדשאַפט. דידאָזיגע זוימען זיינען פאַמעליך אויפגעגאַנגען און געוואָרן צייטיג, און ס'האָט זיך געגרייט פאַר די שפּעטערדיגע דורות אַ בשפעדיגער שניט, אַ שניט פון מענטשליכע לעבנס, טייכן בלוט און טרערן... די ערשטע שפּראָצונגען האָבן זיך באַוויזן שוין אין דער צייט פון די לעצטע קאַראָלינגער. מ'איז ביסלעכוויז אריבער פון וואָרט צו טאָן. דער גורל פון די יידן איז איצט אָפּהענגיג געווען פון די איינצלנע פעאָדאַלע פירשטן. אַנדערע האָבן אַרויסגעוויזן יידן חסד, אָבער אַנדערע האָבן שוין אָנגעהויבן פאַרביטערן זיי דאָס לעבן מיט באַגרעניצן זייערע רעכט און מיט בייזע גזירות.

## אָנפאַלן און דערנידעריגונגען.

די קנאה און שנאה פון די גייסטליכע אין פראַנקרייך צו די יידן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער בישאָף פון בעזיער פלעגט אין זיינע דרשות אין משך פון דער פּסחא-וואָך פשוט רופן דעם המון נקמה צו נעמען פון די יידן „פאַרן קרייציגן קריסטוסן". דער צעפלאַמטער המון און באַזונדערס די יוגנט פלעגט זיך וואַרפן אויף די יידן, שלאָגן זיי און וואַרפן שטיינער אין זייערע וואוינונגען. אַזוינע אָנפאַלן אויף די בעזיערער יידן פלעגן זיך איבערחזרן פון יאָר צו יאָר אין משך פון עטליכע יאָרהונדערטן. ס'זיינען געווען פאַלן, ווען די יידן פלעגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, דאַן פלעגט עס דערגיין צו בלוטפאַרגיסונגען.— אין טולוזע

האָבן די גראַפן איינגעפירט אזא פרומען מנהג: אלע יאָר פרייטאָג ערב פסחא פלעגט דער טולוזער גראַף פאַררופן צו זיך דעם פרנס פון דער אָרטיגער יידישער קהילה און פלעגט אים געבן אַ פּאַטש, כדי אין זיין פּערזאָן צו דערמאָנען די יידן וועגן די יסורים פון קריסטוס. אין אַ צייט אַרום האָבן זיך די יידן אויס-געקויפט פון דעמדאָזיגן פאַרפסחדיגן פאַטש מיט אַ געלט-שטייער. — ס'זיינען געווען אויך פּרובן אַרויסצוטרייבן די יידן פון געוויסע געגנטן. דער איטאַליע-נישער קיניג לודוויג II, דעם פרומענס אַן אייניקל, אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער, האָט אונטערגעשריבן דעם באַשלוס פון די גייסטליכע אַרויסצוטרייבן די יידן פון גאַנץ איטאַליע (855), אָבער די איטאַליענישע פעאָדאַלע מושלים האָבן ניט געוועלט פאָלגן דעם קיניג, איז די גזירה ניט דורכגעפירט געוואָרן. אויך אין פראַנקרייך איז דאַן געווען אַ גירוש, ניט קיין אַלגעמיינער, נאָר אַ לאָקאַלער. פאַר די לעצטע שוואַכע און אומפעאיגע קאַראָלינגער האָבן די יידן דאָ געליטן ניט ווייניג דערנידעריגונגען. קאַרל דער תּם האָט געוועלט טאָן אַ נחת רוח די גייסטליכע, האָט ער צוגענומען אַלע היינגערטנער און ערד-נחלאות פון די יידן אין נאַרבאָנער הערצאָגטום און אַוועקגעשאָנקען די דאָרטיגע גלחים (899). אפילו די פעאָדאַלן, וואָס האָבן בעשיצט די יידן, פלעגן זיך מיט זיי אַן אַנדערש מאָל באַגיין ווי מיט לייבאייגענע.

---

## ז. די יידן אין פראַנקרייך (IX–XI).

דער „מאָדוס וויווענדי".

פון IX ביזן סוף XI יר"ה האָט זיך דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך שטאַרק פאַרגרעסערט. עס האָבן עקסיסטירט גרויסע יידישע קבוצים אין צפון און אין דרום. אַ דאַנק דעם פעאָדאַל-סיסטעם, וואָס איז געלעגן אין גרונד פון דער יעמאָלטיגער מלוכה-אָרדענונג, איז די רעכטליכע לאַגע פון די יידן ניט געוואָרן איינגערעגולירט דורך וועלכער עס איז אַלגעמיינער פּאָליטיק בנוגע צו זיי, נאָר דורך יענע עקאָנאָמישע און פיסקאַלע נוצן, וואָס זיי האָבן געבראַכט דער בעגעבענער געגנט און דעם געגעבענעם פעאָדאַלן מושל. עס האָט זיך איינ-געשטעלט אַ „מאָדוס וויווענדי" (לעבנס-פאָרם), וואָס לויט אים האָט מען יידן געגעבן געוויסע רעכט און פּריווילעגיעס, אַלס אַ קלאַס, וואָס איז נוציג פאַר דער אינדוסטריע, אָדער אַלס אַ גרויסן שטייער-אַרטיקל, וואָס האָט איינגעבראַכט גרויסע הכנסות.

**דער יידישער האַנדל.**

כמעט דער גאַנצער מסחר איז געלעגן אין יידישע הענט. דער נאָמען ייד איז געוואָרן אַ שם נרדף צו דעם נאָמען סוחר. די מערק, ירידן, וואָס זיינען באַשטימט געווען אין געוויסע טעג, פלעגן נדחה ווערן, ווען אין דעם זעלביגן טאָג פלעגט חל־זיין אַ יידישער יום־טוב. אפילו אין ליאָן, דער רעזידענץ פון בישאָף אַגאָבאַרד, איז דער מאַרק־טאָג אָפּגעלייגט געוואָרן פון שבת אויף זונטאָג. די יידן זיינען געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד אין די שטעט און די שלעסער פון די פעאָדאַלן און בישאָפן. יעדער סעניאָר האָט געבראַכט צו זיך אין הויף אַ יידן אַ סוחר, גלייך ווי ער האָט געבראַכט וועבער און שמידן. די יידן האָבן געפירט אַ ברייטן מסחר מיטן מזרח. עס איז געווען אַ געוויינליכע זאַך צו זען יידישע שיפן. פון מזרח פלעגן זיי ברענגען פאַרשיידענע לוקסוס־אַרטיקלען, טייערע מעטאַלן, אַלע מינים פון טייערן געוועב און דופטיגע בשמים. זיי פלעגן אויפקויפן ביי די איטאַליענישע סוחרים פון אַמאַלפי, פּיזאַ און ווענעציע זייד, טאַפּעטן, טייערע איידל־שטיינער, זילבערנע און גאָלדענע חפצים. פון די ווייטע צפון־לענדער פלעגן זיי ברענגען פאַרשיידענע מינים רויכוואַרג; פערד פון די אַראַבישע לענדער פאַר די רייכע באַראָנען. די סעניאָרן, גרויסע גוטס־באַזיצער און גרויסע גייסטליכע האָבן זיך ניט געקאָנט באַגיין אָן די יידן. די יידן פלעגן אויך פונאַנדערטראָגן סחורה פון שטוב צו שטוב. וואו עס פלעגן פאָר־קומען פאַרזאַמלונגען פון אַ גרויסער צאָל מענטשן, אויף די פלעצער, וואָס אַרום די געריכטס־הייזער, מיליטערישע לאַגערן און ירידן, דאָרטן זיינען געווען די יידן מיט זייער סחורה.

**לאַנדווירטשאַפט און מלאכה.**

נאָר ניט אַלע יידן זיינען געווען סוחרים. אין דרום־פראַנקרייך, וואָס איז שפּעטער באַוואוסט געוואָרן מיטן נאָמען פּראָווינציאַ (פּראָוואַנס), האָבן די יידן אויך אַרענדירט מאַיאָנטקעס, האָבן געהאַט זאַלץ־גרובן און גענומען אין אַרענדע די מלוכה־אָפּצאָלונגען. כמעט אַלע דאָקטוירים זיינען דאָרטן געווען יידן. אַ סך האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. ביי די הייזער און אויסערן שטאָט האָט יעדער בעל־הבית געהאַט פעלדער און גערטענער, וואָס פלעגן באַאַרבעט ווערן דורך אים און זיינע דינער. די יידן פון נאַרבאָנע האָבן זיך כמעט אויסשליסליך באַשעפטיגט מיט לאַנדווירשאַפט.

יידישע בעלי־מלאכות זיינען אין פראַנקרייך געווען זייער ווייניג. יעדער פעאָדאַל האָט ביי זיך געהאַט גענוג אייגענע בעלי־מלאכות און די פאָדערונג

אויף דער יידישער מלאכה איז געווען זעער קליין. דעריבער האָט זי זיך ווייניג אַנטוויקלט.

**די באַציאונגען.** די באַציאונגען פון דער קריסטליכער באַפעלקע־רונג בכלל צו די יידן, נישט קוקנדיג אויף אַלע באַמיאונגען פון אַ טייל גייסטליכע איינצופלאַנצן שנאה צו יידן, איז אין סירוב מדינות נאָך אַלץ געווען אַ גוטע. זיי האָבן אין יידן נאָך ניט געזעען קיין קאָנ־קורענט, נאָר אַ נוצליכן מענטשן אין דער געזעלשאַפט.

אַזוי איז געווען כל זמן די מלכים האָבן נאָך געהאַט אַ שטיקל מאַכט. וואָס ווייטער האָבן אָבער די באַראָנען, בכלל די וואַסאַלן און די גייסטליכע באַקומען אַלץ מער השפעה און מאַכט, ביז זיי זיינען געוואָרן די אומבאַגרעניצטע דיקטאַ־טאָרס אין גאַנץ פראַנקרייך און די קיניגן האָבן געמוזט פאָלגן זייער ווילן. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן קעגן די יידן אַ ברייטע, אינטענסיווע אַגיטאַציע אין די מאַסן׳ פון דער באַפעלקערונג. וואָס זיינען באַלד אָנגעשטעקט געוואָרן מיט אַ ברויזנדיגן צאָרן און אַן אומגעשטילטער שטרעבונג צו נעמען אַ בלוטיגע נקמה פונם „גאָט־מערדערישן״ פאָלק, „וואָס גאָט האָט אים פאַרשאָלטן״ און וואָס—לויט דער לערע פון ליבע און רחמנות—איז אויף אים אסור לרחם.

די ווירקונג איז פונדעסטוועגן נאָך אַלץ ניט געווען אומעטום גלייך: אין אייניגע ערטער פון לאַנד האָט זיך נאָך אַלץ געלעבט די יידן ניט איבעריגס שלעכט, אין אַנדערע ערטער אָבער, אין פּרובינציאה און לאַנגעדאָק, האָבן די מאַרקיזן און די ריטער באַהאַנדלט די יידן ווי לייבאייגענע און געמאַכט זיי אומזיכער דאָס לעבן.

**מקום תורה אין נאַרבאָנע.** די יידישע הויפּט־קהילה אין דרום־פראַנקרייך איז געווען אין נאַרבאָנע. דאָ האָט עקסיסטירט אַ תּלמודישע אַקאַדעמיע נאָך פון די צייטן פון קאַרל דעם גרויסן, אָבער קיין סך גרויסע מענטשן זיינען פונדאַנען ניט אַרויס. פּלוצלינג האָט זיך דאָ באַוויזן אַ גרויסע פּערזענליכקייט פון סורא, ר ב י נ ת ן ה ב ב ל י, און ער האָט אויפגעוועקט ביי די פראַנצויזישע יידן דעם חשק צו תּלמודישער וויסנשאַפט.

## ח. די יידן אין דייטשלאַנד און איטאַליע (IX–XI).

**יידישע קהילות אין דייטשלאנד.** דער אָנהייב פון די יידן אין דייטשלאַנד איז איינגעהילט אין אַ נעפּל פון לעגעגדעס. לויט איין לעגענדע, האָבן זיך אין וואָרמס (ווירמיישא, ווירמייזאָ) געפונען יידן נאָך פון גאַנץ פאַרצייטן, ווען גאַנץ דייטשלאַנד איז נאָך געווען באַדעקט מיט אָזערעס, זומפּן און וועלדער, וואָס קיין האַק האָט נאָך ניט באַרירט זייערע ביימער און וואָס זיינען פול געווען מיט ווילדע חיות. די לעגענדע זאָגט: נאָכדעם ווי ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דעם שבט בנימין און די איבעריגע בני ישראל איבער דער מעשה פון פלגש בגבעה און עס איז כמעט פאַרטיליגט געוואָרן דער דאָזיגער גאַנצער שבט, זיינען טויזנט מאַן פון בנימין אַנטלאָפן און אַנטרונען געוואָרן קיין גערמאַניע, און זיי זיינען עס די ערשטע יידן, וואָס האָבן געגרינדעט די יידישע קהילה אין ווירמייזאָ. אַ צווייטע לעגענדע זאָגט, אַז אין די צייטן פון עזרא הסופר האָבן די יידן פון ירושלים אין בריוו אויפגעפאָדערט די גערמאַנישע יידן צו קומען עולה לרגל זיין, לויטן געזעץ, דריי מאָל אין יאָר קיין ירושלים, נאָר די יידן פון דייטשלאַנד האָבן אויף די בריוו געענטפערט, אַז זיי האָבן אין גערמאַניע שוין געגרינדעט אַ „נייע ירושלים" אויפן ברעג פון טייך ריינוס און אַז זיי אָנערקענען ניט דעם בית שני, וואו גאָט האָט זיך ניט באַוויזן אין זיין פולער פראַכט.

אַ היסטאָרישער פאַקט איז אָבער, אַז נאָך פון די רוימישע צייטן אָן האָבן אין גערמאַניע עקסיסטירט אוראַלטע שטעט און אין דידאָזיגע שטעט זיינען אויך געווען יידישע קהילות. נאָר ביז דער תקופה פון די קאַראָלינגער איז זייער צאָל געווען זעער קליין. ערשט פון יעמאָלט אָן און באַזונדערס אין IX און אין X יר"ה האָבן אָנגעהויבן קיין גערמאַניע אימיגרירן זעער אַ גרויסע צאָל יידן איבערהויפּט פון פראַנקרייך. לויט געוויסע דאָקומענטן, וואָס זיינען איינגעהיט געוואָרן, זיינען אין IX יר"ה אַנטשטאַנען די יידישע קהילות אין וואָרמס און מאַינץ. אין X יר"ה האָבן זיך געבילדעט יידישע קהלות אויך אין בייערן, מאַגדעבורג, מערזעבורג, נאַומבורג און פּראַג. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך צעשפּרייט אויך אין אַנדערע ערטער, אַזוי אַז אין XI יר"ה זייגען זיי שוין געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד.

**דער יידישער האַנדל.**

דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין גער־מאַניע האָט זיך כמעט מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידן אין פראַנקרייך. אויך דאָ איז דער גאַנצער מסחר געלעגן אין די יידישע הענט, אויך דער מסחר מיט שקלאַפן, וואָס זיי פלעגן אויפקויפן אין די סלאַווישע לענדער. דער צענטער פון שקלאַפן־מסחר איז געווען פראָג. אויף די ריידן אין די ריין־שטעט: קעלן, מאַינץ, וואָרמס און טריר פלעגן קומען פיל יידן. די יידן, אַלס פעאיגער האַנדלס־קלאַס, האָבן בעגעבן גרויסע הכנסות די בעלי־בתים פון די שטעט, וואו זיי האָבן געוואוינט. דעריבער האָבן זיך אַ סך פעאָדאַלע פירשטן און בישאָפן משתדל געווען צוצוציען אין זייערע שטעט יידן. אַזוי האָט דער בישאָף פון שפייער אין יאָר 1084, ווען ער האָט אומגעענדערט דעם דאָרף אַלטשפייער אויף אַ שטאָט, גערופן צו זיך יידן און זיי אָפּגעגעבן אַ גאַנץ באַזונדערן טייל, וואו אויפצובויען זייערע הייזער; אויך האָט ער זיי געגעבן פולשטענדיגע רעכט פון פרייען האַנדל, רעכט צו באַזיצן אומבאַוועגליכע גיטער, צו האַלטן קריסטליכע שקלאַפן און דינער, אויך אַן אייגענע יוריסדיקציע.

די יידן האָבן מערסטנטיילס געוואוינט אין די שטעט. ביי די הייזער און אויסערן שטאָט האָבן זיי געהאַט גערטענער און פעלדער. זיי פלעגן האָ־דעווען בהמות, עופות.

מיט מלאכה האָבן זיי זיך ווייניג באַשעפטיגט. אויך זיינען געווען יידישע דאָקטוירים.

**באַציאונגען.**

די קעגנזייטיגע באַציאונגען פון די יידן מיט זייערע שכנים־גערמאַנער זיינען געווען גוטע. אפילו גלחים האָבן געלעבט חבריש מיט יידן. די באַציאונג פון די ערשטע מלכים פון דער סאַקסישער דינאַסטיע צו די יידן איז אויך געווען אַ גוטע. בלויז דער לעצטער פאָרשטייער פון דער דאָזיגער דינאַסטיע, היינריך II דער הייליגער, האָט גערודפט די יידן.

דער דאָזיגער קיניג, וואָס האָט געהאַט נטיות פון אַ מאָנאַך, האָט בכלל געפילט אַ שנאה צו אַנדערשגלויביגע. מען איז משער, אַז אים האָט באַזונדערס אויפגערעגט, וואָס עס האָט זיך מגייר בעווען אייגער אַ גלח וועצעלינוס, וואָס יידן זאָלן אים האָבן „אַראָפּגעפירט פון וועג". אין יאָר 1012 האָט היינריך פלוצלינג אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס וואוינען אין מאַינץ, זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. אייניגע יידן האָבן לפנים אָנגענומען די קריסטליכע אמונה; די איבעריגע זיינען פאַרטריבן געוואָרן. נאָר אַדאַנק דער שתּדלנות פונם

מיטגליד פון דער מאַינצער קהילה, ר' שמעון בן יצחק, איז דער דעקרעט אין אַ יאָר אַרום בטל געוואָרן. די אַנוסים האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו זייער אמונה און די פּאַרטריבענע האָבן זיך ווידער באַזעצט אין מאַינץ.

די שפּעטערדיגע קיסרים האָבן זיך גוט באַצויגן צו די יידן. אין יאָר 1090 האָט דער קיניג הייגריך IV, לויט דער שתדלנות פון שפּייערער און וואָרמסער יידן, באַשטעטיגט און פאַרברייטערט זייער רעכט אין באַזונדערע סטאַטוטן, וואָס זיינען, משמעות, געווען גילטיג אויך פאַר אַנדערע קהילות אין דייטשלאַנד. לויט די דאָזיגע סטאַטוטן, האָט קיינער ניט קיין רעכט אַנצופאַלן אויף יידן; קיינער האָט ניט קיין רעכט זיי צו צווינגען צום שמד; אין משפּטים צווישן יידן און קריסטן קאָן יעדערער פאַרטיידיגן זיינע אינטערעסן „לויט זיין געזעץ" אָדער מנהג.

## די פאַרשקלאַפונג פון די יידן.

ניט געקוקט אָבער אויף די אַלע גוטע באַציאונגען צו די יידן, איז אין עצם זייער לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. די פעאָדאַלע סיסטעם האָט זיך אין דייטש-לאַנד אַנטוויקלט ביז דער לעצטער מדרגה און האָט די יידן ניט געגעבן קיין שום אחיזה אויף דער ערד. זיי זיינען געצוואונגען געווען צו קאָנצענטרירן זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט בלויז אויף האַנדל. די עשירים האָבן געמאַכט גרויסע געשעפטן; די מיטעלע פלעגן לייען די פויערים געלט צו גיין אויפן מאַרק אין שטאָט און זיי פלעגן באַצאָלן זייערע חובות, אומקערנדיג זיך פון יריד מיט זעער אַ קליינעם פּראָצענט; די אָרימע מאַסן האָבן זיך באַשעפטיגט מיט הויזירעריי (קאַראַבעלניקעס).

די יידן האָבן געמוזט צאָלן שטייערס, גרעסערע ווי די קריסטן. די דייטשע קיסרים האָבן באַקומען בירושה פון די קאַראָלינגער אַ ר ע ג אַ ל י ע — אַ קיניגליכע רעכט צו נעמען אַ ספּעציעלן שטייער פון די יידן. ווען אָטאָ דער גרויסער האָט אויסגעבויט די קירך אין מאַגדעבורג און געוועלט זי מזכּה זיין מיט גרויסע הכנסות, האָט ער איר אָוועקגעגעבן במתּנה—די יידישע שטייערן. אָטאָ דער צווייטער האָט געגעבן אַ מתּנה דעם בישאָף פון דער שטאָט מערזבורג—די אָרטיגע יידן. דער דאָזיגער קיסר האָט געהאַט אַ גוטן פריינד אַ יידן פון איטאַליע מיטן נאָמען קלונימוס, וואָס האָט אַיינגעשטעלט זיין לעבן אויפן שלאַכטפעלד און געראַטעוועט זיין האַרן פון טויט. בשעת דער קיסר האָט געפירט מלחמה מיט די סאַראַצינער און מיט די גריכן (982), האָט אים קלונימוס באַגלייט און בשעת די בעסטע ריטער און גבורים פון דייטשלאַנד זיינען געפאַלן

אין שלאכט און אויך דעם קיסרס פערד איז געפאַלן טויט אונטער אים, האָט ער אוועקגעגעבן דעם קיסר זיין פערד צו אַנטלויפן פון די שונאים, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. און אַליין האָט ער אפילו ניט געפּרובט אַנטלויפן, נאָר מיט אַ ציטערנדיגן האַרצן געוואַרט ביז זיין קיניג וועט זיין געראַטעוועט. אָבער די גוטע מעשים פון די יידן האָבן ניט געווירקט אויפצוהייבן זיי פון זייער נידעריגן מצב.

אין עלפטן יר"ה האָבן זיך אָנגעהויבן סיסטעמאַטישע רדיפות אויף די יידן מצד פאַרשיידענע מושלים. אַן אויסרייד האָט מען אַלעמאָל געפונען.

**די יידן אין איטאַליע.**

דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין איטאַליע האָט זיך שטאַרק אונטערשיידט פון דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידן אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

אין IX און X יר"ה זיינען אין איטאַליע אַנטשטאַנען צוויי גרויסע האַנדלס-צענטערן: אמאלפי אין דרום און ווענעציע אין צפון. דער רוב סוחרים זיינען געווען קריסטן. די יידן זיינען ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. אין יאָר 945 האָט דער שטאָט-ראַט אין ווענעציע פאַרווערט צו פאַרדינגען אַפילו וועלכע עס איז שיף צו אַ יידן. בלויז אויף די אינזלען סאַרדיניע און סיציליע האָבן נאָך די יידן געפירט דעם ים-מסחר. די יידישע סוחרים, וואָס זיינען באַזייטיגט געוואָרן פון ים-מסחר, האָבן זיך גענו-מען צום יבשה-מסחר, צום אינערליכן האַנדל. זיי האָבן געהאַנדלט מיט טייערע איידלשטיינער, געוועב, זייד, קליידער און אויך זיך פאַרנומען מיט קליין-האַנדל. יידישע סוחרים פלעגן אויך פירן סחורה פון איטאַליע אויף די ירידן אין מערב-פראַנקרייך.

די יידן האָבן געשאַפן אין איטאַליע די זייד-אינדוסטריע און פאַרבעריי. מלאכה איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די יידן. אין סאַרדיניע זיינען געווען יידישע שמידן, שלאָסערס, גאָלדשמידן, וועבער, טשעסליער און באַ-שעפטיגטע מיט בערג-אינדוסטריע. אין סיציליע האָבן זיך די יידן באַשעפטיגט מיט מעטאַל-אויסאַרבעטונגען. אין רוים זיינען געווען פיל יידישע שניידער, יובעלירן, שרייבער און איבערזעצער, אויך האָבן זיך יידן פאַרנומען מיט מעדיצין. יידישע דאָקטוירים האָבן געהאַט אַ גרויסן שם און זיי פלעגן איינגעלאַדן ווערן אין די רייכסטע הייזער און אויך צו די גרויסע גייסטליכע. עס זיינען געווען אַפילו פּויבסטן, וואָס האָבן זיך קורירט ביי יידישע דאָקטוירים.

די יידן האָבן ניט קאָנקורירט מיט דער אָרטיגער באַפעלקערונג. פאַרקערט, אַלע האָבן געקוקט אויף זיי, ווי אויף נוצליכע, פּראָדוקטיווע מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט.

אויך איז דער פּאָליטישער מצב פון די יידן אין איטאַליע בכלל געווען אַ בעסערער ווי אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

---

## ט. דער אויפשטייג פון די יידן אין דער אַראַבישער שפּאַניע.

**די ממשלה פון די אַראַבער.**

אין די ערשטע צענדליגער יאָרן פון דער אַראַבישער הערשאַפט אין שפּאַניע, זיינען פאָרגעקומען גאַנץ אָפט מלחמות מיט די קריסטליכע פירשטן, וואָס האָבן געגרינדעט אומאָפּהענגיגע מלוכות אין די אסטוריער בערג. צווישן די פירער גופא, די מוסולמענישע שטעלפאַרטרעטער פון דמשקער קאַליף, זיינען פאָרגעקומען אומאויפהערליכע סכסוכים. אין יאָר 755 איז קיין שפּאַניע געקומען עַבד־אול־רַחְמָן, דער לעצטער פאַרבליבענער פון דער אמאיאדן־דינאַסטיע, האָט זיך דערקלערט פאַר אַן אומאָפּהענגיגן קאַליף פון די שפּאַנישע אַראַבער און געלייגט דעם יסוד פון קאָרדאָווער קאַליפאַט, וואו די אַראַבישע קולטור האָט דערגרייכט די העכסטע אויפבליאונג.

פונדעסטוועגן איז אין דער צייט פון דעם קאַליף און זיינע ערשטע יורשים נאָך אַלץ ניט געווען קיין מנוחה אין לאַנד. אין VIII און IX יר״ה איז שפּאַניע אויסגעקומען צו פירן מלחמה מיט די מזרחדיגע אַבאַסידישע קאַ־ליפן, מיט די קריסטליכע פירשטן אויפן פירענעאישן האַלבאינזל און ענדליך מיט די מעכטיגע אייראָפּעאישע הערשער, קאַרל דעם גרויסן און זיינע יורשים. ערשט אין X יר״ה, ביים קאַליף עבד־אול־רהמן III (912—961) איז פאַר שפּאַניע געקומען די ערא פון אַ פרידליכער אנטוויקלונג, עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד און פונאַנדערבליאונג פון וויסנשאַפט און קונסט.

**די אַראַבער און די יידן.**

די צוויי יאָרהונדערטן, וואָס זיינען פאָראיבער פון דער צייט פונם איינגעמען דאָס לאַנד ביזן מיטן פון X יר״ה, זיינען געווען די איבערגאַנגס־צייט אין לעבן פון די שפּאַנישע יידן. אין דער דאָזיגער צייט

האָבן זיך פאַרהיילט די וואונדן, וואָס דאָס שפּאַנישע יידנטום האָט באַקומען פון די וועסטגאָטישע מושלים. זיי האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שפּירן ווי פרייע בירגער פון דעם לאַנד, וואו זייערע זיידעס האָבן זיך נאָך פון גאַנץ אַלטע צייטן באַזעצט.

די יידן האָבן באַקומען פרייהייט פון גלויבן, רעכט און מיגליכקייט צו פירן אַ פרייען האַנדל און זיך צו פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט. די אַראַבער האָבן קאָנפיסקירט די גאַנצע ערד פאַר דער מלוכה און זי אָפּגעגעבן אין אַרענדע. די „גלויביגע״ האָבן געדאַרפט צאָלן דער מלוכה $1/10$, יידן און קריסטן $1/5$. אויך האָבן די יידן און די קריסטן געדאַרפט צאָלן פאַרמעגנס־שטייער און קאָפּ־שטייער. די הכנסות פון דער מלוכה זיינען אויך אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַרענדע, און די אַרענדאַטאָרס זיינען צום גרעסטן טייל געווען יידן. זיי האָבן אויך געהאַט אין זייערע הענט כמעט דעם גאַנצן האַנדל און אינדוסטריע; די אַמאָליגע וועסטגאָטן האָבן זיך באַשעפטיגט מיט לאַנדווירט־שאַפט, און די אַראַבער מיט קריגסקונסט און אדמיניסטראַציע.

## דער קולטורעלער מצב.

די יידן, בלייבנדיג געטריי זייער אמונה און נאַציאָנאַליטעט, האָבן זיך דערנעענטערט צו די געבילדעטע אַראַבער אין דער ספערע פון בירגערליכן און אינטעלעקטועלן לעבן.

ווען דער קאַליף הישאַם (788—795) האָט געגרינדעט שולן, האָבן די יידן מאַסנווייז געצויגן זיך אַהין. די אַראַבישע שפּראַך איז ביי זיי געוואָרן די אומגאַנגס־שפּראַך און אויך די שפּראַך פון שריפט. די רייכע יידן האָבן געפירט אַ לוקסוס־לעבן לויטן אַראַבישן מוסטער: געקליידט זיך אין זיידנס, געפאָרן רייטנדיג אָדער אין טייערע קאַרעטעס. אָמאָרס געזעצן קעגן די ניט־מוסולמענער זיינען אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן.

די הויפּטשטאָט קאָרדאָווע האָט זיך זעער פונאַנדערגעוואַקסן. אין X יר״ה האָט זי געהאַט אַ מיליאָן איינוואוינער, 200,000 הייזער, 600 מעטשעטן, פּאַלאַצן (צווישן זיי דער באַרימטער פּאַלאַץ פון קאַליף פון 4312 קאָלומנעס), 50 שפּי־טעלער, 80 שולן, 900 בעדער, אַ אוניווערסיטעט און אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט 600,000 חבורים. אין גאַנצן קאַליפאַט זיינען געווען זעקס גרויסע און אַכט קלענערע שטעט. אויך זיינען אין גאַנצן קאַליפאַט געווען זיבעצן אוניווערסיטעטן און 70 ביבליאָטעקן.

די שיכטן יידן, וואָס זיינען גיך רייך געוואָרן, האָבן פאַרנומען אין די שטעט די חשובסטע גאַסן, און זייערע פּאַלאַצן און הייזער האָבן זיי געבויט לויט דעם מאַוריטאַנישן סטיל. אויך זייערע בתי־כנסיות האָבן זיי געבויט אויסשליסליך אין דעמדאָזיגן סטיל.

אין צענטן יר"ה טראָגט זיך איבער דער גייסטיגער צענטער פון בבל קיין שפּאַניע.

זעער פיל האָט געוויהקט אויף דעם אויפקום פונם גייסטיגן צענטער אין שפּאַניע דער יידישער מעצענאַט רב חסדאי אִבן שַׁפּרוּט.

**רב חִסדאי אִבּן שַׁפּרוּט.**

חסדאי בן יצחק אבן שאפּרוט (אַן ערך ד"א תרע"ה—תשל"ה אָדער 900—970) האָט געלעבט אין הויף פון קאַליף עבד־אול־רחמן III. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קענען פיל שפּראַכן. אין זיין יוגנט האָט ער געלערנט תלמוד, העברעאיש, אַראַביש, לאַטיין און מעדיצין. דער קאַליף האָט אים צו זיך גענומען און אים באַשטימט צו דיפּלאָ־מאַטישע שליחותן און פאַרקער מיט די קריסטליכע מלכים און אַזוי איז ער געוואָרן דער מיניסטער פון אויסערן אין קאָרדאָווער קאַליפאַט.

זיין רייכקייט און השפעה אין דער רעגירונג האָט ער אויסגענוצט לטובת זיינע ברידער אין שפּאַניע.

מיט אַלע מיטלען האָט ער זיך משתדל געווען אַראָפּצובריינגען קיין שפּאַניע די גרעסטע געלערנטע יידן פון בבל. ער האָט געעפנט שולן, איינגע־קויפט ספרים, געגעבן איבערצושרייבן דעם תלמוד אין פיל עקזעמפּלאַרן. זיין גאַנצע שטרעבונג איז געווען צו שאַפן אין שפּאַניע גופא אַ גייסטיגן צענטער פאַר זיינע ברידער, כדי זיי זאָלן ניט דאַרפן זיין אָפּהענגיג פון בבל.

דריי מענטשן האָבן אים געהאָלפן אין זיין אַרבעט: ר' משה בן חנוך, מנחם בן סרוק און דונש בן לַברַט.

**די פיר געפאַנגענע.**

ר' משה בן חנוך איז איינער פון די פיר משולחים, וואָס די ישיבה פון סורא האָט געשיקט אין פאַרשיידענע לענדער צו זאַמלען געלט אין די יידישע קהילות אויף תמיכה פאַר דער ישיבה, וואָס האָט געהאַלטן ביים געשלאָסן ווערן איבער דער שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע. דידאָזיגע משולחים זיינען געפאַנגען געוואָרן פון אַן אַראַבישן אַדמיראַל און פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן. איינער, ר' נתן ב"ר יצחק הבבלי, איז פאַרקויפט געוואָרן קיין פראַנקרייך; ר' משה בן חנוך—

קיין שפּאַניע; די אַנדערע צוויי: ר׳ יקותיאל און ר׳ שמריה בן אלחנן—קיין אפריקע,— און די אַלע פיר האָבן אין די נייע ערטער, וואוהין זיי זיינען געקומען, געעפנט נייע ישיבות (תש״כ 960).

קומענדיק קיין קאָרדאָווע, איז ר׳ משה בן חנוך אריינגעגאַנגען אין דער ישיבה פון ר׳ נתן הדיין הערן זיינע שיעורים אין תּלמוד. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין די וכוחים. גלייך האָט דער ראש הישיבה ר׳ נתן הדיין געמאָלדן, אַז דער אומבאַקאַנטער אָרימאַן פּאַסט צו פאַרנעמען דעם אָרט פון ראש ישיבה, און האָט אים אָפּגעטראָטן זיין שטעל.

**שפּאַניע אנשטאט בבל.**

גיך איז געוואַקסן דער נאָמען פון ר׳ משה בן חנוך אין אַלע יידישע קהילות, און זיין ישיבה האָט אָנגעהויבן צוציען תּלמידים פון שפּאַניע, דרום־פראַנקרייך און פון מזרח; טויזנטער תּלמידים האָבן געהערט זיינע שיעורים.

אָנשטאָט בבל איז איצט קאָרדאָווא געוואָרן דער תּלמודישער צענטער.

**מנחם בן סרוק.**

דורך מנחם בן סרוק און דונַש בן לַברַט האָבן זיך געשאַפן צוויי שולן אויף צו פאָרשן די העברעאישע שפּראַך.

מנחם בן סרוק האָט געווען דעם ערשטן העברעאישן ווערטער־בוך „המחברת" מיט אַ הוספה פון כללי הדקדוק, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַ גרויסן נאָמען און פיל תּלמידים און אָנהענגער.

איינער פון מנחמס תּלמידים איז געווען דער באַרימטער מדקדק יהודה אִבן דַאוד הַיוג׳, וואָס האָט צוערשט אַיינגעפירט דעם כלל אין דקדוק פון העברעאיש, אַז די שרשים פון שמות און פעלים באַשטייען ס׳רוב פון דריי אותיות.

**דונש בן לברט.**

דונש בן לברט איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אריינגעפירט אין דער העברעאישער פּאָעזיע דעם מעטער, וועלכן ער האָט מיט קליינע ענדערונגען איבערגענומען פון די יעמאלטיגע אראַבישע פּאָעטן; ער האָט די העברעאישע פּאָעזיע אַרויסגעטראָגן פון די ד׳ אמות פון בית מדרש און שול אויפן גאַס. אָנשטאָט תּפילות, קינות און סליחות האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אויך איבער וועלטליכע, וואָכעדיגע ענינים.

די ביידע שפּראַך־פאָרשער האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער גרויסער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער שפּראַך און פּאָעזיע.

### רב חסדאים אינטערעס פאַר די יידן אין אַלע לענדער.

ר׳ חסדאי אבן שפרוט איז געלונגען אין משך פון אַ קורצער צייט צו מאַכן קאָר־דאָווע פאַר אַ צענטער פון יידישער בילדונג. ער האָט געשטיצט די ישיבות און אונטער־געהאַלטן אַלע יידישע געלערנטע, וואָס האָבן זיך געניייטיגט אין תמיכה.

שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער לאַגע פון די יידן אין שפאַניע און אָנווענדנדיג אַלע מיגליכקייטן זיי צו העלפן אין אַלע הינזיכטן, איז חסדאי ניט געבליבן גלייכגילטיג אויך צו דער לאַגע פון די יידן אין אַנדערע לענדער. דער קלאַנג, אַז ערגעץ וואו עקסיסטירט אַ מעכטיגע יידישע מלוכה, איז געווען יעמאָלט שטאַרק פאַרשפּרייט. רב חסדאי האָט געוואוסט אַלע געשיכטן פון אלדד הדני און האָט געזוכט צו דערגיין דעם אמת. קומענדיג אין באַרירונג מיט אַ סך שלוחים און אַמבאַסאַדאָרן פון פאַרשיידענע מלוכות, האָט ער זיך שטענדיג נאָכגעפרעגט וועגן די יידן אין אַנדערע לענדער און וועגן דער יידישע מלוכה. ענדליך איז ער געקומען אויף אַ שפּור. מ׳האָט אים דערציילט פון די כּוזרים.

### רב חסדאים קאָרעספּאָנדענץ מיטן מלך פון די כּוזרים.

רב חסדאי האָט אָנגעהויבן זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו קומען אין פאַרבינדונג מיט דעם קיניג פון די כּוזרים. דאָס איז אים געלונגען. אין אַ שיינעם לאַנגן בריוו, געשריבן מיט מליצות און פול מיט שבחים, האָט ער דעם קיניג, וואָס האָט געהייסן יוסף, געלאָזט וויסן, ווער ער איז און וואָס ער וויל. „גאָט אַליין ווייס״,— שרייבט ער אינם בריוו,— „אַז איך האָב זיך ניט געווענדט צו אייך פון מיין כּבוד וועגן. איך וויל אויספאָרשן און וויסן דעם אמת, אויב עס געפינט זיך נאָך ערגיץ אַ פּלאַץ, וואו עס איז דאָ אַ יידישע קיניגרייך, וואו יידן ווערן ניט אונטערדריקט, וואו מען געוועלטיגט ניט איבער זיי, און ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז דאָס איז אמת, וואָלט איך פאַרמיאוסט מיין כּבוד, פאַרוואָרפן מיין גדולה, פאַרלאָזן מיין משפּחה און וואָלט געגאַנגען פון באַרג צו טאָל ביז־וואַנען איך וואָלט געקומען צו דעם פּלאַץ, וואו מיין האַר דער קיניג טוט רוען, צו זען זיין גרויסקייט״.

רב חסדאים בריוו האָט דערגרייכט צום קיניג, וואָס האָט גלייך געשיקט אַן ענטפער אויף אַלע זיינע פראַגן. אַזוי איז רב חסדאי געווען דערווירקליכער אַנטדעקער פון די כּוזרים

### דאָס צעפאַלן פון קאָרדאָווער קאַליפאַט.

אין סוף פון X יאָרהונדערט האָט דער אָמאַיאַ־דישער קאַליפאַט אין קאָרדאָווע דערגרייכט זיין העכסטן גלאַנץ, נאָר שנעל איז געקומען זיין ירידה. צוליב אינער־ליכע רייסערייען און מלחמות צווישן די אַראַבישע שבטים, איז דער קאָרדאָווער קאַליפאַט, וואָס האָט אַרומגענומען כמעט גאַנץ מיטל־ און דרום־שפּאַניע, צעפאַלן געוואָרן אויף אַ סך קליינע מלוכות (קאָרדאָווע, טאָלעדאָ, גרענאַדע, סעווילי, סאַראַגאָסע, וואַלענסיע א. א. וו.), וואָס פלעגן ניט לעבן צווישן זיך בשלום. אין יאָר 1013 איז סוליימאַן, דער קיניג פון די בערבערן, אַריבערגעקומען מיט זיין אַרמיי פון אַפריקע קיין קאָרדאָווע, האָט באַזיגט דעם קאַליף און חרוב געמאַכט די שטאָט. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן די שטאָט. צום מערסטן האָבן געליטן די יידן. צוליב דעם האָבן די רייכע יידן זיך אַריבערגעצויגן קיין גרענאַדע, מאַלאַגע און אַנדערע שטעט אין דרום שפּאַניע. דאָ האָט זיך איינגעפעסטיגט אַ שטאַרקער קאַליפאַט, דער גרענאַדער קאַליפאַט, וואָס האָט זיך געהאַלטן עטליכע יאָר־הונדערטן און איז געווען אין יאָר 1492 די לעצטע פּאָזיציע פון די אַראַבער אין שפּאַניע.

### רבי שמואל הנגיד.

צווישן די פּליטים פון קאָרדאָווע האָט זיך געפונען ר׳ שמואל הלוי אבן נַגְרִילָה (ד״א תשנ״ג—תתט״ו, 993—1055), וואָס האָט, נאָכדעם ווי ער האָט אין דער מהומה פאַרלאָרן זיין פאַרמעגן, געעפנט אין גרענאַדע אַ קליינע קראָם, ניט ווייט פון וויזירס פּאַלאַץ. גיך איז ער באַקאַנט געוואָרן צווישן זיינע שכנים ווי אַ געלערנטער מענטש און זיי האָבן זיך צו אים געווענדט, ער זאָל זיי שרייבן בריוו און בקשות. איינע פון די בקשות האָט דערגרייכט צו די הענט פון וויזיר, און ער איז דערשטוינט געוואָרן פון דער שיינער האַנטשריפט און אויסערגעוויינליכן סטיל. דער וויזיר האָט גערופן צו זיך דעם קרעמער ר׳ שמואל הלוי און, באַקענענדיג זיך מיט אים נעענטער, האָט ער אים איינגעלאַדן צו זיך פאַר אַ סעקרעטאַר.

ר׳ שמואל האָט אַלס סעקרעטאַר געבראַכט זייער פיל נוצן זיין בעל־הבית און מיט דער צייט איז ער געוואָרן זיין גאַנצער בעל־יועץ. ווען דער וויזיר איז קראַנק געוואָרן און דער קיניג איז צו אים געקומען מבקר חולה זיין, האָט דער וויזיר פאָרגעלייגט דעם קיניג צו באַשטימען ר׳ שמואלן פאַר זיין ממלא מקום. און אַזוי איז עס געשעען. נאָכן טויט פון וויזיר איז ר׳ שמואל באַ־שטימט געוואָרן אַלס וויזיר פון גרענאַדער קאַליפאַט. פון יעמאָלט אָן האָט ער

געוואוינט אין קיניגליכן פאַלאַץ און האָט מיט גרויס פעאיקייט געפירט אַלע ענינים פון דער מלוכה.

ר׳ שמואל האָט זיך אויסגעצייכנט ניט בלויז אַלס מיניסטער פון אויסערן און דיפּלאָמאַט, נאָר אויך אַלס גענעראַל און מלחמה־פירער. אַדאַנק זיין איידעלער פירונג און קלוגשאַפט האָט ער דערוועקט צו זיך צוטרוי און סימפּאַטיע פון אַלע גרענאַדער איינוואוינער אָן אונטערשייד פון גלויבן.

זיין גרויסע שטעלע אַלס מלוכה־מאַן האָט אים ניט געשטערט אין זיין אַרבעט לטובת זיין פאָלק. זיין גאַנצע רייכקייט און מאַכט האָט ער אָנגעווענדט אויף צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע אומעטום, וואו ער האָט נאָר געקאָנט. ער האָט אָרגאַניזירט אַלע קהילות, געשטיצט די געלערנטע, אויסגעהאַלטן די ישיבה אין גרענאַדע, וואו ער איז אַליין געווען רב און ראש־ישיבה.

די יידן האָבן אים געקרוינט מיט דעם נאָמען נגיד, ד. ה. דער רעפּרעזענטאַנט פון אַלע יידן אין דער מלוכה.

ר׳ שמואל הנגיד איז ניט געווען בלויז אַ מעצענאַט, ווי רב חסדאי, נאָר אויך אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט אויסגעצייכט געקענט די העברעאישע שפּראַך, אויך אַראַביש, לאַטיין און בערבערישע שפּראַכן. איבערהויפּט אָבער האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע שאַרפע ידיעות אין תלמוד. צו אים פלעגט מען זיך ווענדן מיט פאַרשיידענע „שאלות״ און ער פלעגט שרייבן „תשובות״ אויף פאַרשיידענע תלמודישע פראַגן.

פון זיינע פיל תלמודישע שריפטן איז געבליבן דער „מבוא התלמוד״, אַן אריינפיר צום תלמוד.

דערדאָזיגער ספר אַנטהאַלט ידיעות וועגן דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון תלמוד ביז ר׳ משה דעם געפאַנגענעם און זיין זון ר׳ חנוך, ר׳ שמואלס רבין, וועגן דעם צונויפשטעל פון דער תורה שבעל פה און דער מעטאָדאָלאָגיע פון משנה און גמרא, ד. ה. דרכים און כללים, וואָס די חכמי התלמוד האָבן געברויכט ביים באַטראַכטן רעליגיעז־רעכטליכע שטרייט־פראַגן. דער „מבוא התלמוד״ איז געוואָרן זייער פאָפּולער. זיין גאַנץ פאַרבליבענער טייל דרוקט זיך עד היום אין אַלע אויסגאַבן פון תלמוד בבלי ווי אַ הוספה צו דער ערשטער מסכת.

ר׳ שמואל האָט אויך געשריבן פיל שירים אין אַראַביש און באַזונדערס העברעאיש אויף אַלערליי טעמען: אַ ריי רעליגיעזע הימנען לויטן מוסטער פון תהלים („בן־תהלים״), אַ ספר אַפאָריזמען לויט דער פאָרם פון משלי („בן־משלי״) און אַ זאַמלונג פילאָסאָפישע חקירות „בן־קוהלת״ לויטן מוסטער פון קוהלת, אויך

שירים אויף פאַרשיידענע פּאַלן פון לעבן. ר׳ שמואל האָט אויך אַ סך געשריבן אויפן געביט פון דקדוק.

זיין זון יוסף־אבן נגדילה.

ר׳ שמואל הנגיד איז געשטאָרבן אין יאָר תתט״ו (1055), איבערלאָזנדיג זיין זון יוסף אַלס יורש און וויזיר. יוסף אָבער האָט ניט געהאַט די קלוגשאַפט און די צופּאַסונגס־פעאיקייט פון זיין פאָטער. ער האָט אויפגערייצט קעגן זיך די מוסולמענישע באַאַמטע און שרים און זיי האָבן אויפגעהעצט די בערבערישע באַפעלקערונג קעגן יוסף מיט דעם אויסרייד, אַז ער און די יידן האָבן באַ־הערשט דאָס לאַנד. אין יאָר 1066 איז אין גרענאַדע געמאַכט געוואָרן אַן אָנפאַל אויף אים און אויף די יידן. עס זיינען פאַגראָמירט געוואָרן די יידישע הייזער פון 1500 פאַמיליעס און דערמאָרדעט געוואָרן אַ סך יידן. יוסף אַליין איז דער־מאָרדעט געוואָרן אין פּאַלאַץ.

דאָס איז געווען די ערשטע פאַרפאָלגונג פון די יידן אין דער מוסולמע־נישער שפּאַניע.

דערדאָזיגער שרעקליכער פּאָגראָם האָט זיך אָפּגערופן אויפן גורל פון די יידן פונם גאַנצן גרענאַדער קאַליפאַט. זיי זיינען געצוואונגען געווען צו פאַר־לאָזן דאָס לאַנד, וואו זיי האָבן אַ האַלבן יאָרהונדערט געלעבט רואיג און גוט, און צו באַזעצן זיך אין די אנדערע אַראַבישע מדינות פונם פּירענעאישן האַלבּ־אינזל. די גרענאַדער מלוכה האָט נאָך דערדאָזיגער קאַטאַסטראָפע עקסיסטירט נאָך אַ יאָר צוואַנציג, ווען זי איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער מאַכט פון די אַלמאָראַווידן, וואָס זיינען געקומען פון אַפריקע.

די „גאָלדענע תקופה״.

די שפּאַניש־יידישע קולטור האָט דערגרייכט איר העכסטן גלאַנץ אין דעם דור פון ר׳ שמואל הנגיד, וואָס מ׳רופט די „גאָלדענע תקופה״. אין דערדאָזיגער תקופה זיינען אויפגעשטאַנען ביי די יידן אין שפּאַניע זעער אַ גרויסע צאָל געלערנטע, פילאָסאָפן און פּאָעטן.

רבנו בחיי.

צווישן אַלע געלערנטע פון יענער צייט, פאַרנעמט אַ גאַנץ באַזונדערן אָרט רבנו בחיי בן יוסף אבן פקודה. ער האָט געוואוינט אין סאַראַגאָסע, וואו ער איז געווען דיין (שופט ומנהיג).

אין יאָר ד״א ת״ת (1040) האָט ער אָנגעשריבן זיין גרויסן ספר „חובות הלבבות״, וועלכער איז נאָך ביז היינטיגן טאָג איינער פון די פּאָפּולערסטע ספרים ביי יידן.

אין דעם „חובות הלבבות״ פרובט רבנו בחיי צום ערשטן מאָל באַגרינדן און אויפשטעלן אַ גאַנצע שיטה פון דער יידישער עטיק. דעם ספר האָט ער געשריבן אין אַראַביש, „אין דער שפּראַך, וואָס אַלעריידן, און אין אַ לייכטן, פאַרשטענדליכן לשון אָן די שווערע און פרעמדע ווערטער״, כדי ער זאָל זיין צוטריטליך פאַר יעדן. ער ווייזט אָן אויף דער טרויעריגער ערשיינונג, וואָס ביים גרעסטן עולם איז געוואָרן דאָס תורה לערנען און טאָן מצוות אַ הרגל־זאַך, עס ווערט אַלץ געטאָן מאַשינעל, אָן אינערליכן איבערלעבן. דער ציל פון די מצוות פון דער תורה איז צו דיסציפּלינירן דעם מענטשן און דערציען אים. זייער אינערליכע כונה איז — די דערהויבונג פון גייסט, די רייניגונג פון דער נשמה, דער חוב פונם מענטשנס האַרצן פאַר גאָט און פאַרן מענטשן.

רבנו בחיי ווייזט־אויף די איינהייט פון גאָט, דאָס האַרמאָנישע אין דער גאַנצער וועלט און די צוועקמעסיקייט און פּלאַנמעסיקייט אין דער נאַטור. נאָכדעם גייט ער איבער צו דער באַציאונג פון מענטשן צו גאָט. דער מענטש דאַרף דינען גאָט ניט צוליב שכר אָדער מורא פאַר'ן עונש, נאָר אויס ליבע צו אים. באַטראַכטנדיג די יצירה פון גאָט, די וועלט מיט איר שיינקייט, דאַרף זיך ביים מענטשן דערוועקן אַזאַ ליבע צו דעם יוצר, אַז ער זאָל זיך קאָנען אין אים אינגאַנצן באַהעפטן, פאַרגעסן זיך. יעמאָלט וועט פאַר אים אַלץ זיין קלאָר, פאַרשטענדליך. עס באַהעפט זיך די נשמה מיט איר מקור, זי ווערט אַ טייל פון זיין ליכט. דאַן ווערט דער גאַנצער וועזן פון מענטשן געריייניגט און גע־לייטערט פון אַלע גראָבע, ערדישע פאַרלאַנגען. די נשמה ווערט באַפרייט פון גוף און זי ווערט אַ טייל פון דער אומענדליכקייט. די טאָג־טעגליכע דאגות דאַרפן דעם מענטשן ניט מטריד זיין פון עבודת אלהים, ווייל דאָס זיינען אַלץ קלייניקייטן, וואָס דער מענטש דאַרף זיי פאַרבייגיין. אין אַ קורצן ליד פון צען שורות גיט ער איבער דעם הויפּט־אינהאַלט פון זיין ווערק, און ווייזט אָן דעם גרויסן וועלט־שמערץ:

„דאָס לעבן און דער טויט גייען צוזאַמען האַנט ביי האַנט און ווערן קיינמאָל ניט פונאַנדערגעטיילט. זיי האַלטן אין זייערע הענט אַ צעבראָכענעם בריק, אויף וועלכן אַלע באַשעפענישן גייען דורך. דאָס לעבן שטייט ביים אָרייגאַנג, דער טויט ביים אַרויסגאַנג. דאָס לעבן בויט, דער טויט צעשטערט; דאָס לעבן זייט, דער טויט שניידט; דאָס לעבן פלאַנצט, דער טויט רייסט אויס; דאָס לעבן באַהעפט, דער טויט צעשיידט; דאָס לעבן זאַמלט, דער טויט

צעשפרייט, און זיי וויסן, נשמה מיינע, אז דו דאַרפסט אַריבערגיין דעמדאָזיגן בריק״. און אַריבערגיין דעמדאָזיגן בריק און ניט נכשל ווערן קען מען בלויז דאַן, ווען דער מענטש דערפילט זיין חוב צו זיין באַשעפער, איז מיטן גאַנצן האַרצן מקיים די מצוות שבין אדם למקום, און דעם חוב צום מענטשן, וואָס איז באַשאַפן בצלם אלהים, און איז מיט ליבשאַפט מקיים די מצוות שבין אדם לחברו.— שפּעטער איז דער ספר איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש.

**ר׳ יונה אִבן־גַנַאח.**

צוזאַמען מיט די לימודים פון דער תורה, וואָס זיינען אין די צייטן פון ר׳ שמואל הנגיד געווען זעער פאַרשפּרייט צווישן אַלע שיכטן פון פאָלק, איז ביי די יידן אין אַלע אַראַבישע לענדער געווען גרויס די ליבשאַפט צו דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור. אַ סך גרויסע גראַמאַטיקער און פילאָלאָגן האָבן געפאָרשט די יסודות פון דער שפּראַך און איר וואָרט־אוצר און געאַרבעט איבער איר סטיל. דער גרעסטער פון די העברעאישע פילאָלאָגן פון אַלע צייטן איז געווען ר׳ יונה אבן גנאח (דזשאַנאַח,— געבאָרן אין קאָרדאָווע אַן ערך ד״א תשנ״ה און געשטאָרבן ד״א תת״י, אָדער 995—1050 נ. א. צ״ר). ער האָט געלערנט יידישע וויסנשאַפטן אין דער אַקאַדעמיע אין קאָרדאָווע, וואָס רב חסדאי אבן שפּרוט האָט געגרינדעט, און שטודירט מעדיצין אין אוניווערסיטעט פונם קאַליף אַל־חַכַּים. אָבער מער ווי אַלץ האָט עס אים געצויגן צו דער פילאָלאָגיע פון דער העברעאישער שפּראַך. אין די יינגסטע יאָרן האָט ער, ווי אַלע זיינע צייט־חברים, געפּרובט שרייבן פערזן, אָבער באַלד האָט ער זיך איבערגעצייגט, אַז ער איז ניט באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט פּאָעטישן טאַלענט, און האָט עס געוואָרפן. מיט לייב און מיט לעבן האָט ער זיך איבערגעגעבן דער פילאָלאָגיע פון העברעאיש און דער עקזעגעטיק פון תנ״ך אויף די יסודות פון דער ריינער לאָגיק. באַלד איז זיין וויסנשאַפטליכע אַרבעט איבערגעריסן געוואָרן. בעת דער בערבערישער קריגספירער סוליימאַן האָט פאַרנומען קאָרדאָווע, האָט אין דער מהומה ר׳ יונה פאַרלאָזן די שטאָט און איז אַוועק קיין סאַראַגאָסע (אין צפון־שפּאַניע) און זיך דאָרטן באַזעצט. דאָ האָט ער זיך באַשעפטיגט מיט מעדיצי־נישער פּראַקטיק און אָנגעשריבן׳ איינציגע ווערק איבער מעדיצין, ווי אויך אַ סך שפּראַך־פאָרשונגען. דאָס וויכטיגסטע ווערק זיינס איז דער ספר „הָרִקְמָה״, וואָס האָט דאַן געהאַט פונקט אַזאַ באַדייטונג פאַר דער פילאָלאָגיע פון דער העברעאישער שפּראַך, ווי רב סעדיה גאונס „האמונות והדעות״ פאַר דער פילאָסאָפיע פון דער יהדות.

**רבי שלמה אִבּן גבירול.**

די גרעסטע פּערזענליכקייט אין דעם דור פון ר׳ שמואל הנגיד איז געווען דער געניאַלער פּאָעט און פילאָסאָף ר׳ שלמה בן יהודה אבן - גבירול, אַראַביש: אבו-איוב סוליימאַן אבן-יחיא ער איז געבאָרן געוואָרן (אַן ערך ד״א תשפ״א, אָדער 1021). אין דער שטאָט מאַלאַגע, וואוהין זיינע עלטערן האָבן איבערגעוואַנדערט נאָכן גרויסן פּאָגראָם אין קאָרדאָווע אין 1013. ער האָט פרי פאַרלאָרן דעם פאָטער און די מוטער. די דאָזיגע אבדה, צוזאַמען מיט די וואַנדערונגען, נויט און צרות, וואָס זיינען אויסגעפאַלן אויפן גורל פונם פאַריתומטן יינגל, האָט ,אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל פון טיפן צער און שטילן טרויער אויף זיין נשמה. צו זיבעצן יאָר איז ער געקומען קיין סאַראַגאָסע, וואָס איז געווען אַ זעלבשטענדיגער עמיראַט, און האָט דאָ געפונען אַ גוטן פריינד און שיצער אין דער פּערזאָן פונם עמירס וויזיר ר׳ יקותיאל אִבּן חַסַאן, וואָס איז גלייכצייטיג געווען נגיד פון די יידן אין דער מדינה. ר׳ יקותיאל הנגיד האָט, פּונקט ווי רב חסדאי אבן שפרוט און ר׳ שמואל אבן נגדילה, געשטיצט געלערנטע, פילאָסאָפן און דיכטער, באַזונדערס דעם יונגן עלנדן פּאָעט אבן-גבירול. ר׳ שלמה האָט זיך בכל לבבו צוגעבונדן צו דעם דאָזיגן מעצענאַט און האָט אים באַזונגען אין אָדעס. אינגיכן איז ר׳ יקותיאל אומגעקומען אין אַ בירגער-קריג. אבן-גבירול האָט באַוויינט דעם דאָזיגן טויט, ווי אַ שווערע אבדה פאַרן גאַנצן יידנטום. דאַן איז ער אַוועק קיין גרענאַדע צו זיין בן-עיר ר׳ שמואל הנגיד, וואָס האָט אים גוט אויפגענומען. דאָרטן האָט ער זעער פיל געשאַפן אויפן געביט פון פּאָעזיע און פילאָסאָפיע. שוין צו זעכצן יאָר האָט שלמה אבן גבירול זיך אויסגעצייכנט ווי אַ גרויסער דיכטער און האָט זיך אונטערגעשריבן „שלמה הקטן״.

אָט איז איינס פון זיינע לידער פון יענער צייט אין יידישער איבערזעצונג:

.1

איך בין דער דיכטער, דאָס ליד איז מיין קנעכט;
איך בין דאָס פידל—צום שפילן געגעבן.
מיין גוף גייט אַרום אויף דער ערד, און מיין זעעל
אַריבער די וואָלקנס צום הימל טוט שוועבן,
מיין האַרץ איז פאַרשטענדיג ווי ס׳האַרץ פון אַ גרייז
און בין ערשט אין זעכצענטן יאָר פון מיין לעבן.

.2

געמישט איז מיט זאָרג מיין געזאַנג
און מיין שמחה—מיט טרויער.
איך זע מענטשן לאַכן, און איך —
אויף מיין לעבן איך וויין און באַדויער.
ווי פּאַסט עס, איך פרעג דיך, מיין פריינד,
פאַר אַ יינגל פון זעכצן
גיט שיינען מיט באַקן ווי רויזן צעבליטע,
נאָר קלאָגן און קרעכצן!
פון קינדהייט נאָך אָן האָט מיין אייגענע האַרץ
מיך פאַרמשפּט צום טרויער:
דערפאַר איז מיין לעבן באַטריבט,—
איך באַוויין און באַדויער.

(איבערזעצט פון ה. לייוויק)

אבן-גבירול האָט געשריבן אַלע מינים שירים: הימנען, עלעגיעס, אָדעס א. א. פריער האָט ער זיך פאַרנומען מערסטנטיילס מיט זיין פּערזענליכן „איך", און זיינע שירים דערציילן אונז וועגן זיינע פּערזענליכעליידן. שפּעטער אָבער האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט די ליידן פון זיין פאָלק און אים געווידמעט דעם גרעסטן טייל פון זיינע שירים.

## אויסצוג פון א תפילה (איבערזעצונג).

געפאַנגען און געפּלאָגט אין לענדער ווייט און פרעמד,
בענומען פאַר אַ דינסט און ווי אַ דינסט פאַרשעמט,
פון זינט האָסט מיך פאַרלאָזן,— וואַרט איך אויף דיין בליק,
איך, פיל געפּלאָגטע [אומה], קעהר מיך אום אַהיים צוריק.
אָן ענד האָט יעדער אָנהייב, מיין בראָך האָט נישט קיין ענד,
מיין וואונד האָבן די יאָרן פאַרהיילן נישט געקענט.
אין גלותדיגן זומפּ בין איך פאַרזונקען טיף
און קיינער שטעלט קיין מאַסטבוים אַרויסציען מיין שיף.

* *
*

ווי לאַנג וועסטו אַזוי נאָך האַלטן מיך אין שאַנד?
ווען וועט דאָס קול פון טערקלטויב זיך הערן אין מיין לאַנד?

(איבערזעצט פון אוערבאַך.)

אַזעלכע לידער, וואָס דריקן אויס דעם נאַציאָנאַלן ווי און די נאַציאָנאַלע האָפענונג, געפינען זיך ביי גבירול אין אַ גרויסער צאָל. אָבער פיל מער אין צאָל און אויך טיפער און לירישער זיינען זיינע ריין-רעליגיעז-פילאָסאָפישע שירים. אין זיי באַקלאָגט ער דעם צער און ווייטאָג פון מענטשן בכלל, ניט בלויז פון דעם יידן אַלס ייד; זיי זיינען אַלגעמיין מענטשליך.

אבן-גבירולס מאַסע לירישע און נאַציאָנאַל-רעליגיעזע שירים צייכענען זיך אויס מיט שיינקייט פון דער פאָרם און מיט עפּעס אַ באַזונדערער נשמהדיקייט. קיינער פון די פריערדיגע פייטנים האָט ניט געקענט אַזוי רירנדיג אויסדריקן די אויפרודערונג פון אַ גלויבנדיגער נשמה, דעם צער און בענקשאַפט פון דער געדרודפטער נאַציע, ווי ר׳ שלמה אבן-גבירול. זיינע האַרמאָנישע הימנען, וואָס זיינען אַריין אין די תפילות, זיינען געוועזן אַן אַנט-פּלעקונג פון אַ נייעם תהילים-זינגער. אין זיי הערט זיך דאָ אַ יראת-הכבודיגע התפעלות פון אַ מענטשליכער נשמה, וואָס שמועסט זיך דורך מיט איר באַשע-פער, דאָ די ליידנשאַפטליכע השתפכות הנפש פון דער בענקענדיגער יידישער אומה, וואָס בעט רחמים ועגן שוינונג, וועגן שיבת ציון.

דער גרעסטער און וואונדערבאַרסטער רעליגיעז-פילאָסאָפישער שיר איז זיין „כתר מלכות״. דאָס איז אַ אָדע צום וועלטן-שעפער, וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור.

דער רעליגיעזער געפיל איז דאָ ביי אים אַזוי שטאַרק, אַז אַלע אונטערשיידן פון אַלע רעליגיעס זיינען ביי אים פאַרשוואונדן:

„דו ביזט גאָט, און אַלע באַשעפענישן זיינען דיינע קנעכט און דינער. פון דיין כבוד ווערט ניט געמינערט דורך דעם, וואָס זיי דינען צו אַנדערע, וואָרום זייער אַלעמענס כונה איז צו קומען צו דיר. זיי זיינען ווי בלינדע, וואָס בלאָנדזשען זוכנדיג דעם קיניגס וועג״.

דער דאָזיגער מלכותדיגער הימן, וואָס איז ביי די ספרדים אַריין אין די תפילות פון יום-כפור, אַנטהאַלט אַ ריי דעפיניציעס פון דער גאָטהייט און פון בריאת העולם און עטעמט מיט מעכטיגן גלויבן, אַז די וועלט ווערט געפירט מיט גוטס און אַז עס איז דאָ אַ תכלית און אַ האָפענונג פאַרן צדיק, וואָס אים איז שלעכט אויף דער וועלט.

דעמזעלבינן רעליגיעז-פילאָסאָפישן וועלט-באַנעם פונם „כתר מלכות״ גיט ער איבער אין אַ גענויער אַבסטראַקטער פאָרם אין זיין ספר „מקור חיים״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויף אַראַביש און וואָס איז שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן דורך ר׳ שם טוב אבן-פלקירה אויף העברעאיש. אַדאַנק דער לאַטיי-

נישער איבערזעצונג איז דער „מקור חיים“ אין מיטלאַלטער זעער פּאָפּולער געוואָרן צווישן די קריסטליכע טעאָלאָגן, וואָס האָבן אַ סך פון אים גענומען. דער נאָמען פונם מחבר איז אין אראַבּישן אָריגינאַל און אין דער לאַטיינישער איבּערזעצונג געווען געצייכנט אבי ציברון, און בּלויז אין דער נייסטער צייט איז קלאָר געוואָרן, אַז אבי ציברון איז ניט קיין אַנדערער ווי אבן-גבירול, וואָס זיין נאָמען איז פשוט פאַרגרייזט געוואָרן.

אין זיין פילאָסאָפישער שיטה שטייט ער אויפן בּאָדן פון פּלאַטאָן און ידידיה-פילון האלכסנדרוני, נאָר מיט נייע טיפערע פאָרמולעס. דער יסוד פונם אמתן וויסן, פון דערקענען די וועלט, איז אונזער שכל, ניט די חושים. די מענטשליכע חושים זיינען אין זייער טבע בּאַגרעניצט: זיי בּאַגרייפן נאָר די ערשיינונג, די אָפּשפּיגלונגען פון די זאַכן, אָבּער ניט די זאַכן גופא, אין זעער עצם. מיר זעען, למשל, דעם אָפּשיין פון דער זון, אָבּער ניט די עצם זון. אַ חוץ דער וועלט, וואָס מיר בּאַגרייפן מיט אונזערע חושים און וואָס מוז זיין מטושטש און ניט קלאָר, ווייל אונזערע חושים זיינען בּאַגרעניצט, אַ חוץ אָט דער וועלט, איז דאָ די אמתע וועלט, די וועלט ווי זי איז, די גרויסע וועלט-נשמה, גאָט—דער קוואַל פון לעבּן פון אַלע וועלטן. די גאַנצע נאַטור איז חומר (מאַטעריע) און צורה (פאָרם), אָבּער העכער פון איר שטייט גאָט, וואָס איז דער ערשטער עצם און איר בּאַשעפער. פאַרמיטלער צווישן גאָט און וועלט איז דער „ווילן“ צו שאַפן אָדער די שאַפערישע קראַפט. די נשמה פון מענטשן איז אַ טייל פון דער גרויסער וועלט-נשמה. איידער זי קומט אַריין אין גוף, פירט זי אַריין רוחניותדיג לעבּן. דאַן זעט זי און בּאַגרייפט די אמתע וועלט ווי זי איז און ניט בּלויז ווי זי ערשיינט, ווי זי ווייזט זיך. קומט זי אָבּער אַריין אין גוף, ווערט זי פאַראומריינעגט און פאַרגראָבּט דורך די ליידן און פאַרלאַנגען פונם קערפּער. זי קען מער ניט בּאַגרייפן דעם ריינעם אמת. זי זעט די וועלט בּלויז דורך די חושים, דורכן גוף; זי זעט בּלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון דערווירקליכקייט, אַ מער אָדער ווייניגער ענליכן בּילד, אָבּער ניט די זאַכן גופא. דער גוף איז פאַר דער נשמה אַזוי ווי אַ תפיסה, ער לאָזט זי ניט אַריינדרינגען אין די העכערע וועלטן, פונוואַנען זי שטאַמט. די נשמה רייסט זיך אָבּער פון איר תפיסה, שטרעבּט צו דער גאָטהייט, דעם מקור פון לעבּן, און וואָס שטאַרקער ס'איז דער דאָזיגער כּוח המושך פונם אינדיווידואום צו דער וועלט-נשמה, אַלץ ריינער און גייסטיגער ווערט דער מענטש. דורך ליבּע און עסיק דערגרייכט מען דערצו. און ר' שלמה אבן גבירול האָט אָנגעשריבּן אַ ווערק „תִּיקּוּן מִדּוֹת הַנֶּפֶשׁ“, וואו ער דערווייזט, אַז צו שלֵמות קען דער

מענטש דערגרייכן, בלויז ווען דער שכל וועט קאָנטראָלירן די נאַטירליכע נטיות, ווען די „פאַרנונפטיגע נשמה" וועט גובר זיין דאָס בהמותדיגע,—דערין איז דער זין און דאָס גליק פונם מענטשליכן זיין.

די רעליגיעז-פילאָסאָפישע און פּאָעטישע „יגדל", „אדון עולם" און „שחר אבקשנו" זיינען אויך די ווערק פון שלמה אבן גבירול.

וועגן אבן גבירולס לעבן די לעצטע יאָרן און וועגן זיין טויט איז גאָרנישט באַוואוסט. ס'איז אפילו ניט באַוואוסט, ווי לאַנג ער האָט געלעבט. די פאָלקס-פאַנטאַזיע האָט געשאַפן אַ שיינע לעגענדע וועגן זיין טויט: אַן אַראַבישער דיכטער, וואָס האָט זיך געפילט זעער שטאַרק גע-קרענקט, וואָס אבן גבירולס לידער זיינען בעסער און מער באַרימט ווי זיינע, האָט אים פון גרויס קנאה דערמאָרדעט. כדי צו פאַרבאָרגן זיין פאַרברעכן, האָט ער דעם קערפּער פונם דערמאָרדעטן דיכטער באַגראָבן אין זיין גאָרטן אונטער אַ פייגנבוים, ניט ווייט פונם פּאַלאַץ. דער בוים, באַפרישט מיטן בלוט פון פּאָעט, האָט זיך פונאַנדערגעבליט פריער פון אַלעביימער. די פירות זיינען געווען אויסערגעוויינליך שיין און זיס. דאָס האָט געוועקט די אויפ-מערקזאַמקייט פון אַלעמען, ביז עס איז דערגאַנגען צום קיניג, וואָס האָט גע-נומען די גאַנצע זאַך אויספאָרשן. ער האָט פאַררופן דעם אַראַבישן דיכטער. יענער האָט זיך סוף כל סוף מודה געווען. און לויטן קיניגס באַפעל, איז ער אויפגעהאַנגען געוואָרן.

די מסורה האָט דערמיט געוואָלט פאַראייביגן דעם נאָמען פון זיין דיכטער, וואָס איז אויפגעגאַנגען ווי אַ יונגע פלאַנץ אויפן קבר (גלות) פון זיין פאָלק, איז זיך פונאַנדערנעוואַקסן און געוואָרן צו אַ פּראַכטיגן פייגנבוים, וואָס גיט די וואונדערליכסטע פירות (אַ רמז אויף דער כנסת ישראל, וואָס איז געגליכן צו אַ פייגנבוים).

## ר׳ יצחק אַלפַסי
(רי״ף) (1103—1013).

גלייכצייטיג מיטן שטודירן אַלע צווייגן פון וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע און פּאָעזיע, האָבן די יידן אין שפּאַניע אויך ניט פאַרלאָזן דעם שטו-דיום פון תלמוד. עס זיינען געווען ישיבות אין אַלע גרעסערע קהילות, וואו עס האָבן געלערנט כמעט אַלע קינדער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן פעאיקייטן צום לערנען. די גרעסטע ישיבה אָבער איז געווען אין לוצענאַ, וואָס איז געווען כמעט אינגאַנצן באַזעצט פון יידן, אונטער דער אָנפירונג פון ר׳ יצחק אַל-פסי.

ר׳ יצחק איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר ד״א תשע״ג (1013) אין אַ קליין שטעטל נים ווייט פון פאַס (פעץ) אין צפון־אפריקע. זיין תלמודישע בילדונג האָט ער באַקו־מען אין דער קיירואַנער ישיבה פון די גאונים רבנו נסים און רבנו חננאל. אין 1088, אין עלטער פון 75 יאָר איז ער געקומען קיין שפּאַניע און האָט זיך באַזעצט אין לוצענאַ, וואו ער איז געוואָרן רב און ראש־ישיבה. זיין ישיבה האָט גלייך געקראָגן אַ גרויסן פּרסום אין אַלע יידישע קהילות און די בעסטע פון דער יידישער יוגנט זיינען געקומען אַהין לערנען.

כדי צו פאַרלייכטערן און מיגליך צו מאַכן דאָס באַקאָנען זיך מיטן גרויסן תלמודישן אוצר פאַר די יידישע יונגעלייט אין שפּאַניע, וואָס האָבן זיך אויך אָפּגעגעבן מיטן שטודיום פון וועלטליכע וויסנשאַפטן, האָט דער רי״ף (ר׳ יצחק פסי) געפונען פאַר נייטיג צו סיסטעמאַטיזירן דעם פאַרפלאָנטערטן מאַטעריאַל פון משנה און גמרא. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מעטאָדן־לערע פון תלמוד, וואָס ר׳ שמואל הנגיד האָט מחבר געווען (מבוא התלמוד), איז נים גענוג. און דער רי״ף האָט מחבר געווען אַ גרויסן ווערק אונטער דעם נאָמען „הלכות״, אין וועלכן ער האָט צוזאַמענגענומען פון דער גרויסער תלמוד־ענציקלאָפּעדיע דעם גאַנצן יורידישן און געזעצגעברישן טייל, אויך אַלע גרונד־הנחות מיט דער וויכטיגסטער אַרגומענטאַציע צו זיי, און די אַלע פּלפּולים און חקירות פון תלמוד, אויך די אַגדות און מדרשים, אַפילו די דינים, וואָס זיינען אין גלות נים אַקטועל (ווי קרבנות, מעשר, תרומה א. אַ. וו.), האָט ער אַרויסגעלאָזן. אַ דאַנק דעם האָט זיך באַקומען אַ מין „קצור הש״ס״, און אויף אַזאַ אופן איז מיגליך געוואָרן פאַר יעדן יידן צו לערנען דעם תלמודישן דין.

דאָסדאָזיגע געניאַלע ווערק האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן פון אַ כך תלמוד־געלערנטע, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער „קצור־הש״ס״ זאָל נים אַרויסשטויסן דעם תלמוד. נאָר פונדעסטוועגן איז ער סוף כל סוף אָנערקענט גע־וואָרן פון גאַנצן יידנטום אַלס אַן אויטאָריטעט. אין יאָר 1103 איז אַלפסי געשטאָרבן. די יידישע קהילות האָבן הייס באַוויינט זייער גייסטיגן פירער. צווישן די, וואָס האָבן געשריבן הספד־שירים אויף זיין טויט, געפינען זיך די פּאָעטן משה אבן עזרא און יהודה הלוי.

## ר׳ משה אבן עזרא
(1138—1070)

נאָך ר׳ שלמה אבן גבירול האָט זיך, צווישן אַלע יידישע פּאָעטן און דענקער אין שפּאַניע, אויסגעצייכנט ר׳ משה אבן עזרא. ער איז געבאָרן געוואָרן אין גרע־נאַדע אין יאָר ד״א תת״ל (1070). זיין פאָטער, ר׳ יעקב, האָט פאַרנומען אַ חשובע

רעגירונגס-שטעלע אונטער דעם וויזיר ר' שמואל הנגיד. פיר ברידער זיינען זיי געווען, אַלע געלערנטע און באַרימטע, אָבער משה איז געווען דער סעאיגסטער צווישן זיי.

אין זיין יוגנט האָט ער זיך פאַרליבט אין זיינער אַ פלימעניצע. זי האָט אים אויך געליבט, נאָר די פאַמיליע האָט זיי געשטערט אין זייער ליבע און משה איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין שטאָט. ער האָט פון יעמאָלט אָן אָנגעהויבן פירן אַ וואַנדער-לעבן. ער האָט געמיינט, אַז מיט דעם נע-ונד-לעבן וועט ער קאָנען שטילן זיין בענקעניש נאָך זיין געליבטער, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן. ליידנדיג די שווערסטע צרות פון נע-ונד-לעבן, האָט ער וועגן זיין געליבטער קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אין איינעם פון זיינע לידער פון יענער צייט זינגט ער:

(איבערזעצונג)

איך באַשווער מיט מיין ליבע אייך, טויבן,
אייך טויבן, ווי וואָלקנס וואָס יאָגן,
צו מיינע דערוויטערטע פריינד און באַקאַנטע
פון מיר אַ גערוס ברענגט צוטראָגן.
אַ גערוס צו מיין ליבסטער, וואָס האָט אין מיין האַרצן
אַן אייביגן נעסט זיך געוואונען;
אַן איר וואָלט איך לאַנג שוין מיין לעבן פאַרמיאוסט,
וואָלט ליבערסט דעם טויט זיך געפונען.
איך האָב צוליב איר זיך דורך פיין און דורך אַנגסטן
אליין אין דער פרעמדקייט פאַרטריבן;
אָ, טראָגט אַ גערוס פון אַ וואַנדערער, טויבן,
צו דער, וואָס מיין זעעלע טוט ליבן.

(איבערזעצט ה. לייוויק).

אינגיכן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין געליבטע האָט חתונה געהאַט, נאָר ניט לאַנג נאָך דער חתונה איז זי געשטאָרבן. פאַרן טויט האָט זי דערמאָנט זיין נאָמען. ווען ער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויסן שיר, פון וועלכן עס זיינען כאַראַקטעריסטיש דידאָזיגע פערזן (איבערז.):

זי האָט געבוירן אַ קינד—ניסט צום האלון,
שוין מער נישט פאַרלאָזן די בעטן
זי האָט אַלץ דערמאָנט איר געליבטן,
מיט ליפּן מיט טויטע גערעדט.

זי האָט אַלץ דערמאָנט איר געליבטן,
מיטן אָטעם דעם לעצטן פאַרכאַפּט;
ביין טיר פון איר קבר די ליבע
האָט שטיל מיט די פינגער געקלאַפּט.

(איבערז. ה. לייוויק).

ער האָט אָבער זיין געליבטע אויך נאָך איר טויט ניט פאַרגעסן. ער איז איר געבליבן געטריי ביז זיין טויט, קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. אויף זיינע עלטערע יאָרן איז זיין מאַטעריעלע לאַגע געוועזן זעער אַ שווערע, גאָר, ווי עס ווייזט אויס, איז ער ווייניג פון דעם נתפעל געוואָרן: ער האָט געפונען טרייסט אין זיין שאַפן און אין זיין ליבע. ער שרייבט דאָן: „און איך בין אַ רייכער אָרימאַן, אַן אביון, וואָס האָט זעער פיל, ווייל עס איז ניטאָ קיין גרעסערע אָרימקייט ווי אומוויסנהייט, און עס איז ניטאָ קיין איינזאַמערער פון דעם, וואָס האָט גאָר זיך ליב... איך האָב גיט אויפגעהערט צו שרייבן שירים" א. א. וו.

משה אבן עזרא האָט זעער פיל שירים געשריבן. געשריבן האָט ער וועגן אַלץ. ער באַזינגט די נאַטור אין איר גלאַנץ; זינגט וועגן ליבע, וויין און געזאַנג; וועגן לעבן און טויט; וועגן יוגנט און עלטער. זיין שפּראַך איז זעער רייך און בויגיג, די פאָרמען, כאָטש געקינסטלטע, זעער שיינע. אָט ווי ער שילדערט דעם פרילינג:

(איבערזעצ.)

אָנגעטאָן האָט זיך דער גאָרטן
אין אַ גרין-געוועבטן קלייד;
יעדער בוים, אין גאָלד געקעסטלט,
אויפגעעפנט האָט זיין פרייד.
צו באַגעגענען דעם פרילינג
אַלע בלומען, קליין און גרויס,
טאַנצן אַלע, און אַפריער
טאַנצט די קיניגין די רויז.
פון איר תפיסה — פון די קנאָספּן —
רייסט זי זיך אַרויס אַליין, —
ווער עס טרינקט פאַר איר קיין וויין ניט
יענער טוט אַ זינד באַגיין.

(איבערז. ה. לייוויק).

די גרעסטע פּאָעמע זיינע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „תּחשיש“, אָדער „ענק“. זי אַנטהאַלט אין זיך 1210 שורות (תרשי״ש—1210) און איז געשריבן לויטן מוסטער פון דער יעמאַלטיגער אַראַבישער פּאָעזיע.

דער גרעסטער טייל פון זיינע וועלטליכע שירים זיינען נאָך ביז איצט ניט פאַרעפנטליכט געוואָרן. ביים פאָלק איז ער באַקאַנט אונטער דעם נאָמען ר׳ משה „הסלח“. דעם נאָמען האָט ער באַקומען פאַר די פיל סליחות און תּפילות אויף ראש השנה און יום־כּפּור, וואָס ער האָט געשריבן (איבער 200). אויסער דעם, וואָס ער איז געווען איינער פון די גרעסטע פּאָעטן פון זיין צייט, איז ער אויך געווען אַ ליטעראַטור־קריטיקער. אויף דעם דאָזיגן געביט איז ער געווען אַ יחיד במינו. אין דער גאַנצער תּקופה פון מיטלאַלטער האָט ער דערין ניט זיין גלייכן. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויס ווערק וועגן דער יידישער פּאָעזיע—„שירת ישראל“. אויך האָט ער זיך פאַרנומען מיט פילאָסאָפיע און עס איז באַוואוסט זיין ספר וועגן פילאָסאָפיע „ערוגת הבשם“. אין יאָר ד״א תתצ״ט (1138) איז ער געשטאָרבן אין עלטער פון אַכט און זעכציג יאָר.

---

## י. די יידן אין די צעברעקלטע מלוכות פון שפּאַניע.

**די קריסטליכע און מוסולמענישע מלוכות.**

די אַראַבער האָבן איינגענומען ניט דעם גאַנצן פּירענעאישן האַלב־אינזל. אויפן צפון־מערב, אין די אַסטוריער בערג, האָבן זיך איינגעהאַלטן רעשטלעך פון די וועסטגאָטן און אויפן דרומדיגן שיפּוע פון די פּירענעען איז געלעגן אַ פראַנקישער פירשטנטום, וואָס קאַרל דער גרויסער האָט געגרינדעט ווי אַ שוץ קעגן די אַראַבער. פון די מדינות פון די פראַנקן און גאָטן האָבן זיך ביסלעכווייז געבילדעט די קיניגרייכן אַראַגאָניע, קאַסטיליע און פּאָרטוגאַל. די דאָזיגע קריסטליכע מלוכות האָבן געפירט אַ שטענדיגן און פאַרביסענעם געראַנגל קעגן די מוסולמענער. דער דאָזיגער געראַנגל איז פאַר־לייכטערט געוואָרן באַזונדערס נאָכדעם, ווי די אַפריקאַנישע בערבערן און מאַורן האָבן צעשמעטערט דעם קאָרדאָווער קאַליפאַט, וועלכער איז זיך דאַן צעפאַלן אויף אַ סך באַזונדערע קליינע מוסולמענישע פירשטנטומען (עמיראַטן), וואָס אייניגע זיינען געווען אַראַבישע און אייניגע מאַוריטאַנישע. די אָפטע סכסוכים צווישן די אַראַבישע און מאַוריטאַנישע שבטים האָבן געווירקט אויף די קריסטליכע מלכים פון צפון־שפּאַניע צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף און אָפּנעמען פון די מאַורען דאָס איבעריגע שפּאַניע. דער סוף פון

XI יר״ה איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון מלחמה קעגן די „אומגלויביגע״. אומעטום אין דער קאַטוילישער אייראָפּע האָט מען זיך געגרייט צום ערשטן צלם־צוג און צענדליגע טויזנטער ריטער האָבן זיך געצויגן קיין מזרח אָפּצונעמען דאָס הייליגע לאַנד פון די טערקן. און פּונקט ווי צו דער ווייטער „פּאַלעסטינע״, האָבן זיך פראַנצויזישע ריטער געצויגן אויך צו דער נאָענטער שפּאַניע — אויף אַ מלחמה קעגן די דאָרטיגע „אומגלויביגע״. פאַר אַ באַזיס האָבן פאַר זיי געדינט די צוויי צפונדיגע מלוכות: קאַסטיליע און אַראַגאָניע. אין יאָר 1085 האָט אַלפאָנזאָ VI, דער קיניג פון דער קריסטליכער שפּאַניע, מיט דער הילף פון די פראַנצויזישע ריטער, נאָך אַ סך בלוטיגע שלאַכטן אָפּגענומען פון די מאַורען אייניגע עמיראַטן און פאַרנומען טאָלעדאָ, וואָס איז אַמאָל געווען די רעזידענץ פון די וועסטגאָטן. פון יעמאָלט אָן איז טאָלעדאָ געוואָרן די הויפּטשטאָט פון דער קריסטליכער שפּאַניע. די איבערגעשראָקענע מאַוריטאַנישע פירשטן זיינען דאַן געצוואונגען געווען זיך צו פאַראייניגן צום שוץ קעגן די קריסטן און האָבן גערופן צו הילף יוסף אִבן טעשופין, דעם פירער פונם אַפריקאַנישן שבט אַלמאָראַווידן, וואָס האָבן ניט לאַנג אָנגענומען דעם איסלאַם און שוין געהאַט איינגענומען אַ גרויסן טייל פון צפון־אַפריקע. אין אַ פונאַנדערגעפלאַקערטער פאַרצווייפלטער שלאַכט האָבן די מוסולמענער אָפּגעהאַלטן אַ נצחון (1086). דערדאָזיגער נצחון האָט אויף לאַנג אָפּגעשוואַכט דעם וואוקס פון די קריסטליכע מלוכות אין שפּאַניע, האָט אָבער גיט געבראַכט קיין נוצן די אַראַבישע מושלים, וואָס האָבן גערופן אין זייער לאַנד אַריין די האַלב־ווילדע אַפריקאַנער. יוסף האָט אונטערטעניג געמאַכט די קליינע אַראַבישע און בערבערישע מלכים און איז געוואָרן דער הערשער פון אַלע מדינות פון דרום־שפּאַניע, דערין אויך סעווילִיע.

די יידן אין קאַסטיליע.

הן אין דער מוסולמענישער הן אין דער קריסטליכער שפּאַניע האָבן געוואוינט אַ סך יידן.

אַלפאָנזאָ VI האָט זיך באַצויגן גוט צו די יידן, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געקעמפט אין נאָמען פון צלם קעגן די „אומגלויביגע״. זיין לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז ער האָט זיך געניייטיגט אין דער הילף פון די געבילדעטע יידן. דער קאַסטילישער קיניג האָט שטענדיג געמוזט לאַווירן צווישן די אומאויפהערליכע פּאָליטישע ריכטונגען, אינטערעסן און אינטריגעס פון די מוסולמענישע הויפן, — האָט אין דעמדאָזיקן לאַבירינט פון פּאָליטישע באַציאונגען אַ קונציגע דיפּלאָמאַטיע אָפט געקענט האָבן אַ גרעסערן

באַטייט איידער אַ געלונגענע מיליטערישע קאַמפּאַניע. אָבער אויף אויסצופירן דיפּלאָמאַטישע שליחותן זיינען ניט געווען קיין פּאַסיגערע מענטשן ווי די יידן. די געבילדעטע יידן, וואָס זיינען גוט באַקאַנט געווען מיט דער יעסאָלטיגער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך — דער אַראַבישער, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נאַטירליכע פאַרמיטלער אין אונטערהאַנדלונגען צווישן די רעגירונגען. ווייטער זיינען די יידן געווען אַ קאָלאָסאַלער עקאָנאָמישער כוח, וואָס האָט געבראַכט אַ סך נוצן דער מלוכה. דאָס האָט גוט פאַרשטאַנען אַלפאָנזאָ, און ער האָט איבערגעלאָזן די יידן דיזעלביגע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי די אַראַבער. כאָטש אין קאַסטיליע זיינען אָפיציעל נאָך פאַרבליבן אין קראַפט די אַלטע וועסטגאָטישע קאָדעקסן, וואָס האָבן פאַרגעזעצליכט אומטאָלעראַנץ בנוגע צו יידן, אָבער זייער ווירקונג איז באַדייטנדיג אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורכן גערעכטיגערן געוויינהייטס-רעכט, וואָס האָט זיך אין יענער צייט באַפעסטיגט אין די קאַטוילישע שטעט פון שפּאַניע. בהסכם מיט דעמדאָזיגן געוויינהייטס-רעכט, האָבן קריסטן, מוסולמענער און יידן געהאַט כמעט גלייכע בירגער-רעכט; פּראָצעסן צווישן יידן און קריסטן פלעגן ווערן פונאַנדערגעקליבן דורך אַ געמישטן געריכט, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרשטייער פוןביידע רעליגיעס; פאַר הרגענען אַ יידן, אַן אַדעליגן און אַ גייסטליכן האָט געקומט איינע און די זעלביגע שטראָף.— דער דאָקטאָר עמרם בן יצחק אבן שאלביב איז געווען אַ פּערזענליכער סעקרעטאַר און דער דורכ-פירער פון קיניגס דיפּלאָמאַטישע שליחותן. אין איינער פון אַזעלכע שליחותן איז ער אין געטריישאַפט אומגעקומען. אַ צווייטער ייד, צידעלוס, איז געווען דעם קיניגס אָנגעטרויטער, וועמען ער פלעגט אויסזאָגן אַלע זיינע סודות.— אין קאַסטיליע האָט געהערשט די אַראַבישע שפּראַך און קולטור.— ס'האָבן אויף אַלפאָנזאָ VI ניט געווירקט אַפילו די מוסר-רייד פונם פּויפּסט גרעגאָר VII און פון אַנדערע קאַטוילישע פירשטן.

### די יידן אונטער די אַלמאָראווידן.

אין דער דרומדיגער שפּאַניע האָט זיך דער מצב פון די יידן פאַרערגערט. די אַלמאָראַווידן, די נייע מושלים, זיינען געווען שונאים פון יעדן פרייען געדאַנק און פילאָסאָפיע. די מוסולמענישע גייסטליכע האָבן באַקומען אַ גרויסע השפּעה אויף דער רעגירונג. דער קאַליף יוסוף האָט זיך באַצויגן צו די יידן זעער האַרט. ער האָט אַפילו געוועלט אַרויסטרייבן די יידן פון דער שטאָט לוצענאַ, נאָר נאָך אַ גרויסער סומע געלט, וואָס די יידישע קהילה האָט אים בעגעבן, האָט ער זיי בעלאָזן צו-רו.

מיט דער צייט האָט זיך די השפּעה פון די מוסולמענישע גייסטליכע פּאַרקלענערט און די יידן האָבן ווידער אָנגעהויבן לעבן פרייער. די קולטורעלע יורשים פונם פאַנאַטישן יוסוף האָבן זיך אויסגעלערנט זען אין די יידן אַ פּאָ־ליטישן כּוח. דער צווייטער קאַליף פון דער אַלמאָראַווידישער דינאַסטיע, עַלִי (1106—1143), האָט געגעבן געבילדעטע יידן מלוכה־שטעלעס. דער מדיקער און דיכטער שלמה אבן־אַלמעלאַם פון סעווילִיע איז געווען זיין לייב־דאָקטאָר און וויזיר. וועגן די לידער פון דעמדאָזיקן שלמה האָט אַ שפּעטערדיגער דיכ־טער געזאָגט, אַז „זיי וואָלטן געקענט מאַכן טויבשטומע ריידנדיג און בלינדע זעענדיג". אַ הויכע שטעלע ביי דעמזעלביגן קאַליף האָט אויך פאַרנומען דער דאָקטאָר אברהם בן מאיר אבן־קאמניאל פון סאַראַגאָסע, וואָס די יידישע דיכטער האָבן אים דאַן באַזונגען ווי אַ מענטשן מיט הויכע מידות, וואָס זיין הארץ איז אָפן פאַר אַלע ליידנדיגע און אומגליקליכע בכלל און פאַר זיין גערודפטן פאָלק בפרט. אַ הויכע מלוכה־שטעלע האָט דאַן פאַרנומען אויך דער באַרימטער אַסטראָנאָם ר' אַברהם ב"ר חיא אֶלבּרצילוני הנשיא פון באַרצעלאָנע. ער האָט אָנגעשריבן עטליכע ספרים איבער אַסטראָנאָמיע און קאַלענדאַריסטיק: „צורת הארץ", „ספר העיבור" א. אַ. אויך אַ ווערק וועגן פילאָסאָפיע פון מאָראַל — „הגיון הנפש". ער האָט זיך פאַרנומען אויך מיט אַסטראָלאָגיע און לויטן האָראָסקאָפּ האָט ער פאָראויסגעזאָגט דעם גורל פון מענטשן און אפילו — דעם קץ. צווישן אַ סך אַנדערע גדולים האָבן זיך אין יענער צייט אויסגעצייכנט דער פּאָעט־פילאָסאָף און רב פון קאָרדאָווע ר' יוסף אִבן סַהַל, אַן אוהב נאמן פון ר' משה אבן־עזרא, און דער תלמודיסט־פילאָסאָף ר' ברוך ב"ר יצחק אבן־אלבאליה פון קאָרדאָווע, אַ תלמיד מובהק פון ר' יצחק אלפסי און וואָס איז באַזונגען געוואָרן פונם גרעסטן און געניאַלסטן פון יענעם דור ר' יהודה הלוי.

---

## יא. ר' יהודה הלוי.

**ר' יהודה הלוי— דער דיכטער.**

בערך אין דעם זעלביגן יאָר, ווען טאָלעדאָ איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון אַלפאָנזאָ VI, אין יאָר ד"א תתמ"ו (1086), איז געבאָרן געוואָרן אין טאָלעדאָ ר' יהודה בן שמואל הלוי.

זיין פאָטער ר' שמואל איז געווען אַ חשובער און רייכער מענטש. ער האָט זיין זון געגעבן אַ גוטע דערציאונג. ער האָט אים געשיקט אין אַלְפַסִים

ישיבה קיין לוצענא, וואו ער האָט געהערט שיעורים אין תלמוד פון רי״ף און פון זיין חשובסטן תלמיד ר׳ יוסף אִבְן־מִיגַאש, וואָס האָט דעם רי״ף נאָך זיין טויט ממלא מקומו געווען. דאָרטן האָט ער געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען אין זיין פריעסטער יוגנט מיט די גרעסטע תלמודיסטן פון יענער צייט.

אויך האָט ער שטודירט מעדיצין, פון וואָס ער האָט זיך שפעטער מפרנס געווען. אין זיין פרייער צייט פלעגט ער זיך אָפגעבן מיט פּאָעזיע, פילאָסאָפיע און טעאָלאָגיע.

ר׳ יהודה הלוי ווערט גערעכנט פאַרן גרעסטן דיכטער ביי יידן זינט חתימת כתבי הקודש. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן שירים אין זיין גאַנץ פריער יוגנט. נאַטור־לידער א. א., וואָס האָבן געצויגן אויף אים די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע דיכטער פון זיין צייט. דער גרויסער ר׳ משה אבן עזרא האָט דעם יונגן יהודה הלוי אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג אויף דאָס טרייסט־ליד, וואָס ער האָט פון אים באַקומען, און האָט אים גלייך אָנערקענט פאַר א גרויסן פּאָעט.

ר׳ יהודה הלוי איז געווען מאַטעריעל געזיכערט, דער כבוד צו אים האָט אָן אויפהער געשטייגט, ס׳האָט אים לחלוטין קיין זאַך ניט געפעלט, אַלץ האָט צו אים געשמייכלט און געזונגען — און דאָך האָט ער זיך געשפירט אומגליקליך: זיין האַרץ האָט אים געבלוטיגט פונם גורל פון זיין פאָלק אין די לענדער פון אייראָפּע.

די שרעקליכע עינויים און די גרויזאַמע שחיטות אויף יידן אין די פראַנצויזישע און גערמאַנישע לענדער, וואָס די צלם־פאָרער האָבן געמאַכט, די אונטערדריקונגען אויף זיינע גלויבנס־ברידער אין דעם טייל שפּאַניע, וואָס איז געווען באַהערשט פון די אַלמאָראַווידן, האָבן אים פאַרביטערט זיין לעבן. אין דער מינוט פון גרויס צער און פאַרביטערונג איבער דער טראַגעדיע פון זיין פאָלק פלעגט ער אויסגיסן זיינע געפילן אין נאַציאָנאַלע שירים, עלעגיעס, וואָס האָבן עד היום ניט זייער גלייכן אין שטאַרקייט פון געפיל און שיינקייט פון פאָרם אין דער העברעאישער פּאָעזיע.

עס איז אים פּלוצלינג ענג געוואָרן אין דער שיינער, אַמאָל גליקליכער שפּאַניע; ער האָט דערשפירט א טיפע פאַראַכטונג צו א לעבן פון אַן אייביגן פרעמדן און האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן זיין געבורטס־לאַנד און אַוועקגיין קיין ציון.

זיינע פריינד האָבן אים געפּרובט אָפּריידן פון דער דאָזיגער נסיעה, וואָס איז געווען דאַן פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

און ער שרייבט דאַן וועגן דעם פאָלגנדיגן שיר:

עס ווילן מיך פריינד און געליבטע פאַרהאַלטן—
איך הער און איך שווייג און איך לייד נאָר באַהאַלטן.
וואָס זאָל איך זיי זאָגן? וואָס זאָל איך דערקלערן?
זיי וועלן פאַרשטיין דען מיין ווייטאָג דעם שווערן?
צי קאָן איך פאַרשטיקן מיין הארצנס-פאַרלאַנגען,
פאַרשקלאַפט, ווי אַ פויגל ביי קינדער געפאַנגען?
ביי מיר אין די אויגן איז פינסטער דער שיין
און ביטער צום גומען דער זיסעסטער וויין.
עס האָט מיר די קנעכטשאַפט מיין לעבן פאַרביטערט
און אַנדערע געטער מיין גלויבן דערשיטערט.
געפּלאָגט און געשלאָגן, געדריקט און געמאַטערט,
האָט אימער מיין זעעלע געביינקט און געפלאַטערט
אַהין, וואו עס זיינען באַגראָבן געוואָרן
די הייליגע אבות, די לוחות, דער אָרון.

(איבערזעצט פון י. י. שוואַרץ)

אין יאָר 1141 האָט ער זיך אויפגעזעצט אויף אַ שיף, וואָס פירט קיין אַלכסנדריא של מצרים. נאָך אַ לאַנגער און שווערער רייזע איז ער אָנגעקומען קיין אַלכסנדריא.

פון זיין נסיעה איבערן ים זיינען געבליבן איינציגע לידער:

.1

אַנגעברוגזט האָט דער ים זיך
און געקנייטשט זיך און געברומט—
פלוצים האָט ער זיך צעבייזערט
און ער וויגט זיך שוין און ברומט.

און אַט לויפן שוין אַנטקעגן
ווילד און בייז מיט ווייסן שוים
כוואַליעס לייבן, כוואַלעס שלאַנגען,
אויסגעוואַקסן פון דעם תהום

אַט האָט זיך אַ טאָל געעפנט,
אָט שטייט־אויף אַ הויכער באַרג—
פלאַטער, זעגעלן בויג זיך, מאַסטבוימ!
דו, מיין הארץ, בלייבסט פעסט און שטאַרק.

האָסט אַ גרויסן גאָט אין הימל,
ימים שפּאַלט ער מיט זיין האַנט;
אויף זיין פליגל מיט זיין שטורים
טראָגט ער דיך צום ליבן לאַנד.

.2

מיט דער לבנה־שיין פאַרזילבערט,
ווייט רינצעלט זיך דער וואַסער־שפּיגל;
פאַרשפּרייט האָט זיך אויף אונז די נאַכט
מיט איר בלאָ־סאַמעטענעם פליגל.

ס'איז ניט קיין נאַכט—ס'אַ מלכּת־שבא!
געהילט אין בלאַס, מיט גאָלד באַפּליטערט,
שטיל אָטעמט זי, און אויף איר ברוסט
שעמרירט דאָס גאָלד, שעמרירט און ציטערט.

ווי שאָף צעשפּרייט די קליינע כוואַליעס
שטיל וויגן זיך אין לייכטן דרימל,
עס ציטערן אין ים די שטערן—
וועך איז דאָ ים און וועך איז הימל?
צוויי ימען שלאָפן דאָ צוזאַמען
צונויפגעלייגט ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אין מיטן שלאָפט נישט:
מיין האַרץ מיט זיינע נייע לידער.

(איבערז. ח. נ. ביאַליק)

כוואַליעס יאָגן, כוואַליעס שלאָגן,
רוישן, קאָכן אין דעם מעער:
ס'זידט דאָס וואַסער, ראַש און ראַשער
מישט זיך, טראָגט זיך ווילד און שווער.

תהומות לאַכן, תהומות קראַכן,
ס'הילכט אַ בייזער דונער־קול;
בערגער טורמען, בערגער שטורמען,
ס'ברעכט זיך איין אַ גיהנום־טאָל.

די שיף—זי ציטערט, בויגט זיך, פליסערט,
האָט פארלאָרן לאַנג איר וועג; —
נאָר אָן מורא, כ'האָף צום בורא,
וועלכער שניידט אין ים אַ שטעג.

כוואַליעס קומען, כוואַליעס ברומען,
ס'ברעכט דער ווינט פון מאַסט דעם בוים;
ביז צום הימל אין געטימל
שפּריצט אַ זילבער־ווייסער שוים.

ס'זידט אַן פלאַמען, ניט צום צאַמען—
ס'גייט אַ שיכּור־טאַנץ די שיף;
און באַזויפן, וויל פארקויפן
אירע אָפּפער צו דער טיף.

דער לויתן ווי אַ חתן
לאָדט די וואַלפיש איין צום פעסט;
אַלץ באַצווינגען, אַלץ פארשלינגען
זוכט דער ים און ברומט און פרעסט.

(איבערז. י. י. שווארץ)

עס דאַנקט, גרויסער גאָט, דיר מיין זעעלע
און ס'לויבט דיר מיין טיפסטער געזאַנג;
ביי איטליכן שטויס פון די כוואַליעס,
ביי איטליכן שטורים־געדראַנג.

ווען ס'שפּרייט אויס די שיף ווי אַ בושעל
די פליגל און טראָגט מיך גאַנץ שנעל;
און אויך ווען דער תּהום קאָכט און שטורימט,
ווי נאָכגעמאַכט וואָלט ער מיין זעעל.

עס פרעגלט דער ים זיך אין פלאַמען
און ס'זידט ווי אַ קעסל די טיף.
די וואַל־פיש, געגרייט צו דער סעודה,
באַגלייטן אין מחנות די שיף.

כ'פארגעס אויך מיין איינציגע טאָכטער,
מיין שוועסטער־נשמה, מיין פרייד;
איר זון, וואָס זיין אָפּשייד אויף שטיקער
צעריסן מיין הארץ האָט מיט לייד.

די פּרוכט מײַנע לענדנס, מײַן צירונג,
קען יהודה יהודה'ן*) פאַרגעסן?
וואָס באַטרעפט עס אַנטקעגן דײַן ליבע,
וואָס האָט מײַן נשמה באַזעסן?

ביז כ'וועל דײַנע טויערן באַטרעטן,
די טויערן פון הייליגער שטאָט,
און כ'וועל אַלס אַ קרבן מײַן האַרצן
עס מקריב זײַן דיר, גרויסער גאָט!
און מײַן קבר זאָל ליבע פאַרצײַלען,
מײַן גרויס ליבע צו דיר, שטאַרקער גאָט!

(איבערז. י. י. שוואַרץ)

אין אַלכּסנדריא האָט ער פאַרבראַכט דרײַ חדשים. די אָרטיגע יידישע קהילה האָט אים זעער פיל כּבוד אָפּגעגעבן. אין מצרים האָבן אויך זײַנע פרײַנד אים געוואָלט איבעררײַדן ניט צו פאָרן קיין ארץ ישראל. וואָס איז יעמאָלט געווען פאַרנומען דורך די צלם־פאָרער. ער האָט אָבער קײַנעם ניט געהערט און איז אַוועק קיין ארץ ישראל.

דעם רושם, וואָס מצרים האָט אויפן פּאָעט געמאַכט, קאָן מען זען פון פאָלגענדיגע לידער:

האָט די צײַט איר טרויער פאַרוואָרפן
און אין גלאַנץ און אין שײַן זיך באַקליידט?
און די ערד האָט מיט בלומען באַדעקט זיך
און פון גאָלד־וועב געפלאָכטן אַ קייט?

און די פעלדער בײַם נילוס — זיי בליען
אין ליכטיגע פאַרבן קאָלירט;
ס'איז דער מדבר אין גרינע טאַפּעטן,
פּיראַמידן — אין גין־גאָלד פאַרצירט.

און די רײַצענדע טעכטער מצרים'ס
מיט גאָלד און מיט זילבער באַהאַנגען —
און דאָך אַזוי פלינק ווי אינדיבען
פאַרפירעריש וועקן פאַרלאַנגען.

*) זײַן אייניקל האָט אויך געהייסן יהודה.

און דאָס לײַכטזיניג האַרץ — עס פאַרגעסט זיך
און חלומ'ט פון יוגנט אויף־ס'נײַ;
אין גן־עדן מצרים'ס, בײַם נילוס,
וואו עס ציען זיך אָפּן און פרײַ

די ווײַס־בליענדע גערטנער און פעלדער,
באַדעקטע מיט גאָלד־ענע זאַנגען.
אַ מערב־ווינט בייגט זיי, און ס'דאַכט זיך:
זיי לויבן דעם בורא און דאַנקען.

(איבערז. י. י. שוואַרץ)

דאָס, פּאַר וואָס זײַנע פרײַנד האָבן זיך געשראָקן, איז געשעען: די צלם־פאַרער האָבן אים פון ירושלים און אַנדערע הייליגע ערטער פאַרטריבן. ער באַקלאָגט זיך: „צו זען דײַן כּבוד האָט מײַן האַרץ געגלוסט, און ווען איך בין ענדליך געקומען צו דײַן הייליגן פּלאַץ, האָט מען מיך פון דאָרטן פאַרטריבן, גלײַך ווי איך וואָלט אַ טמא געווען. דעם שיקזאַל פון מײַן פאָלק מוז איך טראָגן, געדולדיג זיך בויגן אונטער דעם רוט פון באַדריקער, ווײַל איך וויל ניט דינען צו קיין אַנדער גאָט, און נאָר צו דיר וויל איך בעטן".

וואו און ווען ער איז געשטאָרבן — איז ניט באַוואוסט. די פאַנטאַזיע פון פאָלק האָט אָבער צוגעשפּונען אַ פּאַסנדיגן טראַגישן סוף צו דעם דראַמאַטישן לעבן פון זײַן דיכטער... די לעגענדע דערציילט, אַז ווען ער איז אָנגעקומען קיין ירושלים און האָט דערזען די חורבות, איז ער געפאַלן אויף זײַנע קני, האָט גענומען קושן דעם זאַמד און די שטיינער און האָט דאַן פאַרפאַסט זײַן באַרימטע „ציון הלא תשאלי"? ווען ער האָט דאָס דאָזיגע ליד געענדיגט, האָט אים אַ רײַטנדיגער בעדואינער דערשטאָכן מיט זײַן שפּיז. זײַן נשמה איז אויסגעגאַנגען מיט „ציון" אויף די ליפּן.

## איבערז. פון „ציון, הלא תשאלי לשלום אסיריך"

בײַנקסטו נאָך דײַנע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, בײַנקען?
ווילסטו אויך, ווי זיי פון דיר, אַ ליבן גרוס באַקומען?
דאָ האָסטו אים — אַ גרוס פון נאָענטע און ווייטע;
אין האַרצן דורות, דורות־לאַנג געוואַרעמט, טראָגט אים
פון אַלע עקן וועלט, דורך ימים און מדבריות,

צו דיר אין שויס אן עלנד קינד דיינס, איינער
פון די, וואָס זאָפּן אָן, ווי טוי דיין חרמון,
די פּרעמדע בערג מיט ברענענדיגע טרערן
און שטאַרבן אין דער פרעמד פּאַרליבטע און פאַרביינקטע...

מיך ציט צו דיר! ביי נאַכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאַכט־אײַלע, דיין יאָמער־ליד.
און חלומט זיך מיר נאָר דיין מאָרגנשטערן—
ווער איך
דיין נאַכטיגאַל, דיין קלינגענדיגע האַרפע.

מיך ציט צו דיר! מיין הארץ גייט אויס נאָך יענע ערטער,
וואו די אבות האָבן זיך באַגעגנט מיט מלאכים,
וואו די שכינה האָט גערוט, וואו דיין באַשעפער
האָט דיינע טויערן די הייליגע געעפנט
אַנטקעגן זיינע הימלישע שְׁעָרִים;
וואו ניט די זון און ניט די לבנה, שטערן—
גאָטס ערע זעלבסט האָט דיך באַשיינט מיט
גלאַנץ...

איך גאַר, אַז אויסגיסן זאָל זיך מיין זעלע דאָרטן,
וואו ס'פלעגט אַמאָל גאָטס גייסט און גאָטס
גענאָד זיך גיסן
אויף דיינע אויסדערוויילטע, מוטער ציון!
וואו נעמט מען פליגל? שטיקערווייז וואָלט
איך מיין האַרץ
ווייט, ווייט צווישן דיינע בערג פאַרטראָגן.
כ'וואָלט צוגעפאַלן צו דיין ערד, כ'וואָלט
אויסגעקושט
איר יעדן פוס־טראָט, יעדן שטיינדעלע באַזונדער,
און אומגעוואַנדערט וואָלט איך טאָג און נאַכט
אַ נאַקעטער, אַ באָרוויסער אויף דיינע חורבות.
כ'וואָלט מיט מיין שטעקן אויסגעמאָסטן אַלע קְבָרים,
מיט דיין נשמה־לופט זיך אָנגעאָטעמט,
זיך איינגעוויקלט אין דיין זיסן שטויב
און ביז צום בלינד־ווערן באַוויינט דיין חורבן, ציון!...
צי קען די שֵׁיין פאַר מיינע אויגן זיס זיין—
אַז שווארצע ראָבן פּיקן דיינע אָדלערס?

צי קען מען לעבן אויף דער וועלט און צווזען,
ווי גאס־הינט שלעפּן דיינע טויטע לייבן?
גענוג, לאז אפּ איין ווײלע, פוס פון טרויער!
מיין הארץ איז איבערפול מיט דיר פארביטערט.
כ'האב איינגעזאפּט אין זיך דיין שוים מיט דיינע
הייזון...

גענוגו איך וויל איין חלום זען און שטארבן...
כ'וויל זען, א גרויסער גאט, נאר איין שטראל ליכט,
נאר איין שטראל ליכט פון יענעם מארגנשטערן,
וואס דארף, וואס מוז אמאל נאך העל און ליכטיג
זיך אנצינדן אויף ציונס בלויען הימל,
באנייען און באפרישן זיך מיט יוגנט...
גענוג, איין זיסן חלום לאז מיך זען נאך
און אויסגיין מיט א שמייכל אויף די ליפּן...

(איבערז. ח. נ. ביאליק)

ר׳ יהודה הלוי האט געשריבן זעער פיל. די צאל פון זיינע לידער דערגרייכט אין די טויזנטער.

א חוץ וועלטליכע לידער, האט ער אנגעשריבן איבער דריי הונדערט תפילות, סליחות און קינות, וואס זיינען פארשפרייט און אנגענומען געווארן אין אלע יידישע קהילות. אפילו די קאראאימען האבן אריינגענומען אייניגע פון זיינע תפילות אין זייערע סדורים.

## ר׳ יהודה הלוי — דער פילאסאף.

ר׳ יהודה הלוי האט אויך אנגעשריבן א סך פילאסאפישע שירים און באזונדערס א פילאסאפישן ספר „הכוזרי״.

ער האט אויסגענוצט די לעגענדע וועגן דעם, ווי אזוי די כוזרים האבן אנגענומען דעם יידישן גלויבן און אין דער פארם פון א דיאלאג צווישן דעם כאזארישן קיניג און דעם יידן דעם לערער (חבר) דערקלערט ער די העכסטע יסודות פון דער רעליגיע בכלל און פון דער יידישער בפרט.

די תורה פון דער יהדות איז געגרינדעט, לויט זיין מיינונג, ניט אויף באטראכטונגען פון מענטשליכן שכל, וואס קאן זיין אויך פאלש, נאר אויף אמתע פאקטן פון דער אנטפּלעקונג און אויף די באווייזן פון די נביאים, וואס זיינען פארבליבן אין תנ״ך. באשטרייטן די דאזיגע פאקטן, וואס הונדערטער

טויזנטער מענטשן האָבן זיי געזעען, וואָלט געהייסן אָפּלייקענען די ריכטיקייט פון דער געשיכטע בכלל. די היסטאָרישע רעליגיע פון אַנטפּלעקונג איז העכער פאַר דער נאַטירליכער רעליגיע. גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צום ערשטן צו די בני ישראל, ווייל זיי האָבן אַרויסגעוויזן די פעאיקייט פריער פון אַנדערע פעלקער צו דערקענען גאָט.

אדם הראשון איז געווען דער מוסטער פון פולקומענהייט, שוין דערפאַר אַליין, וואָס גאָט האָט אים באַשאַפן. ער האָט געקראָגן די העכסטע נשמה, דעם פולשטענדיגסטן שכל, וואָס אַ מענטש קאָן האָבן. אַ חוץ דעם האָט ער אויך באַזעסן אַ געטליכן כח, וואָס שטייט העכער פון שכל (גייסטיגער חוש). מיט דעם דאָזיקן כח האָט ער געקאָנט זיך באַהעפטן אין גאָט און אין דער רוחניותדיגער וועלט.

פון דור צו דור האָט זיך איבערגעגעבן די דאָזיגע מעלה. פון פאָטער צו קינד, נישט צו אַלע קינדער, נאָר צום חשובסטן פון זיי, ביז נח׳ן.

נח האָט געהאַט דריי קינדער. יפת האָט זיך באַזעצט אין די צפון־לענדער, אין די קעלטערע געגנטן; חם האָט זיך באַזעצט אין די דרום־לענדער, אין די הייסע געגנטן; שם איז געבליבן זיצן אין די מיטעלע געגנטן, וואו דער קלימאַט איז מיטלמעסיג און גלייך. פון די מיטעלע געגנטן איז ארץ־ישראל דער מיטלפּונקט און האָט דעם בעסטן קלימאַט. זי איז דעריבער דאָס לאַנד פון דער נבואה. דאָס יידישע פאָלק, דער זון פון שם, זייענדיג אין ארץ־ישראל, האָט פון זיך אַרויסגעגעבן די נביאים.

אַלע פעלקער שטאָלצירן מיט זייערע מאַרטירער. די יידן זיינען איצט אַ פאָלק פון בלויז מאַרטירער. זייערע צרות באַווייזן, אַז זיי שטייען אויף אַ נעענטערער מדרגה צו גאָט, טאַקע דערפאַר וואָס זיי ליידן.

דאָס, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט ניט קיין אייגענע מלוכה, קאָן ניט דינען פאַר אַ באַווייז, אַז עס איז פאַרלאָזן פון גאָט. די קריסטן און די מחמדאַנער — ביידע האָבן גרויסע מלוכות, און עס קאָן דאָך ניט זיין, אַז זיי ביידע זיינען גלייך אמת. אין דעם יידישן גלות איז דאָ אַ געוויסע געטליכע כוונה. מיר ליידן צרות און בזיונות, אָבער עס איז דאָך אונז זעער לייכט פון זיי פטור צו ווערן. מיט איין וואָרט וואָלטן מיר זיך געקאָנט באַפרייען פון אונזער עבדות און שפלות, מיר ליידן די אַלע צרות, ווייל מיר ווילן ניט אויפגעבן אונזער תורה. דאָס יידישע פאָלק איז צווישן די אַנדערע פעלקער, ווי דאָס האַרץ אין גוף. דאָס האַרץ ליידט פון די קראַנקהייטן פון אַלע גלידער. דאָס יידישע פאָלק ליידט פון דעם שלעכטס פון די אַנדערע פעלקער. דורך די יידן האָט זיך

דער אמת געדאַרפט פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט, פונקט אַזוי ווי דאָס בלוט שטראָמט אַרויס פון האַרצן איבערן גאַנצן אָרגאַניזם און באַלעבט אים. אויפן יידן זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ סך מצוות, כדי ער זאָל ווענדן אַלע זיינע שריט אין לעבן צום העכסטן צוועק און כדי איינצוגעוויינען אים צו טאָן אַלצדינג אינם נאָמען פון געטליכן געזעץ. די יהדות שטרעבט צו דער האַרמאָנישער אַנטוויקלונג און השלמה פון אַלע בעסטע כוחות, וואָס זיינען איינגעפלאַנצט געוואָרן אין דער נשמה—דעם חֵלֶק אֱלֹהַ מִמַעַל. אין דער יידישער עטיק ליגט דער פּרינציפּ פון „קדושה", ד. ה. פאַרהייליגונג פון אַלע פּשוטע לעבנס-אַקטן דורך רעליגיעזע צערעמאָניעס. אַ דאַנק דער דאָזיגער אייגנאַרטיגער גייסטיגער דיסציפּלין האָט דאָס יידישע פאָלק געקענט זיך איינהאַלטן צווישן די פעלקער.

דער עיקר אין אַ רעליגיע זיינען די גוטע מעשים. גוטע וואונשן און גוטע כוונות אַליין זיינען ווייניג. אדום און ישמעאל האָבן זיך צעטיילט מיט דער וועלט און פירן מלחמות איינע קעגן די אַנדערע. יעדער פון זיי איז ביי זיך גערעכט. זייער כוונה איז אַ גוטע פון גאָטס וועגן. זיי גייען אין זייערע געבעט-הייזער, זיינען מתפּלל, פאַסטן, און זייער ציל איז צו הרגענען איינער דעם צווייטן, און זיי גלויבן, אַז מיט זייער הרגענען טוען זיי אַ נחת רוח צו גאָט. און יעדער פון זיי מיינט, אַז ער קומט דערפאַר אַריין אין גן-עדן.

די יידישע רעליגיע אָבער איז אַ רעליגיע פון מעשים, ניט בלויז פון גוטע כוונות. זי פאָדערט ניט פון מענטשן קיין אוממיגליכס. זי פאַרלאַנגט פון אים ניט, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער וועלט. ביי יידן זיינען ניטאָ קיין בתּי-נזירים. די יידישע תּורה איז אַ תּורה פון לעבן. זי לערנט דעם מענטשן זיך צו פרייען מיטן לעבן און פון אים הנאה צו האָבן. דאָס לעבן איז גוט און די תּורה איז מבטיח לאַנגע יאָרן דעם פרומען. אַ פרומער ביי יידן איז דער, וואָס קאָן באַהערשן זיינע פאַרלאַנגען און קאָן זיי קאָנטראָלירן. ער דערפילט זיינע גייסטיגע און קערפּערליכע פאַרלאַנגען אין אַ באַשטימטער מאָס און סדר.

דער העלעניזם, די עסטעטיק, איז מערבישט אויסערליך שיין פאַרן אויג, אָבער וואַרימט ניט דאָס האַרץ און נשמה. זי האָט מער נישט ווי בלומען, אָבער ניט קיין פרוכט. זייער גאָט איז אַן אַבסטראַקטע קראַפט, וואָס פאַר-מאָגט נישט קיין ווילן און נישט קיין באַשטימטן תּכלית אין דער וועלט-באַ-שאַפונג און וואו דעם מענטשנס גאַנץ לעבן און די גאַנצע זיטליכקייט ווערן באַשטימט דורך טרוקענע פאָרמולען פון מענטשליכן קאַלטן שכל. דאָס

איז א גאָט, בײַ װעמען עס איז נישט שײך קײן ליבע און קײן שנאה. בײַ װעמען מען קאָן נישט בעטן און פאַר װעמען מען קאָן נישט מתפלל זײַן. דאָס איז דער גאָט פון שכל, אָבער נישט פון הארצן. דאָס איז דער גאָט פון אריסטאָטעלעס און נישט דער גאָט פון אברהם.

מיט זײַן פילאָסאָפישער שיטה פון טראַדיציאָנאַליזם, פונקט װי אבן-גבירול מיט זײַן נעאָפּלאַטאָניזם, שטײט ר׳ יהודה הלוי אינגאַנצן אלײן הן אין זײַן דור הן אין א סך הונדערטער יאָרן נאָך זײַן טויט, װי צװישן די יידישע דענקער, אזוי צװישן די קריסטליכע און מחמדאַנישע פילאָסאָפן. אלע יענע אין זײַן צײַט און שפּעטער זײַנען געשטאַנען אויף די קני פאַר אריסטאָטעלעס און האָבן פאַר־קרימט און פאַרקריפּלט די פסוקים, כדי צוצופּאַסן זײ צו זײַן לערע װעגן גאָט און װעלט. ר׳ יהודה הלוי האָט צוגלײַך מיט זײַן פאָרגענגער אבן גבירול גע־מאָלדן, אז דער אַבסטראַקטער שכל קען אויך פאַרבלאָנדזשען און מ׳קען זיך אויף אים ניט אינגאַנצן פאַרלאָזן. די יהדות דאַרף ניט דערקלערט װערן דורך פילאָסאָפישע פאַרגלײַכונגען, װײַל זי איז א פּראָדוקט פון אַנטפּלעקונג, װאָס איז אלײן א זעלבשטענדיגע פילאָסאָפיע.

אין דער אַראַבישער פילאָסאָפישער ליטעראַטור איז ר׳ יהודה הלוי באַ־קאַנט געװען אונטערן נאָמען אַבּוּל־חַסַאן.

---

## יב. ר׳ אברהם אבן עזרא (ראב״ע).

אײנע פון די גרעסטע פּערזענליכקײטן פון יענער צײַט איז געװען ר׳ אברהם בן מאיר אבן־עזרא (געבאָרן אין טאָלעדאָ ד״א תתמ״ט — 1089 און געשטאָרבן ד״א תתקכ״ז—1167).

די פאָלקס־לעגענדע שטעלט אים פאָר שוין אין זײַן יוגנט װי א בעט־לער. זי דערצײלט: „אַן אָפּגעריסענער און געקלײדט װי א בעטלער איז ער אַרײַנגעקומען אין הויז פון דעם רײַכן ר׳ יהודה הלוי, װעלכער האָט באַלד דערקענט אין דעם בעטלער א געלערנטן מענטשן און א גרויסן פּאָע־טישן טאַלענט און האָט אים אַרײַנגענומען צו זיך אין הויז“... ער האָט אלײן אין זײַנע לידער דערצײלט זײער פיל פון זײַן אָרימקײט און זײַן שלעכטן מזל:

דער הימל האָט בײַ מײַן געבאָרן
אַ ריכטונג אַן אַנדערע גענומען;
ווען איך וואָלט מיט ליכט אויך געהאַנדלט,
וואָלט קײנמאָל די נאַכט נישט געקומען.
איך זוך אַלץ מײַן גליק און געפין נישט,
פאַרבלאָנזשעט אין הימל מײַן שטערן;
ווען איך וואָלט תּכריכים פאַרקויפן,
וואָלט דאַמאָלסט דער טויט גאָר אויפהערן.

* *
*

קום איך צום גביר אין דער פרי—
איז ער גאָר שפּאַצירן געפאָרן;
קום איך אין אָוונט צום גביר—
נאָר־וואָס אַנטשלאָפן געוואָרן.
אָדער ער פאָרט
אָדער ער ליגט;
דעם אָרימען מענטשן
קײנמאָל ניט גליקט.

(איבערז. א. רייזען)

אַמאָל מאַכט ער חוזק פון זײַן אָרימקײט. ער מאַכט זיך לוסטיג איבער זײַן מאַנטל:

כ'האָב אַ מאַנטל,— איז ער אַלט,
האָט פאַרלאָרן זײַן געשטאַלט,
ווי אַ זיפּ איז ער געוואָרן,
זיפּ דורך אים כאָטש ווייץ און קאָרן.
ווען עס ווערט פון אים געמאַכט
אַ געצעלט אין פינסטערער נאַכט,
זע איך דאַן דורך אים אינגאַנצן,
ווי די אַלע שטערן גלאַנצן.
זײַנע לעכער— אַ פאַרמעגן
ווי די צײנער פון אַ זעג.
און די לאַטעס—האָב איך מורא—
זײַנען מער שוין פאַר דער סחורה.

* *
*

ליבער גאָט, אים בייט מיר אום
אויף אַ מאַנטל צו מײַן רום.

(איבערז. א. רייזען)

אָבער קימערן זיך שטאַרק און נעמען זיך צום האַרצן לוינט אויך ניט, ווייל אַלץ פאַרשווינדט ווי אַ חלום.

ניט ווער דערשראָקן פון דעם טאָג,
דען אַלץ וואָס פּאַסירט האָט קיין דויער;
ניט פריי זיך ווען ס'טרעפט דיר אַ גליק,
אַן אומגליק—ניט וויין און ניט טרויער.
פון טאָג דעם גוטן און פון שלעכטן
וועט סיי־ווי־סיי ווערן אַ נעכטן.

(איבערז. א. רייזען)

און ער מאַכט אַ סך־הכל פון גאַנצן מענטשנס לעבן:

צו פינף יאָר איז פול מיט אַנטציקן
דאָס יינגל מיט זוניגע בליקן.
די מוטער וועט אַלץ אים פאַרטראָגן,
דער האַלז פון דעם טאַטן זיין וואָגן.

דאָס יינגל איז צען יאָר געוואָרן—
ניט מוסרט אים, רעדט ניט מיט צאָרן.
לאָזט פריי זיינע יונגע געפילן,
זאָל ער מיט פאַמיליע זיך שפּילן.

צו צוואַנציג, ווי שיין איז דאָס לעבן,
ער וואָלט בלויז אומשפּרינגען און שוועבן.
ער לאַכט פון די לערער און טוגנד,
די ליבע—געפאַנגען זיין יוגנט.

און זיינען אים דרייסיג פאַרשוואונדן,
דאַן איז מיט אַ ווייב ער פאַרבונדן.
ער קעמפט שוין—אַזוי ווי געפאַנגען—
פאַר ווייב און פאַר קינדערס פאַרלאַנגען.

און זיינען אים פערציג באַפאַלן,
דאַן פילט ער ביי זיך שוין געפאַלן.
צופרידן מיט פיל און מיט ווייניג—
און טראָגט שוין זיין יאָך אונטערטעניג.

און זיינען אים פופציג אריבער
דאַן ווערט ער שוין טרויעריגער, טריבער.
ער שפּאַט פון דעם מענטשליכן יאָגן
און שרעקט זיך: די שעה וועט באַלד שלאָגן.

און ווערט ער מיט זעכציג געלאַדן,
דאַן האָט ער שוין מער ניט קיין באַדן...
ער קאָן שוין, אַ מאַטער, ניט שטרייטן
און מוז בלייבן שטיין פונדערווייטן.

דערגרייכט ער שוין זיבציג מיט גבורה—
ער האָט ביי דער וועלט ניט קיין צורה.
קיין האַנט וועט אים קיינער ניט שטרעקן—
אַ לאַסט נאָר פאַר זיך און זיין שטעקן...

און האָט ער שוין אַכציג דערצויגן
דאַן דינען ניט מער שוין די אויגן.
די קינדער אים ווילן ניט וויסן,
פאַרסמט איז זיין טרונק און זיין ביסן.

דערנאָך איז דער טויט אים שוין ליבער...
אַז וואויל איז דעם מאַן, וואָס טראַכט איבער
און ווייס, אַז דאָס לעבן איז שטויביג
און בלויז יענע וועלט איז אויף אייביג.

*  *
*

דער מענטש דאַרף זיך שטענדיג באַקלערן,
ער וועט זיך צו שטויבן אומקערן.

(איבערז. אבר. רייזען)

אויף זיינע עלטערע יאָרן האָט ער פאַרלאָזן שפּאַניע און אָנגעהויבן אַ נע־ונד־לעבן. ער האָט באַזוכט פאַרשיידענע מדינות און לענדער. און וואו ער פלעגט קומען, פלעגן זיך גלייך אַרום אים זאַמלען קרייזן תּלמידים. ער האָט אין איטאַליע, פראַנקרייך און ענגלאַנד באַקאַנט געמאַכט די דאָרטיגע יידן מיט די נייע יידישע קולטורעלע ווערטן, וואָס האָבן זיך לעצטנס געשאַפן אין שפּאַניע. אין דער צייט פון זיין וואַנדערן האָט ער פאַרפאַסט אַ סך חבורים אויף פאַרשיידענע צווייגן פון וויסנשאַפט. דער וויכטיגסטער חבור זיינער פון יענער צייט איז זיין פירוש אויף תּנ״ך, אין וועלכן ער האָט קונציג אַריינגעפלאָכטן אויך זיין פילאָסאָפישן וועלטבאַנעם.

אין דעם דאָזיגן חבור פּרובט ר׳ אַברהם אבן עזרא צו דערקלערן דעם תּנ״ך אויפן פּשוטן גראַמאַטיקאַלישן אופן אָן די פאַרשיידענע משלים, אַגדות און דרשות, וואָס זיינען דורך אַלע מפרשים אַריינגעפירט געוואָרן אין אַלע

קאָמענטאַרן, און דורך סודות־פולע רמזים לייגט ער דעם גרונדשטיין צו דער ביבל־פאָרשונג. דער דאָזיגער פירוש איז שפּעטער געוואָרן דער חשובסטער פירוש אויף תנ״ך, וואָס האָט אין משך פון פיל דורות געשטויסן דעם יידישן געדאַנק צו פאָרשן און זוכן אין די העכסטע פראַגן פון רעליגיע.

פון אברהם אבן עזרא זיינען געבליבן 27 ווערק אויף גראַמאַטיק, ביבלישע פאָרשונגען, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, אַסטראָלאָגיע, פילאָסאָפיע און עטיק. אונז איז אויך באַקאַנט איבער צוויי הונדערט שירים, אַ חוץ סליחות און קינות. גאָר אין די עלטסטע יאָרן האָט ר׳ אברהם אבן עזרא אָנגעהויבן פילן אַ בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים. ער איז אַוועק פון זיין לעצטן וואַנדער־אָרט, פראַנקרייך, קיין שפּאַניע. נאָר אין דער שטאָט קאַלאַהאָראַ, צווישן נאַוואַראַ און קאַסטיליע, איז ער געשטאָרבן (1167). פאַר זיין טויט האָט ער אויף זיך אַליין געלייענט: „ואברהם בן־שמונה ושבעים שנה בצאתו מחרון אף העולם״.

---

## יג. די ירידה פון די יידן אין דער מוסולמענישער שפּאַניע און די עליה אין דער קריסטליכער.

**די אַלמאָהאַדן.** די מחמדאַנישע שפּאַניע איז איבער די ברודער־מלחמות צווישן דער פרייהייטליכער ריכטונג אין איסלאַם (אַראַבער) און דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם (בערבערן) געוועגן צעריסן אויף שטי־קער. דאָך זיינען די אַלמאָראַווידן באַלד איינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון די אַראַבער און עס האָבן אַ געוויסע צייט זיך ווייטער געשפּונען און געוועבט די פעדים פון דער גאָלדערנער תקופה פון דער אַראַ־בישער קולטור אין די סך איינצלנע צעבראָקלטע מוסולמענישע מלוכות. באַלד איז אָבער אונטער דער ווירקונג און לויטן מוסטער פונם פאַנאַטיזם פון די אייראָפּעאישע צלם־פאָרער אויסגעבראָכן אַ פאַרניכטנדיגער שטורים פון אַ ניט־קלענערן רעליגיעזן פאַנאַטיזם אין די רייען פון די מחמדאַנער, וואָס האָבן געמאָלדן אַ „הייליגע מלחמה״ קעגן אַלע „אומגלויביגע״ און פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון איסלאַם מיט פייער און שווערד. אין צפון־אַפריקע האָט זיך באַוויזן אַ נייע מוסולמענישע סעקטע פון די אַל־מוֹחֲדִים (אַלמאָהאַדן,—זין פונם נביא). דער גרינדער פון דער דאָזיגער רעליגיעזער כּתּה איז געווען עַבד־אַלַה אִבן־תוּמַרַת, אַ תלמיד פונם באַגדאַדער פילאָסאָף אלגהאזאלי, וואָס

האָט גערופן צו אַ פּשוטן לעבן הן אין קליידונג, הן אין עסן, הן אין וואוינונג. ער איז באַרימט געוואָרן פאַר אַ מַחדי, גאָטס שליח אומציקערן דעם איסלאַם זיין אַמאָליגן גלאַנץ און אויסצוראָטן די „כּפירה" פון דער וועלט.

ער האָט געמאָלדן אַ קאַמף דער גאַנצער נייער אַראַבישער קולטור, דער וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע און קונסט, וואָס זיינען, לויט זיין מיינונג, די סבּה פונם לוקסוס און בכלל פון אַלע זינד. נאָך זיין טויט האָט אים פאַרטראָטן זיין תּלמיד עַבד־אַל־מומין, וואָס האָט אויסגערופן אַ מלחמה די אַלמאָראַווידן, וואָס האָבן טאָלערירט וויסנשאַפט און קונסט. נאָך אַ גאַנצער ריי נצחונותדיגע מלחמות האָט ער חרוב געמאַכט די מלוכה פון די אַלמאָראַווידן און איז אַליין געוואָרן קאַליף (1146).

## גזירות פון שמד.

נאָכדעם ווי אַל־מוּמין האָט איינגענומען די גרויסע שטאָט מאַראָקעש (מאַראָקאָ), האָט ער איר גרויסער יידישער באַפעלקערונג געשטעלט קאַטעגאָריש די ברירה: אָננעמען דעם איסלאַם, אויסוואַנדערן פון לאַנד אָדער שטאַרבן. דערצו האָט ער זיי געגעבן צייט צו ליקווידירן זייערע געשעפטן און ענינים. די יידן זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש. אַ סך האָבן אויסגעוואַנדערט קיין מצרים, סיריע, שפּאַניע, איטאַליע און אין אַנדערע לענדער. די איבעריגע האָט מען מיט גוואַלד געשמדט אין איסלאַם און די עקשנים — געטויט. אַזוינע גוואַלד־מעשים זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן איבער יידן און קריסטן אויך אין די איבעריגע אַפריקאַנישע שטעט, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די אַלמאָהאַדן. אומעטום האָט מען חרוב געמאַכט בתּי־כּנסיות און קירכן און די „אומגלויביגע" האָט מען מיט געוואַלד געשלעפּט אין די מעטשעטן. די יידן האָבן אָנגענומען דעם איסלאַם לפנים וועגן: געהיים, און אָפט אַפילו אָפן, האָבן זיי שטרענג אָפּגעהיט די יידישקייט און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען דער פאַנאַטיזם פון די אַלמַחדיסטן וועט איינגעשטילט ווערן. עס זיינען אַפילו געווען ישיבות, וואו די יידן האָבן אַפילו נאָכן שמד בהתמדה געלערנט תּלמוד. און מ׳האָט זיי עס ניט פאַרווערט,— מ׳האָט בלויז געפאָדערט פון זיי צו לערנען דאָרטן אויך דעם קאָראַן. די קנאים פון איסלאַם האָבן ניט געפאָדערט פון די יידן־מומרים, זיי זאָלן לייקענען די עיקרים פון דער תּורה און איינגאַנצן דער־ווייטערן זיך פונם לעבן פון זייער פאָלק, ווי דאָס האָבן געפאָדערט די קריסטן, נאָר האָבן פאַרלאַנגט, מ׳זאָל סתּם מודה זיין, אַז „מחמד איז דער נביא פון אַלַה" און באַזוכן די מעטשעטן. אין פאַל פון ניט „מודה זיין" איז

געשטאַנען אַ סכנה פון אַ פולשטענדיגער אויסשניידונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מאַראָקאָ. האָבן די קעפּ פון דער יהדות אין יענער צייט געפּסקנט די שאלה פאַר יענע מאַסן יידן, וואָס פאַר זיי איז געשטאַנען דער טויט, אויב זיי זאָלן „ניט מודה זיין“: „יוֹדֶה וְלֹא יֵהָרֵג“ („מודה זיין“ און ניט געהרגט ווערן). אין אַ געוויסער צייט אַרום האָבן מאַסן מומרים איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג מיטן איסלאַם, אויפגעהערט באַזוכן די מעטשעטן און אויסדערוויילט בעסער צו שטאַרבן אויף קידוש השם איידער צו טראָגן אַפילו די דינסטע מאַסקע. צווישן די דאָזיגע קדושים איז געווען דער גאון ר׳ יהודה הכהן אִבן־שׁוֹשָׁן.

## דער חורבן פון די יידישע קהילות אין צפון־אַפריקע און דרום־שפּאַניע.

ניט אויף די יידן פון מאַראָקאָ אַליין איז נגזר געוואָרן די גזירה פון שמד אָדער טויט, נאָר אויך אויף די יידן פון גאַנץ צפון־אַפריקע. מחמת דעם זיינען חרוב געוואָרן אַלע יידישע קהילות פון דעם געוועזענעם גרויסן און מעכטיגן פאַטימידישן קאַליפאַט. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און די מחנות פון די אַלמאָהאַדן האָבן זיך אַריינגעריסן אין די גרעניצן פון שפּאַניע. נאָך אַ שווערער מלחמה האָט אַל־מומין איינגענומען קאָרדאָווע, די הויפּטשטאָט פון אַנדאַלוזיע, חרוב געמאַכט די קריסטליכע קירכן און די שיינע יידישע בָּתֵּי־כְּנֵסִיּוֹת און בָּתֵּי־מִדְרָשׁ, פאַרטיליגט אַ סך קריסטן און יידן און פאַרוויסט די שטאָט (1148). רָב אין קאָרדאָווע איז יעמאָלט געווען דער באַרימטער גרייזגרויער פילאָסאָף ר׳ יוסף אבן־צדיק, דער מחבר פון דעם פילאָסאָפישן ספר „עולם קטן“ (מיקראָקאָסמאָס); ער האָט ניט אויסגעהאַלטן צוזעענדיג דעם חורבן פון זיין פאָלק, ס׳האָט אים ס׳הארץ געפּלאַצט און ער איז געשטאָרבן. נאָך קאָרדאָווע האַבן די אַלמאָהאַדן פאַרוויסט אויך גאַנץ אַנדאַלוזיע, וואָס איז פון יעמאָלט אָן אויף אייביג פאַרלאָרן געגאַנגען פאַר דער יידישער געשיכטע. דאָס זעלביגע איז געשעען אויך מיט גרענאַדע, סיווילע און די איבריגע שטעט פון דרום־שפּאַניע. די בליענדיגע קהילות און די ליכטיגע צענטערס פון תורה און וויסנשאַפט אין סיווילע, לוצענאַ, אַליסאַנע און אַנדערע שטעט זיינען פאַרוויסט געוואָרן. אַ טייל יידן, טיף אויפגעבראַכטע פון די דאָזיגע אַלע אומגעהייערע גוואַלד־מעשים, זיינען צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד, וואָס די פאַרטיי פון די אַלמאָראַווידן און אַנדערע אומצופרידענע עלעמענטן האָבן אָרגאַניזירט מיטן צוועק

אומצואווארפן די הערשאפט פון די אלמאהאדן. זיי זיינען אוועק אויף גרענאדע, וואו די אָרטיגע יידן האָבן זיי פארלייכטערט דאָס איינגעמען די שטאָט (1162). אָבער דער אויפשטאנד איז באלד דערשטיקט געוואָרן און די יידן האָבן טייער באצאָלט פאר זייער באטייליגן זיך אין אים.— א גרויסער טייל יידן זיינען אין די אלע פאלן געצוואונגען געווען אָנצונעמען דעם איסלאם און די איבעריגע זיינען זיך צוזאמען מיט די קריסטן צעלאָפן אין די לענדער פון דער קריסט־ליכער שפאניע, קיין קאסטיליע, אראגאָניע און נאווארע, וואו זיי האָבן געפונען אויף א געוויסער צייט א מקום־מקלט.

## דער אַלט־נייער יידישער צענטער אין טאָלעדאָ.

מיט פיר יאָרהונדערטן צוריק האָט די באַ־וועגונג פון די מוסולמענער (אראבער) קיין שפאניע געבראכט די יידן א דערלייזונג פונם וועסטגאָטישן יאָך;— איצט אָבער האָט פונקט אזא באוועגונג (אַלמאָהאַדן) געבראכט זיי אומגליק און טרויער און זיי געצוואונגען צו זוכן אַ רעטונג אין די מדינות פון די אייניקלעך פון די וועסטגאָטן. דאָ האָט מען אָפגעשאצט זייער עקאָנאָמישע און קולטורעל־פּאָליטישע ראלע און זיך באצויגן צו זיי הומאניש. דער קיניג אלפאָנזאָ VII ראימונדעץ (1126—1157), וואָס אין זיין צייט האָט קאסטיליע פארברייטערט און פארשטארקט איר טעריטאָריע, געשיצט די יידישע קהילות אין די ניי־איינגענומענע לענדער פון דער אראַ־בישער שפאניע.

די רעזידענץ פון קאסטיליע, טאָלעדאָ, איז געוואָרן דער צענטער פון דער יידישער קולטור. אהין האָבן זיך געצויגן די שטראָמען פון עמיגראציע פון די געוועזענע יידישע קולטור־צענטערס פון דרום און עס האָט זיך אין טאָלעדאָ געבילדעט די גרעסטע יידישע קהילה, וואָס האָט געציילט צוועלף טויזנט יידישע פאמיליעס און געהאט צוועלף זעלטן שיינע שולן. דאָ איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע אקאדעמיע, וואוהין ס׳האָבן געצויגן מאסן יידישע יונגעלייט. אזוי האָט אויפגעלעבט די אוראלטע יידישע קהילה אין טאָלעדאָ, וואָס איז א לאנגע צייט חרוב געווען. מיט זייער אונטערנעמונגס־גייסט אויפן עקאָנאָמישן געביט האָבן די יידן רייך געמאכט קאסטיליע בכלל און טאָלעדאָ בפרט. זייער מאטעריעלער מצב איז געווען א גוטער. די טאָלעדאָר יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט אויך מיט קריגס־מוט און העלדישקייט, ווי אלע שפאנישע ריטער, און האָבן זיך פארנומען אויך מיט פעכטקונסט. א סך יידן האָבן פארנומען חשובע געזעלשאפטליכע און מלוכה־שטעלעס. גרויסע יידישע מלוכה־

שרים פלעגן בויען שולן און שטיצן מיט זייער געלט די שטודירנדיגע יוגנט. באזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט ר' יהודה אבן־עזרא, א פלימעניק פון ר' משה אבן־עזרא, וואָס האָט צוליב זיינע גבורה־אויסצייכענונגען אין מלחמה געפונען חן אין די אויגן פון קיניג. און האָט ביי אים פאַרנומען פונקט אזא שטעלע, ווי אמאָל רב חסדאי אִבן שַפרוט און ר' שמואל הנגיד ביי די קאַליפן, און זיין באַציאונג צו זיין פאָלק איז אויך אזא געווען.

די פרידליכע אַנטוויקלונג פון די יידן אין קאַסטיליע האָט מיט הפסקות געדויערט ביז אין אָנהייב פון XIII יר"ה.

אין דער צייט האָט זיך געענדיגט די גאָלדענע תקופה פון דעם יידישן גייסטיגן אויפשטייג אין שפאַניע. אירע לעצטע פאָרשטייער זיינען געווען: ר' אברהם אבן דַאוּד, ר' בנימין פון טודעלא און ר' יהודה אַלחריזי.

### ר' אברהם אִבן דַאוד און ר' בנימין פון טודעלאַ.

צו דער צאָל גדולים פון דער צייט געהערן אויך דעה גרויסער פילאָסאָף און איינאיינציגער כראָנאָגראַף (כראָניק־שרייבער), ר' אברהם אבן דאוד (געשטאָרבן על קידוש השם בעת א פאָגראָם אין טאָלעדאָ אין תתק"ם—1180), וועלכער גיט אונז איבער אין זיין „אמונה רמה" א פילאָסאָפישע באַגרינדונג פון די עיקרים און מהות פון דער יהדות און אין זיין „ספר הקבלה" א קורצן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער נאָכביבלישער יהדות אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געשיכטע פון די שפאַנישע יידן ביז זיין צייט,— און דער איינאיינציגער שפאַניש־יידישער רייזענדער־עטנאָגראַף ר' בנימין פון טודעלא (נאַווארע). אין יאָר 1160 האָט דערדאָזיגער דרייסטער מאַן אונטערגענומען א נסיעה איבער דער גאַנצער דאַן באַקאַנטער וועלט. ער איז אַרומגעפאָרן איבער א באַדייטנדיגן טייל פון אייראָפּע, אזיע און אַפריקע. אַן ערך 13 יאָר, ביזן יאָר 1173, איז ער געווען אין וועג. די איינדריקן פון זיין נסיעה גיט ר' בנימין איבער אין זיין ספר „מסעות בנימין". דאָ דערציילט ער וועגן די לענדער און פעלקער, וואָס ער האָט באַזוכט, וועגן די אָרטיגע יידישע קהילות, וועגן די מלאכות און מידות פון די איינוואוינער בכלל. ער דערציילט ניט בלויז דאָס, וואָס ער האָט געזעען, נאָר אויך וואָס ער האָט געהערט פון אַנדערע. ער גיט איבער וועגן דער צאָל פון די יידן אין פאַרשיידענע שטעט אין מזרח און אין מערב, וועגן זייערע פרנסות און כלל־לעבן, וועגן זייער קולטורעלן מצב.

א דאַנק דידאָזיגע רייזע־באַשרייבונגען ווייסן מיר עטוואָס איבערהויפּט וועגן יעמאָלטיגן לעבן פון די יידן אין אזיע און ביזאַנטיע, ווייל אין XII יר"ה

האָבן שוין די יידן אין מערב-אייראָפּע און שפּאַניע מיט די יידן פון יענע לענדער קיין מגע ומשא ניט געהאַט. דערדאָזיגער ספר איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף די אייראָפּעאישע שפּראַכן און דער נאָמען פונם דרייסטן יידישן רייזנדער פאַרנעמט אַ חשובן אָרט אין דער געשיכטע פון לאַנד-פאָרשונג.

ר׳ יהודה אַלְחַרִיזִי.

דער לעצטער פּאָעט פון דער שפּאַנישער גאָלדענער עפּאָכע איז געווען ר׳ יהודה אלחריזי (תתקכ״ה—תתקפ״ה, 1165—1225). געבאָרן אין שפּאַניע, האָט ער כמעט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין פרעמדע לענדער. ער האָט אַרומגערייזט איבער די מזרח-לענדער, געווען אין מצרים, ארץ ישראל און סוריה. דער עיקר האָט ער געוואוינט אין דרום-פראַנקרייך (מאַרסעל, לונעל א. א.). זיין ליטעראַרישע אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן פון איבערזעצונגען; ער האָט איבערגעזעצט פון אַראַביש אויף העברעאיש די ווערק פון אַראַבישע, יידישע און גריכישע שריפטשטעלער. שפּעטער האָט ער אַליין אָנגעשריבן אַ ווערק, לויטן מוסטער פון די „מאַקאַמען” אָדער נאָהעלן פון אַראַבישן פּאָעט הארירי, מיטן נאָמען „תַּחְכְּמוֹנִי”, אין דריי שפּראַכן: העברעאיש, אַראַביש און אַראַמיש, אין 50 שערים. אין דעם דאָזיגן ווערק דערציילט אונז דער פּאָעט, לעבעדיג און אָנציענד, וועגן זיינע וואָגלונגען און פּאַסירונגען אין פאַרשיידענע לענדער, אַריינפלעכטענדיג אין זיין דערציילונג אַמאָל אויסגע-טראַכטע פּאָעטישע מעשהלעך, אַמאָל דידאַקטישע אָדער הומאָריסטישע כאַ-ראַקטעריסטיקעס פון פאַרשיידענע טיפּן מענטשן, אַמאָל שמועסן איבער ליטעראַטור. ער האַלט פון זיך זעער ווייניג. ער גופא רעכנט זיך צו צו די עפּיגאָנען, וואָס קלייבן די ברעקלעך פונם טיש פון די גרויסע אַלטע משוררים.

---

# יד. די יידן אין אַפריקע.

די יידן אין פּאַטי-מידישן קאַליפאַט.

אין משך פון אָנדערטהאַלבן טויזנט יאָר האָבן זיך אין אַלע לענדער פון צפון-אַפריקע אָנגעקליבן גרויסע יידישע קיבוצים. זינט די צייטן פון שלמה המלך, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער האַנדל צווישן מצרים און ארץ ישראל, האָבן זיך יידן געגומען באַזעצן אין לאַנד פונם נילוס. נאָכן חורבן בית ראשון, אין די צייטן פון אַנטיוכוסעס גזירות און נאָך די מפּלות פון

יהודה דורך רוים האָבן מאַסן יידן אויסגעוואַנדערט פון ארץ ישראל און געפונען אַ מנוחה אויף אַ לאַנגער צייט אינם לאַנד פון זייער ערשטן גלות. אין די צייטן פון די רדיפות מצד די ביזאַנטישע קיסרים האָבן טו׳יזנטער יידן אויסגעוואַנדערט פון ארץ ישראל קיין צפון־אַפריקע און קיין דרום און זיך דאָרטן איינגעבירגערט. ווען ס׳איז אין צפון־אַפריקע געגרינדעט געוואָרן דער פאַטימי־דישער קאַליפאַט, וואָס האָט אַרומגענומען די לענדער מצרים, טוניס, מאַראָקאָ און פעץ, האָבן דאָ עקסיסטירט אַווטאָנאָמיש־פולבאַרעכטיגטע בליענדיגע יידישע קהילות, וואָס די באַרימטסטע פון זיי איז געווען קיירואַן (קירעני, קירענאַיקאַ). דאָ האָבן זיך אויסגעצייכנט רב סעדיה גאון און די שוין דערמאָנטע פילאָסאָפן ר׳ יצחק הישראלי, דער בעל „ספר הגבולים״ און „ספר היסודות״, און זיין תלמיד דונש בן תמים (אין IX און X יר״ה). ר׳ חושיאל, איינער פון די פיר געפאַנגענע, האָט אין קיירואַן געגרינדעט אַן אַקאַדעמיע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי גאונים, גרויסע ליכטיגע פערזענליכקייטן, וואָס האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע השפעה אויף דער יידישער קולטור. רבנו חננאל ב״ר חושיאל און רבנו נסים (1000—1050), וואָס זיינען באַרימט געוואָרן מיט זייערע פירושים אויף תנ״ך, תלמוד בבלי און ירושלמי, האָבן ווייטער געפירט די אָנגעהויבענע אַרבעט פון דער אַקאַדעמיע, וואָס איז אויף אַ קורצער צייט געוואָרן אַ קולטור־צענטער ניט בלויז פאַר די יידן פון אַפריקע, נאָר אויך פון אַזיע און אייראָפּע. צווישן די אויסגעצייכנטע גאונים זיינען געווען ר׳ יצחק אלפסי, ר׳ אפרים המצרי און דער דיכטער ר׳ יהודה בן עבאַס, אַ ידיד נאָמן פון ר׳ יהודה הלוי. באַלד זיינען אָבער אָנגעקומען שווערע צייטן פאַרן אַפריקאַנישן יידנטום. דער קאַליף אַל־חַכִים, וואָס האָט, פּונקט ווי קאַיוס קאַליגולאַ, געפאָדערט, מ׳זאָל אים אָנערקענען פאַר אַ גאָט אויף דער ערד, האָט ווילד גערודפט די יידן, קריסטן און מחמדאַנער, וואָס האָבן אים ניט אָנערקענט. ער האָט חרוב געמאַכט גאַנצע קהילות. נאָכדעם איז געקומען אַ נייער חורבן דורך דער באַוועגונג פון די אַלמאָראַווידן, און שפּעטער—פון די נאָך ווילדערע אַלמאָהאַדן (XII יר״ה), וואָס האָבן פאַרוויסט צפון־אַפריקע בכלל און די דאָרטיגע יידישע קהילות בפרט. דאַן האָט זיך אין די אַלמאָהאַדישע לענדער, אין טוניס, מאַראָקאָ, ווי אויך אין שפּאַניע, אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע אין די זיכערערע ערטער פון אַפריקע און באַזונדערס — קיין מצרים.

די יידן אין מצרים.

די צאָל יידן אין מצרים איז געווען ניט גרויס. די גרעסטע יידישע קהילה אין מצרים איז געווען אין קאַהיראָ (צוען־מצרים), וואו ס'האָבן געוואוינט צוויי טויזנט יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך געטיילט אויף פאַרשיידענע שולן לויט זייערע פאַר־שיידענע מנהגים (פון ארץ־ישראל און פון בבל). אין קאַהיראָ איז אויך געווען זעער אַ גרויסע קהילה פון די בני־מקרא. גרויסע יידישע קהילות און אַ סך קליינע זיינען געווען צעשפרייט איבערן גאַנצן לאַנד. די פרנסות פון די יידן זיינען געווען פאַרשיידנאַרטיג. דערהויפּט האָט מען זיך פאַרנומען מיט מסחר און מלאכה. סוף XII און אָנהייב XIII יר"ה איז געווען סולטאַן אין מצרים דער באַרימטער צְלַח־עַל־דִין (סאלאדין), וואָס האָט אָפּגענומען ביי די צלם־ציער סיריע און ארץ־ישראל (1190). ער איז געווען אַ גוטער מוסולמענער, אַ געטרייער צו זיין גלויבן, אָבער צו די יידן האָט ער זיך באַצויגן מיט פול־שטענדיגער טאָלעראַנץ און דערלויבט זיי צו באַזעצן זיך אין ירושלים, וואָס די קריסטן האָבן פריער געהאַט פאַרווערט זיי אפילו צו ווייזן זיך אין איר תחום. בראש פון אַלע יידן אין מצרים איז אין זיינע צייטן געשטאַנען אַ מנהיג, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל „נגיד". ער פלעגט אויפנעמען רבנים און חזנים פאַר אַלע קהילות און שולן און האָט געהאַט רעכט צו משפטן פאַר כל המינים פאַרברעכנס. אויך די קראים האָבן געהאַט פונקט אַזאַ אַווטאָנאָמיע.

דער גייסטיג־קולטורעלער צושטאַנד פון די יידן אין מצרים אין יענע דורות איז געווען זעער אַ נידעריגער, כאָטש אין קאַהירא איז געווען אַ ישיבה. אויסער רב סעדיה גאון און דעם דערמאָנטן ר' אפרים המצרי, האָט דער עגיפּטישער יידנטום קיין גדולים ניט אַרויסגעגעבן. נאָר פעלזנפעסט געטריי איז געווען דער דאָזיגער יידנטום דער טראַדיציע פון די אבות און האָט פאַר־הייליגט די לעגענדאַרישע ערטער, וואו משה האָט געטראָטן.

און אָט אין דעם דאָזיגן לאַנד אָן תורה און אָן חכמה האָט פלוצלינג אויפגעשיינט דאָס גרויסע ליכט פון ישראל — ר ב נ ו מ ש ה ב ר מ י י מ ו ן.

---

## טו. רבנו משה בן מיימון (רמב"ם).

ר' מיימון און זיין זון ר' משה.

רבנו משה בן מיימון (רמב"ם אָדער מיימוני) איז געבאָרן געוואָרן ערב פסח פון יאָר ד"א תתצ"ה (1135) אין קאָרדאָווע.

זיין פאָטער ר' מיימון, אַ תלמיד פון ר' יוסף אבן מיגאש אין לוצענאַ,

איז געווען דיין פון קאָרדאָווע. ער איז געווען בארימט, אַ חוץ אַלס גרויסער תלמודיסט, אויך אַלס גרויסער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם.

ר׳ משהס קינדער־יאָרן זיינען אַריבער אין דער צייט, ווען די „גאָלדענע תקופה״ אין שפּאַניע האָט דערגרייכט צו איר העכסטער מדרגה. זיין פאָטער, ר׳ מיימון, האָט אין אים איינגעפּלאַנצט אַ שטאַרקע תשוקה און ליבע צום תלמוד און צו אַלגעמיינע וויסנשאַפטן. און געבענטשט פון דער נאַטור מיט געניאַלע כשרונות, האָט ר׳ משה שוין אין זיין פריעסטער יוגנט איינגעזאַפּט אין זיך אַ סך ידיעות אויף אַלע געביטן פון וויסנשאַפט.

אין יאָר 1148, ווען ר׳ משה איז אַלט געווען 13 יאָר, איז קאָרדאָווע איינגענומען געוואָרן דורך די אַלמאָהאַדן, וועלכע האָבן געצוואונגען די יידן און די קריסטן אָנצונעמען דעם איסלאַם אָדער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

ר׳ מיימון מיט זיין פאַמיליע איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן קאָר־דאָווע, וואַנדערן איבער פרעמדע מקומות און ליידן נויט און הונגער.

אָבער ניט קוקנדיג אויפן נע־ונד־לעבן, האָט ר׳ משה אָן הפסקות ממשיך געווען זיין בילדונג, שטודירט אַלע מקצועות פון יהדות, מעדיצין, פילאָסאָפיע, מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. איבערהויפּט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן שטודיום פון אַריסטוס פילאָסאָפישער סיסטעם.

אינם יאָר 1160 איז ר׳ מיימון מיט זיין גאַנצער פאַמיליע געקומען קיין פעץ אין צפון־אַפריקע.

צו יענער צייט האָט געהערשט אין צפון־מערב־אַפריקע דער אַלמאָהאַ־דישער קאַליף עבד־אול־מומין. אין גאַנצן לאַנד האָט זיך דאַן ניט געפונען קיין איין ייד, וואָס זאָל האַלטן דעם יידישן דת בפרהסיה. די בתי כנסיות ומדרשים זיינען געווען געשלאָסן, די ישיבות פאַרמאַכט און אַלע יידן זיינען געווען מחויב צו קומען אין מעטשעט מתפּלל זיין צו גאָט און אָנערקענען מחמדן פאַר זיין נביא.

דאָס איז אָבער געווען נאָר לפנים; בצנעה, געהיים, פלעגן די מאַראָקער יידן היטן יידישקייט און אויך לערנען תורה. ר׳ מיימונס פאַמיליע האָט אויך געמוזט זיך באַהאַלטן מיט איר יידישקייט און לעבן דעם זעלביגן לעבן פון אַלע אַנוסים.

ר׳ מיימון האָט אָבער באַלד אָנגעהויבן איינזען אַ גרויסע סכנה פאַר דער יהדות אין מאַראָקאָ; אַ סך קהילות, איבערהויפּט קלענערע, האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָפּגעוואוינען פון יידישקייט. ר׳ מיימון האָט זיך דאַן געווענדעט צום אַפריקאַנער יידנטום מיט „אַ טרייסט־בריוו״ אין אַראַביש, אין וועלכן ער באַמיט זיך צו וועקן האָפענונג און גלויבן אין די הערצער פון די יידן, וואָס האָבן

זיך שוין אָנגעהויבן מיאש זיין פון דער האָפענונג צו קאָנען ווען עס איז פריי זיך פירן לויטן יידישן דת. צווישן אַנדערע שרייבט ער אין דעמדאָזיגן „טרייסט-בריוו":

„די יידישע אומה, וואָס גאָט האָט זי אויסגעוויילט פון אַלע אוראַלטע פעלקער, וועט ער קיינמאָל ניט אומבייטן אויף אַן אַנדער אומה, ווייל „גאָט איז ניט גלייך צו אַ מענטשן, וואָס קאָן ליגן זאָגן אָדער חרטה האָבן" (לא איש אל ויכזב ובן אדם ויתנחם). ישראל אין גלות איז אויך נאָך אַלץ דאָס ליבסטע קינד פון גאָט (בני בכורי ישראל), און אַזוי ווי אַ פאָטער שטראָפט זיין קינד, אַזוי שטראָפט ער אים".

„מיר זיינען אין גלות, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך אין ים... די שטריק פון דער תורה און די מצוות איז צוגעבונדן צום הימל... ווער עס האַלט זיך אָן דער שטריק קאָן האָפן ניצל צו ווערן. ווער עס האַלט זיך אָן דער שטריק פעסט מיט אַלע כוחות, האָט מער האָפענונג ווי יענער, וואָס האַלט זיך ניט אַזוי פעסט. דער וואָס האַלט זיך אָן איר אַפילו מיט די שפּיץ פינגער, האָט אַלץ מער האָפענונג ווי דער, וואָס האָט איר אינגאַנצן אַרויסגעלאָזן פון זיינע הענט"...

„אויב איר האָט ניט די מיגליכקייט אַפילו צו דאַוונען, זאָלט איר מתפּלל זיין אַ תּפילה קצרה, אַבי צו דערמאָנען מיט די ליפּן טאָג-טעגליך, אַז איר זייט קינדער פון ישראל, און די תּפילה זאָל זיין אין לשון הקודש".

### דעם רמבמס טרייסט-בריוו צו די אנוסים.

אָט די דאָזיגע מוראַדיגע לאַגע פון די יידן אין מאַראָקאָ און אַנדערע אַלמאָ-האַדישע מדינות האָט געשטויסן דעם געדאַנק פון ר' משה זיך צו פאַרטיפן און געפינען דעם עצם מהות פון דעם יידישן דת. און אינגיכן האָט זיך אים געמאַכט די געלעגנהייט אַרויס-צוזאָגן עפנטליך זיין מיינונג וועגן דער וויכטיגסטער פראַגע אין יענער צייט—דער אַנוסים-פראַגע.

איינער אַ רב האָט פּלוצלינג פאַרעפנטליכט אַ בריוו צו די יידישע קהילות אין צפון-אַפריקע, אין וועלכן ער האָט דערקלערט, אַז יעדער ייד, וואָס אָנערקענט אַפילו בלויז לפנים די הויפּט-דאָגמע פון איסלאַם, איז על-פּי-דין גלייך ווי אַ משומד, אַפילו ווען ער היט אָפּ געהיים אַלע יידישע דינים. דער דאָזיגער בריוו האָט געמאַכט אַ נידערשלאָגנדיגן רושם אויף די אַנוסים. ר' משה בן מיימון האָט דערין איינגעזען אַ גרויסע סכנה פאַר די אַנוסים, זיי זאָלן

סוף־כל־סוף ניט ווערן אמתע מוסולמענער, און איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ דער־קלערונגס־בריוו וועגן דער דאָזיגער שאלה אונטערן נאָמען „אגרת השמד״ אָדער „מאמר על קדוש השם״, אין וועלכן ער פאַרטיידיגט די אַנוסים: „ישראל אף־על־פי שחטא ישראל הוא.— אַ ייד, כאָטש ער האָט געזינדיגט, בלייבט אַ ייד. די יידן אין די צייטן פון אליהו און ישעיה זיינען אין זייער גרעסטן טייל געווען געצנדינער, פונדעסטוועגן זיינען אָט די צוויי גרויסע נביאים באַשטראָפט געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך שלעכט אויסגעדריקט וועגן פאָלק ישראל. די אַנוסים האָבן זיך דאָך געשמדט ניט פון הנאה וועגן, מען האָט דעם שמד זיי אָנגעצוואונגען און „אונס רחמנא פטריה״, אַ געצוואונגענעם באַפרייט גאָט פון שטראָף. און דער דאָזיגער שמד איז ניט קיין שמד פון עבודה־זרה, אַ מאָמעגט, ווען מען דאַרף זיך מוסר נפש זיין. מען הייסט דאָך אונז ניט עובר זיין אויף די מצוות פון דער תורה און טאָן וועלכע עס איז מעשה קעגן יידישן דת, נאָר מען הייסט אונז בלויז זאָגן מיטן מויל אייניגע ווערטער, וואָס די באַצווינגער אַליין זיינען איבערצייגט, אַז מיר גלויבן ניט אין דעם, נאָר מיר טוען דאָס, כדי צופרידנשטעלן דעם קאַליפס קאַפריז. אַזוי ווי חלול השם איז אַ גרויסע עברה, אַזוי איז קדוש השם אַ גרויסע מצוה. און אויב עס געפינט זיך איינער, וואָס האָט ניט אין זיך דעם כח מקדש השם צו זיין, האָט ער ניט מקיים געווען די מצוה פון קדוש השם און מער ניט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען איינער האָט זיך מוסר נפש געווען און ניט אָנגענומען דעם איסלאַם, האָט ער אַ גרויסן שכר ביי גאָט און ער איז פון אַ הויכער מדרגה, ווייל ער האָט מקדש השם געווען. אָבער ווען עמיצער זאָל קומען אונז פרעגן: צי ער זאָל זיך לאָזן הרגענען אָדער מודה זיין אין דער שליחות פון מחמדן? וואָלטן מיר אים זאָגן: זיי מודה, נאָר פאַרלאָז וואָס גיכער די דאָזיגע לאַנד... לאָז אַלץ איבער אויף הפקר און גיי טאָג און נאַכט ביז דו וועסט געפינען אַן אָרט, וואו דו וועסט זיך ניט דאַרפן פאַרלייקענען,—און די וועלט איז גרויס און ברייט״...

...„ווער עס קאָן אָבער פאַר קיין פאַל איצט ניט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, דאַרף שטענדיג האָבן אין זינען, אַז ער זינדיגט, און זיך שפירן ווי אַ פאַרשול־דיגטער פאַר גאָט—ער דאַרף זיך באַמיען צו היטן די מצוות פון דער תורה און האָפן אויף אַ שעת הכושר צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד״.

דער רמב״ם האָט זיך ניט באַנוגנט מיטן בריוו אַליין, ער האָט אויך מונדליך געשטאַרקט און געטרייסט זיינע גלויבנס־ברידער די אַנוסים. ענדליך האָט מען אים געמסרט פאַר דער מאַכט און „זיין לעבן איז שוין

געהאנגען אויף אַ האָר״, נאָר איינער אַן אַראַבישער פּאָעט האָט אים אָפּגעראַטעוועט.

דער רמב״ם— מנהיג פון די יידן.

אין יאָר 1165 האָט ר׳ מיימונס פאַמיליע פאַרלאָזן פעץ און אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל. ארץ ישראל האָט זיך דאַן געפונען אין די הענט פון די צלם־ציער, און די לאַגע פון דעם ביסל יידן פון ארץ ישראל איז ניט געווען איבעריגנס גוט. זיי האָבן באַזוכט ירושלים, חברון און אַנדערע הייליגע ערטער. ר׳ מיימון איז געבליבן אין ארץ ישראל, ר׳ משה מיט זיין ברודער דוד און זיין פאַמיליע האָבן באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין מצרים. אַ קורצע צייט האָבן זיי געוואוינט אין אַלכסנדריא, שפּעטער האָבן זיי זיך באַזעצט אין אַלט־קאַהיראָ, פאָסטאַט, וואָס איז געווען אַ גרעסערער און קולטורעלער צענטער.

דער רמב״ם האָט לכתחילה זיך באַזעצט צוזאַמען מיט זיין ברודער דוד. זיי האָבן געפירט אַ מסחר מיט יובעליר־אויסאַרבעטונגען. דוד האָט זיך פאַרנומען מיטן געשעפט און איז געפאָרן מיט סחורות אין ווייטע מדינות, און ר׳ משה האָט זיך אָפּגעגעבן מיט וויסנשאַפטליכע אַרבעטן. אינגיכן האָט געטראָפן אַן אומגליק. ר׳ משהס ברודער, דוד, איז אומגעקומען אויפן אינדישן אָקעאַן מיט אַ שיף סחורה. דער רמב״ם האָט פּלוצלינג פאַרלאָרן זיין געליבטן ברודער, זיין בעל־מפרנס און זיין גאַנץ פאַרמעגן, אויך פרעמד געלט. דעראָזיגער אומגליק האָט אַזוי פאַרוואונדעט זיין האַרץ, אַז ער איז געפערליך קראַנק געוואָרן און האָט אָפּגעקרענקט אַ גאַנצן יאָר. אַז דער רמב״ם איז געזונט געוואָרן, איז ער געווען געצוואונגען אַליין צו זוכן חיונה און מיטלען צו שטיצן די פאַמיליע פון זיין ברודער. ער האָט אָנגעהויבן פראַקטיצירן מעדיצין. זעער גיך איז ער געוואָרן מפורסם אַלס גרויסער דאָקטאָר און איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס לייב־דאָקטאָר ביים וויזיר. שפּעטער איז ער געוואָרן אויך דאָקטאָר פון סאַלאַדינס הויף.

אין יאָר 1170 האָט שוין דער רמב״ם פאַרנומען אַ חשובן מעמד אין דער געזעלשאַפט. ער איז אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן אַלס רב פון קאַהיראָ און איז געשטאַנען בראש פונם בית־דין. באַלד האָט ער געקראָגן דעם טיטל ראַאיסו׳לאומאַ, ד. ה. דער ראש פון דער אומה, גלייך ווי ריש גלותא אין אַזיע און נגיד אין שפּאַניע. דער רמב״ם האָט אָפּגעגעבן אַ סך מי אויף איינצואָרדענען די אַוטאָנאָמיע פון די קהילות אין גאַנץ מצרים און אפילו אויסער מצרים, און ער איז אין משך פון אַ קורצער צייט געוואָרן די צענטראַלע

פערזענליכקייט פון מזרחדיגן יידנטום. צו אים פלעגט מען זיך ווענדן מיט שאלות איבער רעליגיעזע און געזעלשאפטליכע ענינים און ער פלעגט אלעמען ענטפערן.

דער רמב״ם איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געפרובט פאַרשיטן דעם געשאַפענעם תהום צווישן די בני־תלמוד און די בני־מקרא. ער האָט מיט כל אמצי כוחות געזען צו דערנענטערן די קראים צו די יידן און האָט זיך באַצויגן צו זיי מיט אַכטונג.

## דעם רמבמס ווערק און זיין פילאָסאָפיע.

ניט קוקנדיג אויף זיין שווערער אַרבעט, הן אַלס דאָקטאָר, צו וועלכן עס פלעגן זיך ווענדן מאַסן חולאים פון אַלע פעלקער און גלויבנס, הן אַלס געזעלשאַפטליכער טוער,— האָט דער רמב״ם שטענדיג געפונען צייט זיך צו פאַרנעמען מיט ליטעראַרישער און וויסנשאַפטליכער אַרבעט. ער האָט אָנגעשריבן צענדליגער ספרים איבער מעדיצין, אַסטראָנאָמיע און פילאָסאָפיע. די וויכטיגסטע פון זיינע ווערק זיינען אָבער די, וועלכע ער האָט געווידמעט דער יהדות.

דער גראַנדיעזער לאַבירינט, דער תלמוד, וואָס נאָר גרויסע לומדים האָבן זיך געקענט אין אים פונאַנדערקלייבן, אָט דער גיגאַנטישער אוצר פון יידישע און אַלגעמיין־מענטשליכע וויסנשאַפטן האָט זיין תיקון געפונען דורך דעם רמב״ם.

פריער האָט ער אין אַראַביש אָנגעשריבן אַ פירוש איבער משנה (פירוש המשניות להרמב״ם,— שפעטער איבערגעזעצט אויף העברעאיש דורך ר׳ שמואל אִבן־תבון). אין דער אַלגעמיינער גרויסער הקדמה און אין די מבואים צו דעמדאָזיגן ווערק, גיט ער צו דערקלערן די גרונד־פרינציפן פון דער תלמודישער געזעצגעבונג, איר צוזאַמענהאַנג מיט דער תורה שבכתב און אויך די באַ־דייטונג פון די חשובסטע יסודות פון יידישן דת. זיין פירוש, ווידער, שטרעבט צו מאַכן פשוט און קלאָר אַלץ, וואָס עס איז קאָמפּליצירט. שפעטער האָט ער איבערראַשט די רבנישע וועלט מיט זיין מאָנומענטאַלן ריזן־ווערק „משנה תורה" אָדער „יד החזקה". אויף דעמדאָזיגן ווערק האָט ער געאַרבעט צען יאָר, אָבער, לויט דער מיינונג פון די גרעסטע רבנים, איז דערויף וויניג אַ גאַנץ מענטשנס לעבן.

אין דעמדאָזיגן ווערק האָט דער רמב״ם געגעבן אַ פולשטענדיגע זאַמלונג פון אַלע תקנות, מנהגים און דינים,— אַלץ, וואָס איז אָן סדר פונאַנדערגעוואָרפן אין ביידע תלמודים, בבלי אין ירושלמי, און אין אַלע אַנדערע ספרים

ביז זיין צייט. ער האָט דער ערשטער אָט דעם רייכן מאַטעריאַל פולקום סיסטעמאַטיזירט אין אַ שיינעם דייטליכן העברעאיש און דורך דעם געמאַכט די גאַנצע תורה שבעל־פה צוטריטליך פאַרן גאַנצן פאָלק אין אַלע גלות־לענדער, וואָס ס'איז געווען זיין אייגענטליכע כּוָנָה.

די משנה תורה טיילט זיך אויף 14 חלקים (יד החזקה, י״ד = 14). אין דעם ערשטן טייל, „ספר המדע״, האָט ער קאָדעפיצירט זיין פילאָסאָפישע סיסטעם. ער האָט זי איבערגעגעבן אין דער פאָרם פון דינים. פאַר דעם יסוד פון אַלע יסודות מאַכט ער דאָס „וויסן און דערקענען״ גאָט. ניט גלויבן בלינד, נאָר פאָרשן און דערגיין. דאָ באַגרינדעט ער אויף די יסודות פון פילאָסאָפיע, עטיק און לאָגיק די עיקרים פון יידישן גלויבן, וואָס זייער צאָל איז דרייצן. אין די איבעריגע טיילן זיינען סיסטעמאַטיזירט אַלע חוקים, דינים, תקנות און מנהגים פונם יידנס חובות צו גאָט און צום מענטשן, צו דער פאַמיליע און געזעלשאַפט, לויט די מצוות און פאַראָרדענונגען זינט כתבי הקדש ביז די דורות פון די רבנים.

סיי אין זיין פירוש אויף דער משנה סיי אין זיין „משנה תורה״ האָט דער רמב״ם זיך באַמיט צו פאַרפילאָסאָפישן די יהדות, צוגעבן אַלץ אַ פילאָסאָפישן קאָלאָריט. התגלות, נבואה, עולם הבא, שכר ועונש, משיח, — אָט די אַלע יסודות פון אמונה האָט ער געפּרובט פילאָסאָפיש דערקלערן. אין „יד החזקה״ איז אָבער די פילאָסאָפיע ניט געווען דער עיקר; דאָרטן באַהאַנדלט ער זיי בלויז אגב־אורחא. זיין הויפּט־ווערק איבער פילאָסאָפיע איז דער „מורה נבוכים״ (דער וועג־ווייזער פאַר די בלאָנדזשענדיגע). דאָ האָט דער רמב״ם געשטרעבט צו פאַר־איינציגן די אמתן פון דער פילאָסאָפיע, די אמתן, וואָס דער מענטש דערגייט מיט זיין שכל, מיט די אמתן פון דער תורה, די אמתן, וואָס זיינען געקומען דורך התגלות. ער טייטשט אויס אַלעגאָריש די אַלע ערטער אין דער תורה, וואָס זייגען קעגן דעם שכל. די גאַנצע יידישע אמונה האָט ער איינגעפּאַסט אין די ראַמען פון אַריסטאָטעלעס פילאָסאָפישער שיטה. דעם שכל האָט ער גע־שטעלט איבער אַלץ. דאָס, וואָס לאָזט זיך ניט דערקלערן מיטן שכל, עקסיסטירט ניט פאַר אים.

לויטן „מורה נבוכים״ עקסיסטירן צוויי אמתן, דער אמת פון גלויבן און דער אמת פון שכל, די תורה און די חכמה, וואָס שטאַמען פון איין מקור און פירן צו איין תכלית, זיינען בעצם צוויי יסודות פון איין איינציגן אמת. די רעליגיעז־עטישע אַנטפּלעקונג פון די כתבי הקדש אין די וויסנשאַפטליך־פילאָ־סאָפישע אַנטפּלעקונג פון אַריסטאָטעלעס זיינען איין געטליכע אַנטפּלעקונג:

פאַרן האַרצן און מוח פון מענטשן. די יהדות און די פילאָסאָפיע זיינען ביידע דערגאַנגען צום איינציגן גאָט, דעם פאָטער, באַוועגער און מנהיג פון אַלץ, וואָס עקסיסטירט. און פונקט ווי די מעטאַפיזיק (די פילאָסאָפיע פון דעם, וואָס איז איבער די חושים) ווייס ניט קיין דערהייבענערס פאַרן מענטשן ווי דער־גרייכן צו גייסטיגער שלֵמות און באַגרייפן די העכסטע חכמה פון וועלטאַל, אַזוי שטרעבט די יהדות צו תכלית השלמות און באַזירט אויף פילאָסאָפישן דענקען. די תורה דאַרף בְּהֶכְרֵח שטימען מיטן אמת פון שכל, וואָס איז אויך גאָטס גאָב, און אַלע אַקסיאָמעס פון דער מעטאַפיזיק געפינען זיך זיכער אין דער תורה מן השמים—אין דער תורת היהדות. צוזאַמען מיט דער תורה שבכתב איז געגעבן געוואָרן אויך אַ תורה שבעל פה — דאָס זיינען די לימודים פון פרד״ס (פשט, רמז, דרוש, סוד) און געטליכער חקירה, וואָס זיינען איבערגע־גאַנגען פון דור צו דור און פאַרשפרייט געוואָרן אין פאָלק. אין משך פון דער געשיכטע איז די דאָזיגע תורה שבעל פה בעת די גרויסע נאַציאָנאַלע קאַטאַ־סטראָפעס פאַרגעסן געוואָרן, געבליבן שפּורן בלויז ביי יחידי סגולה און אין דער תלמודישער ליטעראַטור. אַריסטאָטעלעס איז בשום אופן ניט מבטל די יהדות און די יהדות שליסט ניט אויס אַריסטו. דער געלייטערטער גלויבן און די לערע פון לאָגיק זיינען איינע די אַנדערע ממלא.

דער „מורה נבוכים״, וואָס איז אָנגעשריבן אין אַראַביש און איבערגע־זעצט געוואָרן איינמאָל דורך ר׳ שמואל אבן תבון און נאָך אַמאָל דורך ר׳ יהודה אלחריזי, באַשטייט פון דריי חלקים. דער ערשטער חלק איז געוויד־מעט דער לערע וועגן גאָט, דער צווייטער רעדט וועגן געטליכער אַנטפּלעקונג (נבואה) און די קערפּערס פון דער יצירה (די גלגלים) און דער דריטער טייל אַנטהאַלט די לערע פון עטיק לויט דער פילאָסאָפיע און לויט די מצוות פון דער יידישער רעליגיע.

דער עצם פון רמבמס פילאָסאָפיע באַשטייט דערין, אַז ס׳עקסיסטירט אַ סבה ראשונה, וואָס האָט געבראַכט אין באַוועגוגג דעם גאַנצן וועלט־בנין. גאָט איז אַ כוח אַ „נויטווענדיג־עקסיסטירנדיגער״, אין אונטערשייד פון זאַכן, וואָס זיינען בלויז „מיגליך־עקסיסטירנדיגע״ און עגדערן זיך אינם באַוועגונגס־קרייז פון לעבן. די אַבסאָלוטע איינציקייט פון גאָט דרינגט אַרויס דערפון, וואָס עס קען ניט זיין מער ווי איין „נויטווענדיג־עקסיסטירנדיגער״ אַליינזייענ־דיגער כוח; אַניט—וואָלט ער געווען אַ „מיגליך־עקסיסטירנדיגער״, ד. ה. אַ באַ־שאַפענער פון אַן אַנדער כוח, וואָס איז סותר דעם רעיון וועגן סבה ראשונה. דערפון איז געדרונגען, אַז די וועלט איז אויפגעקומען לויט גאָטס שאַפערישן

רצון — פון גאָרנישט (יֵש מֵאַיִן); אַז די קאָסמישע מאַטעריע גופא איז באַשאַפן געוואָרן און עקסיסטירט אין די גרעניצן פון צייט. אין דעם פונקט גייט ער זיך פונאַנדער מיט אַריסטאָטעלעס מיינונג וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט־מאַטעריע. ווייטער גייט ער ווידער מיט אַריסטאָטעלעס. פון גאָט, דעם שכל פונם וועלטאַל, ווערן אַבסטראַהירט אָפּגעטיילטע שֵׂכלען. אין מענטשן זיינען פאַראייניגט מאַטעריע און גייסט, גוף און נשמה. די נשמה באַשטייט פון צוויי יסורות: פון אַ אינדיווידועלן לעבנס־כוח פון דער פּערזאָן און פונם אוניווערסאַלן מענטשליכן גייסט, אַלס אַן „אָפּגעטיילטן שכל". דער ערשטער פאַרשווינדט מיטן גוף, דער צווייטער איז אומשטערבליך. דאָס בייז אין דער וועלט איז אַ רעזולטאַט פונם אויפקום און צעפאַלן פון די טיילן מאַטעריע, — דער גייסט אָבער איז דער קוואַל פון אַבסאָלוטן גוטס. די מענטשן, וואָס האָבן זייער פאַרנונפטיגע, געטליכע נשמה דערפירט צו שלמות, דערגרייכן פולשטענדיגע אומשטערבליכקייט. ווייטער זיינען דאָ מדרגות.

נבואה איז אַ רעזולטאַט פון דערנעענטערונג פונם מענטשליכן שכל צום געטלִיכן. אויף פאַרשיידענע מדרגות קען יעדער מענטש, וואָס זיין געדאַנק איז געוועגדט צום העכערן ציל, דערגרייכן די באַגאַבונג פון נבואה אָדער התגלות. משה האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון נבואה. דער צוועק פון תורת משה איז — די שְׁלֵמות פון מענטשליכן קערפּער און גייסט.

העכער פון אַלץ האַלט דער רמב"ם די שלמות פון די גייסטיגע מעלות, וואָס באַשטייט אין דערקענען די אוניווערסאַלע אמתן וועגן גאָט און וועלט דורך שטענדיגן שטודירן און טיפן פילאָסאָפישן דענקען.

דער „מורה נבוכים" האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דער אַנטוויקלונג פונם יידישן געדאַנק. די זון פון דער פילאָסאָפיע—דער רמב"ם האָט פאַרטונקלט מיט זיין גלאַנץ אַלע פריערדיגע יידישע פילאָסאָפן. ער האָט אַרויסגערופן באַגייסטערונג, אָבער אויך אַ גרויסע קעגנערשאַפט. אין אַ קורצער צייט איז דער „מורה נבוכים" אומפאַרגלייכליך באַרימט געוואָרן אין דער יעמאָלטיגער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. אים האָבן מיט אויסערגעוויינליכער התמדה שטודירט יידישע, מוסולמענישע און קריסטליכע טעאָלאָגן. די קריסטליכע סכאָלאַסטיקער פון XIII יר"ה האָבן אַ סך גענומען פון דער לאַטיינישער איבערזעצונג פון „מורה נבוכים" און גערעדט פון אים מיט אויסערגעוויינליכער התפעלות און יראת הכבוד.

דעם רמבמ״ס
לעצטע יאָרן.

דער רמב״ם איז געוואָרן דער מיטלפונקט פון דער גאַנצער קולטורעלער וועלט. זיינע ווערק זיינען אין קאָפּיעס און איבערזעצונגען פאַרשפּרייט געוואָרן מיט אַן איבערראַשנדיגער שנעלקייט פאַר יענער צייט. פון אַלע זייטן האָבן זיך צו אים געווענדט אָנהענגער און קעגנער, יידן און ניט־יידן, מיט שאלות און קשות וועגן דערקלערן די אָדער יענע פונקטן אין זיינע ווערק. באַזונדערס איז גרויס געווען די באַגייסטערונג מיטן „גרויסן שטערן, וואָס האָט אויפ־געשיינט אויפן הימל פון דער יהדות איינמאָל אין־טויזנט יאָר", אין פּראָווינציאַ (פּראָוואַנס, דרום־פראַנקרייך). די יידישע קהילות האָבן דאָ געלעבט רואיג און שטיל, עקאָנאָמיש געזיכערט און פּאָליטיש פריי. די קריסטליכע באַפעלקערונג פון לאַנד (די אַלביגענזער) איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ פרייען גייסט, מיט שטרעבונגען צו ליכט פון וויסן, — איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־צענטער אויך אינם יידישן קיבוץ. דאָ האָט אַ צייט פאַרבראַכט ר׳ אברהם אבן־עזרא, דאָ האָבן געלעבט די משפחות אִבן־תִּבּון און קִמחי. איז מען דאָ פריער ווי אומעטום באַגייסטערט געוואָרן פון דער לערע פון בן־מיימון, ביי וועמען זיי האָבן געזען אַ וואונדערליכע דבֵקות אין גאָט און זיין תורה הארמאָניש צענויפגעשמאָלצן מיט אַ טיפער ליבע צו וויסנשאַפט און חקירה. אפילו די גדולים פון די חכמי התלמוד אין פּראָוואַנס, ווי ר׳ יהונתן פון לוניל און זיינע חברים, האָבן גערעדט וועגן רמב״ם מיט יראת הכּבוד, האָבן אין אים אַיינגעזען זייער רבין און אויסגערופן, אַז „זינט רבינא ורב אשי איז נאָך ניט אויפגע־שטאַנען ביי ישראל אַזאַ מאַן ווי משה" (בן־מיימון). אָבער ער האָט געהאַט אויך גרויסע קעגנער, וואָס האָבן אַיינגעזען אין זיינע ספרים אַן אונטערגראָבונג אונטער די יסודות פון דת. זייער מיינונג איז געווען, אַז אין די גלות־לענדער וועלן די יידן איבערלעבן אַלע זייערע צרות נאָר מיט אמונה, די פרייע חקירה אָבער קען שאַדטן דער תורה און דעם קיום פון פאָלק. קעגנער זיינען געווען פאַרשיידענע: אַנדערע האָבן געמיינט לשם שמים, אַנדערע אָבער זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן אים מחמת קנאה. מ׳איז געווען אויך קעגן דעם רמבמ״ס „יד החזקה" (משנה תורה), ווייל מ׳האָט מורא געהאַט, דערדראָזיגער ספר זאָל ניט אַרויסשטויסן דעם תלמוד, פּונקט ווי מ׳האָט זיך בשעתו געשראָקן, דער אַלפסס זאָל ניט פאַרנעמען דעם אָרט פון די ספרי חז״ל. דעם רמבמ״ס ערשטער און גרעסטער ערליכער קעגנער איז געווען דער באַרימטער רב פון פּראָוואַנס ר׳ אברהם בן דוד (דער צווייטער ראב״ד), וואָס האָט אָנגעשריבן קעגן דעם „יד החזקה" זיין ספר „הַשָּׂגוֹת". מ׳האָט דערנידעריגט דעם נאָמען פון רמב״ם און געהעצט

קעגן אים דעם המון, אָבער ער האָט רואיג און מיט וואונדערבאַרער עניוות געענטפערט, אַז אויב יידן וועלן פאַרשטיין, צוליב וואָס זיי ווערן געררודפט, וועלן זיי קיינמאָל זייער תורה ניט פאַרלאָזן, ניט געקוקט אויף קיין שום פורעניות אין דער וועלט.

די לאַנגע וואַנדערונגען אין די יינגערע יאָרן, די שווערע אַרבעט אַלס דאָקטאָר, רב און מנהיג פון זיין פאָלק, ווי אויך די איבערמענטשליכע אַרבעטן אויף די געביטן פון תורה, וויסנשאַפט און פילאָסאָפיע האָבן ביסלעכווייז אונטערגעגראָבן זיין געזונט. דערצו איז ער פון זיין אַמאָליגער קראַנקהייט געבליבן אַ חלש כל ימיו. בלויז זיין שטרענגסטע אָפּהיטן זיך האָט אים איינגעהאַלטן ביז גרייזגרויען עלטער. די לעצטע יאָרן האָט ער אָפּט געקרענקט. צום סוף האָט דער שוואַכער אָרגאַניזם פונם מעכטיגן גייסטיגן ריז ניט אויסגעהאַלטן און כ׳ טבת ד״א תתקס״ה (13 דעצעמבער 1204) איז אין פאָסטאַט (אַלט־קאַאירא) געשטאָרבן רבנו משה ב״ר מיימון, ניט דערגרייכנדיג קיין זיבעציג יאָר. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין אַלע לענדער פון דער וועלט האָט געקלאָגט און געטרויערט נאָך זיין גרויסן לערער. אין אַלט־מצרים האָבן אים באַוויינט יידן און מוסולמענער. אין ירושלים האָבן אַלע יידן אויסגערופן אַ תענית, מ׳האָט געלייענט די תוכחה און אין הפטורה דעם קאַפּיטל פון חורבן שילו אין שמואל א׳ און געענדיגט מיטן פסוק: „גלה כבוד מישראל כי נלקח ארון האלהים״. נאָכן ענדיגן די טרויער־טעג האָט מען זיינע ביינער אַריבערגעפירט קיין ארץ ישראל און מקבר געווען ביי טבריא. אַ לעגענדע דערציילט: בשעת מ׳האָט געפירט דעם אָרון פון רמב״ם פון מצרים קיין ארץ ישראל, איז אָנגעפאַלן אַ מחנה בעדואינער פון מער ווי דרייסיג מאַן און געוואָלט אַריינוואַרפן דעם אָרון אין ים. זיי האָבן אָבער אים ניט געקענט רירן פון אָרט. דאַן האָבן זיי געזאָגט, אַז דאָס איז אַ הייליגער געטליכער מאַן, און האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד, באַגלייט די יידן און באַשיצט זיי ביז די לויה איז געקומען צום באַשטימטן אָרט. — דער רמב״ם האָט איבערגעלאָזן איינאייניציגן גוט־דערצויגענעם זון רבי אברהם, וואָס האָט אויך איבערגענומען די שטעלע פון לייב־דאָקטאָר ביים סולטאַן פון מצרים און פאַרטרעטן דעם פאָטערס אָרט אַלס נגיד פון די יידן. ביזן XIV יר׳ה האָבן די אייניקלעך און אור־אוראייניקלעך פונם רמב״ם פאַרנומען די שטעל פון נגיד איבער די יידישע קהילות אין מצרים און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט תורה, מיט יראה און מיט גוטע מידות.

נאָכן טויט פונם רמב״ם האָט ניט אויפגעהערט די מחלוקת קעגן זיינע ווערק און זיין שיטה, אָבער דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען, ווער דער משה

איז פאַר איִם געווען, און האָט אויסגערופן: „ממשה עד משה לא קם כמשה״— פון משה (רבנו) ביז משה (בן־מיימון) איז נאָך ניט געווען אזא ווי משה (מיימוני).

---

## טז. די גייסטיג־קולטורעלע לאַגע פון די יידן אין מערב־אייראָפּע.

### דער קולטורעלער מצב פון די קריסטן און די יידן.

אין דער צייט ווען אין די מחמדאנישע לענדער האָט אויפגעבליט די קולטור און דערגרייכט צו אַ הויכער מדרגה, איז מערב־אייראָפּע געווען פאַר־זונקען אין עם־הארצות און אין פינסטערע אָבער־גלויבנס. די פילאָסאָפיע, וויסנשאַפט און קונסט פון דער אַלטער וועלט זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר טרֵיף. די גאַנצע בילדונג פון יענער צייט איז געווען בלויז רעליגיע, און דידאָזיגע בילדונג האָבן באַקומען בלויז די, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו זיין גייסטליכע. די פאָלקס־מאַסן זיינען געווען אינגאַנצן פאַרגרעבט.

דערדאָזיגער אַלגעמיינער נידעריגער מצב האָט געווירקט אויך אויפן קולטורעלן צושטאַנד פון די יידן. אויך ביי די יידן אין מערב־אייראָפּע איז די גאַנצע בילדונג געווען רעליגיע. אָבער די יידן זיינען דאָך געשטאַנען אין קולטורעלן זין גאָרניט אין פאַרגלייך העכער פון די קריסטן. ביי זיי איז געווען זעער זעלטן צו געפינען אפילו צווישן פראָסטן המון אַזעלכע, וואָס זאָלן ניט קענען לייענען.

### דער חדר.

אין יעדער יידישער קהילה, אפילו אין דער קלענסטער, איז געווען צוגעבויט צום בית־התפלה אַ ספּעציעלער בנין פאַר אַ קינדער־שול. דידאָזיגע שול פלעגט אויסגעהאַלטן ווערן אויפן חשבון פון קהל. דאָרטן פלעגט דאָס קינד קריגן אַלץ: גוטע לערער, ספרים, וואָס זיינען יעמאָלט געווען זעער טייער, און אין אַנדערע קהילות אויך עסן. יעדער ייד איז געווען מחויב צו שיקן זיין פינף־זעקס־יאָריגן יינגל אין חדר און ביז 13 יאָר פלעגט דאָס קינד לערנען.

עס זיינען אויך געווען פּריוואַטע חדרים, איבעראַהויפּט אין די ערטער, וואו די קהילות זיינען ניט געווען פעסט אָרגאַניזירט, אָדער אין די גאָר־גרויסע קהילות. מיידלעך פלעגט מען לערנען אין שטוב בלויז קענען דאַווענען. ווען

דאָס קינד פלעגט ווערן אַלט 13 יאָר, האָט עס שוין געהאַט אַ סך ידיעות אין תנ"ך און אין די חשובסטע מסכתות פון תלמוד.

ישיבות. די פעאיגערע קינדער פלעגן ממשיך זיין זייער בילדונג אין דער ישיבה.

דאָס רוב פון די גרויסע ישיבות האָבן זיך געפונען אין לאָטאַרינגיע (לותיר), וואו ס'איז געווען דער הויפּט־וועג, דורך וועלכן דער האַנדל איז געגאַנגען צווישן איטאַליע און דייטשלאַנד און צווישן פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אַ דאַנק דעם, וואָס די יידן האָבן דאָרטן געקאָנט לייכטער האָבן פּרנסה, האָבן זיך דאָרטן אין משך פון דער צייט געבילדעט גרויסע יידישע קהילות און גרויסע ישיבות. די ישיבות פלעגן אויסגעהאַלטן ווערן פון אַלע יידישע קהילות. די תלמידים פלעגן באַקומען אַלץ: עסן, דירה, ספרים און אַנדערע הצטרכותן.

די וויגעלע פון תלמוד־שטודיום אין מערב־אייראָפּע איז געווען איטאַליע, שוין אין VIII יר"ה זיינען דאָרטן געווען ישיבות. פון די איטאַליענישע גדולים זיינען באַרימט: די משפחה פון רבנו קלונימוס, אַ ריי גרויסע פּיטנים און באַזונדערס ר' נתן ב"ר יחיאל, דער מחבר פון ערשטן תלמודישן לעקסיקאָן „הֶעָרוּךְ".

אין דער זעלביגער צייט איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַרן תלמוד־שטודיום אויך אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך.

און אין אַ משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט זיינען די ישיבות אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד געקומען צו דער מדרגה, וואָס זיי האָבן לחלוטין זיך געקאָנט אָפּזאָגן פון דער בבלישער העגעמאָניע. זיי האָבן אָנגעהויבן אַליין אַרויסגעבן גרויסע געלערנטע, וואָס האָבן מיט זייער אַווטאָריטעט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויפן מערב־אייראָפּעאישן יידנטום.

רבנו גרשם מאור הגולה (960—1040). דער ערשטער פון די גרויסע געלערנטע אין דייטשלאַנד איז געווען רבנו גרשום בן יהודה, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאור הגולה". אין מאַגענצא (מאַינץ) ביים ריין האָט ער געגרינדעט אַ ישיבה, וואָס איז זייער גיך נתפרסם געוואָרן און האָט צוגעצויגן צו זיך אַ גרויסע צאָל תלמידים פון גערמאַניע, פראַנקרייך און איטאַליע. ר' גרשום האָט דער ערשטער געפּרובט שרייבן אַ פּירוש אויפן תלמוד. דאָס האָט אים שטאַרק פּאָפּולער געמאַכט אומעטום און אַלע רבנים האָבן אים אָנערקענט אַלס אַווטאָריטעט און פלעגן זיך צו אים ווענדן מיט שאלות. פון יעמאָלט אָן הערט אויף כמעט אינגאַנצן די

השפעה פון די גאונים און ישיבות אין בבל אויפן לעבן פון מערב־אייראָפּע־אישן יידנטום.

### די תקנות פון רבנו גרשום

רבנו גרשום איז באַקאַנט ביים יידישן פאָלק דורך זיינע וויכטיגע רעפאָרמען, וואָס גילטן נאָך ביז היינטיגן טאָג אין יידישן לעבן. די וויכטיגסטע פון זיינע רעפאָרמען זיינען פאָלגנדיקע: אַ מאַן טאָר ניט נעמען מער ווי איין ווייב; ער טאָר ניט גטן זיין פרוי בעל כרחה; מ׳טאָר ניט לייענען יענעמס בריוו.

און די וואָס זיינען עובר אויף איינער פון די דאָזיגע תקנות זיינען אין חרם (חרם דרבנו גרשום).

און אַזוי גרויס איז געווען זיין נאָמען ביי די יידן אין מערב־אייראָפּע, אַז גאָר אינגיכן האָבן אַלע אָנגענומען זיינע תקנות, גלייך ווי זיי וואָלטן אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן סנהדרין.

אין דעם יאָר 1040 איז רבנו גרשום געשטאָרבן. אין דעם זעלבן יאָר איז געבאָרן געוואָרן רש״י.

### רש״י (רבי שלמה יצחקי) (1105–1040)

רש״י איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1040 אין דער שטאָט טרואַ (טרויעס) אין צפון־פראַנקרייך. זיין געבאָרן־ווערן און זיין לעבן איז איינגעהילט אין אַ שלייער פון לעגענדעס. זיין פאָטער, ר׳ יצחק, דערציילט אַ פאָלקס־לעגענדע, האָט געלעבט אין גרויס דחקות און נויט. אָבער די אָרימקייט האָט אים ווייניג בעקימערט, ער איז געווען אַ מסתּפּק במועט און פלעגט זיצן יומם ולילה און לערנען. נאָר פון איין זאַך האָט ער געהאַט צער—וואָס ער האָט קיין קינדער ניט. איינמאָל, ווען אין שטוב איז די אָרימקייט געווען זעער גרויס און עס איז שוין ניט געווען אַפילו אויף מזון סעודה אחת, האָט ר׳ יצחק, גייענדיג אין גאַס, געפונען אַ בריליאַנט, גרויס ווי אַ נוס. ר׳ יצחק האָט דעם בריליאַנט אַוועקגעטראָגן צו אַ גאָלדשמיד. דער גאָלדשמיד האָט אים אָפּגעשאַצט אין אַ גרויסער סומע און האָט וועגן דעם געמאָלדן דעם בישאָף, וואָס האָט שוין לאַנג געזוכט אַזאַ בריליאַנט. דער בישאָף האָט פאָרגעלייגט ר׳ יצחקן אַ גרויסע סומע. נאָר ווען ר׳ יצחק האָט זיך דערוואוסט, צו וואָס דער בריליאַנט וועט באַנוצט ווערן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון צו פאַרקויפן אים. האָבן אים די גלחים אַריינגענאַרט אין אַ שיף און אים געשראָקן צו דערטרענקען, אויב ער וועט זיי ניט פאַרקויפן דעם איידל־שטיין. דאַן האָט ר׳ יצחק

אריינגעוואָרפן דעם בריליאַנט אין ים אַריין. איז אַרויס אַ בת־קול און האָט אויסגערופן: „דערפאַר וואָס דו האָסט געהייליגט גאָטס נאָמען, וועט ביי דיר געבאָרן ווערן אַ זון, וואָס וועט שיינען מער ווי אַלע בריליאַנטן, און וועט באַלויכטן די אויגן פון יידישן פאָלק פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן“.

רש״י האָט געלערנט אין די ישיבות פון מאגענצא און ווירמייזע, ער האָט געוואַנדערט איבער פיל שטעט און אומעטום געלערנט תורה.

אין דער צייט פון זיין וואַנדערן, דערציילט די פאָלקס־לעגענדע, האָט זיך רש״י אין איין אָרט צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ קריסטליכן מאָנאַך. זיי האָבן זיך ביידע גוט צוזאַמענגעלעבט. פלעגן אָפט זיך מתוכח זיין איבער רעליגיעזע פראַגן. איינמאָל איז דער מאָנאַך פלוצלינג קראַנק געוואָרן אויף אַ געפערליכער קראַנקהייט. רש״י איז פון זיין בעט ניט אָפּגעטראָטן. ווי אַ געטרייער ברודער האָט ער דעם חולה באַהאַנדלט. ווען דער מאָנאַך איז געזונט געוואָרן, האָט ער רשי״ן געוואָלט געבן אַ גרויסע מתנה פאַר זיין טרחה אַרום אים, אָבער רש״י האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען און דערביי געזאָגט: „ס'איז אמת, אַז אונזערע אמונות זיינען פאַרשיידען איינע פון דער אַנדערער, אָבער אַלס מענטשן זיינען מיר גלייכע. און מיין רעליגיע לערנט מיך צו העלפן יעדערן, וואָס טראָגט דעם נאָמען מענטש. איך בעט ביי דיר נאָר איין זאַך: אויב דו וועסט אַמאָל אָנטרעפן אַ יידן אין אַן אומגליק, העלף אים אַזוי ווי איך האָב דיר געהאָלפן.“

נאָכדעם ווי רש״י האָט געענדיגט דעם שטודיום אין די גרעסטע ישיבות פון זיין צייט, האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אין זיין געבורטס-שטאָט, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ זעער פראָדוקטיוון לעבן. ער האָט געשאַפן פאַר זיין פאָלק אַזוינס, וואָס קאָן ניט געשאַצט און געמאָסטן ווערן.

## רש״ים פירוש.

רשי״ס נאָמען איז באַקאַנט דעם גאַנצן פאָלק פון קליין ביז גרויס. רש״ס נאָמען איז פאַרבונדן מיטן חומש. ווער נאָר עס האָט געלערנט חומש, ווייס זיין נאָמען און דערמאָנט אים מיט ליבשאַפט. ווייל רש״י האָט פאַרמאָגט אַ וואונדערליכן חוש פאַר דער שיינקייט פון תנ״ך און אים איז געלונגען צו מאַכן דעם תנ״ך נאָך אינטערעסאַנטער דערמיט, וואָס ער האָט אין די פסוקים אַריינגעפלאָכטן די שענסטע און צאַרטסטע אגדות און דרשות, וואָס זיינען צעוואָרפן אין דער גאַנצער פיל־דורותדיגער רייכער ליטעראַטור פון אגדות און מדרשים. און אפילו די טרוקענע געזעצן פון תורה זיינען אַ דאַנק רש״י געוואָרן אַ צוגעפאַסטער לערן־מאַטעריאַל פאַר דער פאָלקס־מאַסע און אפילו פאַר קליינע קינדער.

נאָך מער האָט רש״י אַרויסגעוויזן זיינע אויסערגעוויינליכע פּעדאַגאָגישע כשרונות אין זיין פּירוש אויף דער גמרא. עס זיינען שוין געווען פרובן אויף פאַר אים צו קאָמענטירן דעם תּלמוד. אָבער ער האָט ניט זיין גלייכן אַלס קאָמענטאַטאָר ביז היינטיגן טאָג ניט אין דער יידישער און ניט אין דער ניט-יידישער ליטעראַטור. טריט ביי טריט באַלייט ער דעם תּלמוד-לערנער און דערקלערט אים קורץ און קלאָר די שווערסטע און פאַרפּלאָנטערטסטע ערטער.

דער אומגעהייערער גרויסער תּלמוד, וואָס באַהאַנדלט אַלע מיגליכע און אוממיגליכע פראַגן פון הלכה, וויסנשאַפט און געשיכטע און וואָס איז געשריבן אין אַן אייגנאַרטיגער שווערער שפּראַך אָן פּונקטואַציע, אָט די גרויסע יידישע ענציקלאָפּעדיע איז דורך רש״ס קאָמענטאַר, וואָס איז באַוואוסט מיטן נאָמען „פּירוש הקונטרס״, געוואָרן צוטריטליך פאַר אַלעמען, אפילו פאַר גאַנץ יונגע תּלמידים. און מ׳האָט געזאָגט, „אַז ווען ניט רש״י, וואָלט דער תּלמוד בבלי פאַרגעסן געוואָרן ביי יידן״. רש״י האָט דעם תּלמוד איבערגעזעצט און קאָמענטירט שטרענג-לאָגיש, ריין, קלאָר און פּשוט-שיין, האָט געשאַפן אַ נייעם סטיל אין דער העבּרעאישער שפּראַך, דעם „רבּנישן סטיל״.

**דער רַבָּנִישער סטיל.**

די יידן אין די מחמדאַנישע לענדער, וואָס האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעגעבן מיט דער אַראַבּישער ליטעראַטור און מיט וועלטליכע למודים, האָבן געשריבן ס׳רוב אין אַראַבּיש, הן אַלגעמיינע וויסנשאַפטן הן יידישע. בלויז פּאָעזיע האָבן זיי געשריבן אין העבּרעאיש. און פאַר פּאָעזיע איז דער תּנ״ך-לעקסיקאָן געווען פולשטענדיג גענוג. די מערב-אייראָפּעאישע יידן אָבער האָבן געהאַט פאַר זיך בלויז דעם תּלמוד-שטודיום. די פראַנצויזישע און גערמאַנישע שפּראַכן זיינען ניט געווען קיין ליטעראַרישע. לאַטיין איז ביי די יידן געווען פאַררעכנט אַלס גלחות-כּתב. דעריבער האָבן זיי אַלץ געשריבן אין העבּרעאיש, געמישט מיט פיל אויסדריקן פון תּלמוד און פרעמד-ווערטער. אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען דער „ניי-העבּרעאישער״ סטיל — אַ צונויפשמעלצונג פון די סטילן פון תּנ״ך, משנה, מדרשים און אויסדריקן פון גמרא, וואָס האָט געמאַכט די שפּראַך רייך און זאַפטיג. און רש״י האָט פאַרענדיגט די פולשטענדיגע אויספאָרמירונג פונם נייעם העבּרעאיש. ער האָט געשריבן אויך פּיוטים.

**רש״ס לעצטע יאָרן.**

אויף די עלטערע יאָרן האָט רש״י איבער-געלעבט די אֵימוֹת פונם ערשטן צלם-צוג. די רציחות און געוואַלד-שמַדן האָבן אים אויפגעטרייסלט ביזן גרונד. ער האָט

אָנגעשריבן אַ סך סליחות און קינות אויף די הרוגים פון ווירמייזאַ און מאַגענצאַ.

רש״ס נאָמען איז געווען באַרימט ניט בלויז אין דער גאַנצער יידישער וועלט, נאָר אויך צווישן קריסטן. אַ פאָלקס־לעגענדע דערציילט, אַז דער פירער פון די פראַנצויזישע צלם־פאָרער גאָטפריד פון בולאָן, וואָס האָט געהערט פון רש״ס גרויסער חכמה, האָט פאַרן לאָזן זיך אין צוג קיין מזרח געפרעגט ביי אים וועגן דעם אויסגאַנג פון דער געפּלאַנעוועטער אונטערנעמונג און האָט באַקומען פון אים אַ קורצן ענטפער: „דו וועסט איינגעמען די הייליגע שטאָט, וועסט דאָרטן רעגירן דריי טעג (לויט אַן אַנדער נוסח: דריי יאָר) און אויפן פערטן וועלן דיך די מוסולמענער אַרויסטרייבן פון דאָרטן — און דו וועסט זיך אומקערן צוריק אַהיים בלויז מיט דריי פערד“. און אַזוי איז, לויט דער לעגענדע, טאַקע געשעען.

רש״י איז געשטאָרבן ד״א תתס״ה (1105) צו 65 יאָר, ניט באַוויזנדיג צו פאַרענדיגן זיין לעבנס־ווערק — דעם פירוש אויף גאַנץ ש״ס. ער האָט איבער־געלאָזן נאָך זיך אַ סך תלמידים, וואָס האָבן ממשיך געווען זיין אַרבעט.

רש״י האָט ניט געהאַט קיין זין, נאָר דריי טעכטער, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט תלמידי חכמים און געהאַט זין, וואָס זיינען שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי גדולי התורה אין דער גאַנצער יידישער וועלט.

## די בַּעֲלֵי־הַתּוֹסָפוֹת.

זינט די צייטן פון רבנו גרשום מאור הגולה האָט אויפגעלעבט די יידיש־גייסטיגע טעטיקייט אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד. מעץ, טרואַ, ווירמייזאַ (וואָרמס), מאַגעצאַ (מאַינץ) און אַשפּירא (שפּייער) זיינען געוואָרן גרויסע מקומות־תורה. די „חכמי לותיר“ (געלערנטע פון לאָטאַרינגיע) זיינען באַרימט געוואָרן ווייט און ברייט. באַזונ־דערס אָבער האָבן די דאָזיגע אַקאַדעמיעס פאַר תלמודישער וויסנשאַפט זיך פונאַנדערגעבליט זינט דער גלענצנדיגער טעטיקייט פון רש״י. די גייסטיגע באַ־וועגונג צווישן די פראַנצויזיש־דייטשע יידן האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו אין די שרעקליכסטע צייטן פון XII יר״ה. די אימות און עינויים האָבן ניט געקענט דערשטיקן אין פאָלק די גייסטיגע טעטיקייט, וואָס איז, לויט רבי עקיבאס אויסדרוק, לעבנס־נויטווענדיג פאַר יי״ראל, ווי וואַסער פאַר פיש. וועלטליכע וויסנשאַפטן, פילאָסאָפיע און פרייע פּאָעזיע, וואָס די שפּאַנישע יידן האָבן זיך מיט זיי אַזוי ענערגיש באַשעפטיגט, זיינען געווען לגמרי פרעמד זייערע ברידער אין מיטל־אייראָפּע. אין ס׳רוב קריסטליכע לענדער האָט אין

יעמאָלטיגן יידישן לעבן געהערשט אַ שטרעבונג צו אָפּזונדערונג און איינשליסונג אין זיך. דאָס האָט געהייסן פאַרשליסן זיך אין די רעליגיעזע אינטערעסן און אין דער אייגענער ווויסנשאַפט. אין פראַנקרייך איז אויפגעקומען אַ שול, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע אַריינצודרינגען אין אַלע דינקייטן פון דער תּלמודישער געזעצגעבונג, אויסצושטודירן זי ביז די קלענסטע פּרטים. מ'האָט דאָ געהאַט אין זינען ניט בלויז אַרויסצודרינגען פון תּלמוד און פון דער ליטעראַטור פון די גאונים כּל המינים ניט פאָראויסגעזעענע דינים, נאָר אויך צו שאַרפן דעם שׂכל מיט דינסטער דיאַלעקטיק און צוגעוויינען אים צו פאַרענטפערן אַלערהאַנט לאָגישע סתּירות און יורידישע שטרייט־פּונקטן. ס'האָט זיך איבערגעחזרט דער זעלביגער פּראָצעס, ווי אין די צייטן פון די אמוראים אין די אַקאַדעמיעס פון בבל. ס'האָט אויפגעלעבט דער מעטאָד פון „פּלפּול". די דאָזיגע אומציילבאַרע יורידישע חקירות, באַטראַכטונגען און דערקלערונגען צו רש"יס „פּירוש הקונטרס" האָבן זיך גערופן „תּוֹסָפוֹת" (הוספות) און זייערע מחברים—„בַּעֲלֵי־תּוספות".

די צאָל בעלי־התּוספות איז דערגאַנגען ביז הונדערט פופציק — רש"יס איידימס, אייניקלעך און זייערע תּלמידים. די באַרימטסטע צווישן זיי זיינען געווען רש"יס איידימס: ר' מאיר בן שמואל פון ראַמערו (ביי טרואַ) און ר' יהודה בן נתן (הריב"ן), און רש"יס אייניקלעך: ר' יצחק בן מאיר (הר"י הזקן), ר' שמואל בן מאיר (רשב"ם) און ר' יעקב בן מאיר (רבנו תּם), אויך ר' יצחק בן אשר פון שפּייער (ריב"א).

אַ גרויסע השפּעה האָט געהאַט ר' יהודה החסיד פון רעגענשבורג, דער מחבר פון „ספר החסידים", וואָס אַנטהאַלט מאָראַלישע געדאַנקען און פאַרשיידענע ספּורי־מעשׂיות, וועלכע זיינען מעורר צו אמונה און יראת שמים.

באַזונדערס טעטיג איז געווען רבנו תּם, וואָס איז אויף אַ וואונדערליכן אופן ניצל געוואָרן פון טויט אין די צייטן פון די צלם־צוגן. ער האָט אין ראַמערו געגרינדעט אַ ישיבה, פונוואַנען ס'זיינען אַרויס גרויסע רבנים און דיינים פאַר גאַנץ תּפוצות הגולה. רבנו תּם האָט מחבר געווען פּירושים און חקירות אויף מאַמרי חז"ל, און זיין „ספר הישר", אַ דערגאַנצונג צו זיין זיידעס רש"יס פּירוש, איז זייער פאַרשפּרייט געוואָרן. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גדול הדור און אָפט פלעגט ער צונויפרופן צוזאַמענפאָרן פון רבנים אויף איינצושטעלן אַן איינהייטליכע אָרדענונג פון די יידישע קהילות, צו נאָרמירן און צופּאַסן דאָס תּלמודישע רעכט צו די געענדערטע באַדינגונגען פון יידישן לעבן אין מערבֿ־אייראָפּע און צו באַטראַכטן און אָננעמען אויסערגעוויינליכע

מיטלען פון אונטערהאַלטן דעם קיום פון פאָלק אין דער אומרואיגער תקופה פון די צלם־צוגן.

די פאַרשטאַרקונג פון גייסט.

די קאָלאָסאַלע אַרבעט פון די גאונים פון יידישן גייסט אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך אין XI און XII יר"ה האָט געבראַכט גראַנדיעזע פרוכט. ס'זיינען דערצויגן געוואָרן גאַנצע יידיש־קולטורעלע דורות. די יידן זיינען געשטאַנען אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה פון קולטור אין פאַרגלייך מיט דער אָרטיגער ניט־יידישער באַפעלקערונג,—האָט דאָס איינגעפלאַנצט אין זיי שטאָלץ און אַכטונג צו זיך און צו דער אייגענער אמונה. עס זיינען אויפגעשטאַנען דורות פון גייסטיגע גבורים, וואָס זייער גלויבן, זייערע איבערצייגונגען און די פרייהייט פון זייער געוויסן זיינען ביי זיי טייערער געווען ווי זייער לעבן. סיי געלערנטע סיי ניט געלערנטע, פרויען און קינדער, גאַנצע קהילות האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר די אידעאַלן, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר אמת און הייליג.

---

## יז. די צלם־צוגן און מאַסן־קידוש־השם.

די באַציאונגען צווישן די יידן און די קריסטן.

די יידן האָבן מיט זייער ווייט און ברייט פאַרצווייגטן אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל דערלאַנגט אַ גרויסן שטויס דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין מיטל־ און דרום־אייראָפּע: ס'זיינען אויפגעקומען אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע שטעט מיט גוט אָרגאַניזירטע קריסטליכע צעכן, גילדיעס און קאָמונעס, וואָס האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז באַפרייען זיך פון דער סוחרישער אַפּוטרופּסות פון די יידן. אַ פריער די איטאַליענער און נאָכדעם אויך די פראַנצויזן און דייטשן האָבן אינדוסטריעל און קאָמערציעל זיך געשטעלט אויף די אייגענע פיס און האָבן שוין מער ניט גענייטיגט זיך אין די יידן. שוין אין XI יר"ה האָבן זיך אָנגעהויבן באַגרעניצונגען פון די יידישע רעכט. די פאַרשטאַרקונג פונם פּעאָדאַליזם פון איין זייט און דער אַלץ גרעסערער נצחון פון די קירכן־שררות איבער די וועלטליכע הערשער פון דער אַנדער זייט האָבן גורם געווען, אַז די יידן זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון אונטערן שוץ פון קיניג און זיינען אַרונטער אונטערן שוץ פון די פּעאָדאַלע שררות. איז דער מצב פון די יידן געוואָרן אַלץ מער אומזיכער. דאָך זיינען די באַציאונגען פון

די קריסטליכע מאַסן צו די יידן ביזן סוף XI יר״ה נאָך אַלץ געווען דער־טרעגליכע, ניט געקוקט אייף דער אומאויפהערליכער אַנטי־יידישער אַגיטאַציע.

די זוימען פון שנאה, וואָס זיינען דורך דער קירך געזייט געוואָרן אין די הערצער פון די קריסטן קעגן די יידן אין אַ משך פון דורות, האָבן אָבער סוף כל סוף געבראַכט די דערוואַרטע פרוכט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גוטע באַציאונגען, וואָס האָבן געהערשט צווישן די יידן מיט זייערע שכנים, זיינען מער ניט געווען ווי לפנים. אין דער־אמתן האָבן זיי די יידן פיינט געהאַט: זיי האָבן געזעען אין דעם יידן אַ געבילדעטן מענטשן, אַ פעאיגן מענטשן, און זיי האָבן אים מקנא געווען. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז דער ייד קוקט אויף זיי מיט פאַראַכטונג, און זיי האָבן ניט פאַרגונען די יידן זייער מאַטעריעלן וואוילשטאַנד. נאָר כל־זמן עס איז געווען שלום ושלוה, האָט זיך די קנאה און שנאה ניט אַרויס־געוויזן אַזוי בולט. רדיפות אויף יידן זיינען פאָרגעקומען ניט צו אָפט. אָבער ווי נאָר די רו איז געשטערט געוואָרן, ווי עס איז נאָר געקומען די ערשטע געלעגנהייט, האָט זיך די שנאה פלוצלינג אויסגעגאָסן אין אַזאַ מוראדיגער פאָרם, וואָס קיינער האָט דאָס ניט געקאָנט פאָראויסזען.

## דער ערשטער צלם־צוג.

אין יאָר 1095 איז אין קלערמאָנט (פראַנקרייך) אויף דער פאַרזאַמלונג פון גרויסע גייסטליכע און שרים פראָקלאַמירט געוואָרן דורך דעם פויבסט אורבאַן II אַ צלם־צוג קעגן די מוסולמענער, וואָס האָבן פאַרנומען פאַלעסטינע, געררוקט זיך אויף דער ביזאַנטישער אימפעריע און געוואָרפן אַ שרעק אויך אויף רוים. עס איז געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג פון גיין אָפנעמען ביי די אומגלויביגע (מוסולמענער) „דאָס הייליגע לאַנד״, וואו עס געפינט זיך דער קבר פון ישו הנוצרי. דעם דאָזיגן לאָזונג האָט מען גיך פאַרשפרייט צווישן די קריסט־ליכע מאַסן און אינם נאָמען פון פויבסט האָט מען אַלע אָנטיילנעמער אין דעם צוג פאַרזיכערט עולם הבא און אויך עולם הזה. די פויערים האָט מען צוגעזאָגט באַפרייאונג פון לייב־אייגנטום, פון צאָלן חובות און שטייערן; די ריטער האָבן געהאָפט אַרויסצעווייזן דאָרטן זייערע גבורות און זיך גוט איינצו־אָרדענען, און אַלעמען צוזאַמען איז צוגעזאָגט געוואָרן אַ פולשטענדיגע מחילה אויף אַלע זינד.

איידער די גייסטליכע און די שרים האָבן באַוויזן צו אָרגאַניזירן דעם צלם־צוג, האָבן זיך שוין אין פאַרשיידענע ערטער געבילדעט מחנות פון גלויביגע.

וואָס האָבן באמת געמיינט זיך מוסר נפש צו זיין פאַר דעם „הייליגן קבר“, און פון אַ המון פשוטע בעטלער און אוואַנטיוריסטן מיט די ערגסטע פאַרברעכערישע נטיות. פון אָנהויב האָבן זיך די דאָזיגע מחנות צוזאַמענגעקליבן אין פראַנקרייך. זיכער, אַז אַלע זייערע זינד וועלן פאַרגעבן ווערן, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף דער באַפעלקערונג פון די שטעט, דורך וועלכע זיי פלעגן דורכגיין, און ראַבירט. זיי האָבן לכתחילה ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן קריסטן און יידן; וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזן, האָבן זיי ראַבירט. דאָך איז די גייסטליכע און די שרים באַלד געלונגען איינצוהאַלטן צייטווייליג די ווילדע חיהשע אינסטינקטן פון די מיוחסים, די צלם-פאָרער. די יידן ווידער האָבן זיך אויסגעקויפט מיט געלט און מיט דעם, וואָס זיי האָבן די צלם-פאָרער באַזאָרגט מיט פראָוויאַנט. אויף אַזאַ אופן איז אין אָנהויב יאָר 1096 אין די שטעט פון פראַנקרייך אַריבער בכלל אָן בלוטפאַרגיסונג.

אַנדערש אָבער איז געווען, ווען די דאָזיגע מחנות זיינען געקומען קיין גערמאַניע, אין די שטעט פון לאָטאַרינגיע און אין די ריין-שטעט. דאָרטן האָבן זיי געפונען „אַ פאַסיגן באָדן“ פאַר זייער אַרבעט. אין גערמאַניע איז די מאַכט פון קיסר געווען ניט פעסט. ס'רוב איז די מאַכט געווען אין די הענט פון די גרויסע שררות און בישאָפן. דער קיסר היינריך IV, וואָס איז געווען גוט צו די יידן, איז דאַן געווען אין איטאַליע. בכן איז דער גורל פון די יידן אינגאַנצן געלעגן אין די הענט פון די פעאָדאַלע און קירכליכע שררות. און די בישאָפן און די גרויסע שררות האָבן זיך ווייניג אָדער גאָרניט באַמיט צו שיצן די יידן. בלויז אין איינציגע ערטער האָבן זיי ערנסט געפרובט זיך איינשטעלן פאַר זיי און עס איז זיי טיילווייז געלונגען צו ראַטעווען גאַנצע קהילות פון אונטערגאַנג. די קריסטליכע שטאָטישע באַפעלקערונג האָט ס'רוב געשטיצט די צלם-פאָרער אין זייער „הייליגער“ אַרבעט פון פאַרטיליגן די אומגלויביגע יידן. אַנדערע האָבן געהאָלפן רויבן און מאָרדן, אַנדערע, „איידעלערע“, האָבן זיך געמאַכט ניט זעענדיג, נאָר מיט די אָנגערויבטע יידישע פאַרמעגנס האָבן זיי זיך אויך געטיילט. יידן האָבן ביי זייערע שכנים אָפט באַהאַלטן זייערע זאַכן און געלט, ווען זיי האָבן געזעען דעם אומגליק נאָענט. לאחר המעשה זיינען אָבער די פקדונות פאַרבליבן ביי די דאָזיגע שכנים, וואָס האָבן אפילו ניט געפונען פאַר נייטיג מקבר צו זיין די יידישע הרוגים בכבוד. מ'האָט אַראָפּגעצויגן די קליידער פון די יידישע טויטע קערפּערס און זיי מקבר געווען נאַקעטע.

## מאַסן־קידוש־השם.

באַזונדערס מוראדיג איז געווען אין פרילינג ד"א תתנ"ו (1096) דער חורבן אין די יידישע קהילות צווישן די טייכן מאָזעל און ריין. די צלם־פאָרער האָבן אומעטום גע־צוואונגען די יידן, זייערע „נאָענטסטע שונאים", צום שמד. דער ווייט גרעסטער רוב יידן זיינען בייגעשטאַנען דעם נסיון און זיך ניט געשמדט. מחמת מורא, טאָמער וועלן זיי ניט קענען ביישטיין דעם נסיון, ווען מען וועט זיי אָנהייבן צו פייניגן, זיינען די יידן אין אַ סך קהילות באַגאַנגען מאסן־זעלבסטמאָרדן. די מענער האָבן זייערע פרויען און קינדער געקוילעט, כּדי זיי זאָלן ניט אריינפאַלן אין די הענט פון די צעיושעטע „אידעאַליסטן".

גרויס זיינען געווען די הריגות און געוואַלט־מעשים פון די צלם־פאָרער אין מעץ און שפּייער, אָבער פירכטערליך איז געווען דער גורל פון ווירמייזא (וואָרמס). הונדערטער יידן זיינען פאַרפּייניגט געוואָרן מיט שווערסטע עינויים און זיינען געשטאָרבן מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן. מאַסן יידן האָבן זיך אליין גענומען דאָס לעבן און דערבּאַרימדיגע צאַרטע מוטערס האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געשוחטן זייערע קליינע קינדער, אויס מורא, מ'זאָל זיי ניט אָפּשמדן. די צלם־פאָרער האָבן חרוב געמאַכט די יידישע הייזער אין ווירמייזא, ראַבירט זייער האָב און גוטס, מטמא געווען די בתּי־כּנסיות און געטראָטן די ספרי־תּורות אין די גאַסן (כ"ג אייר). אַ טייל יידן האָבן זיך באַהאַלטן ביים בישאָף אַלערבראַנדוס. ער האָט זיי אָבער ניט באַשיצט און בלויז געפּרובט זיי אַיינריידן צו שמדן זיך. די אומגליקליכע האָבן דערזען, אַז זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ, און האָבן געבעטן ביים בישאָף צייט אויף צו באַראַטן זיך. אַרום אַלערבראַנדס פּאַלאַץ האָט געוואַרט אַ מחנה צלם־פאָרער, גרייט צו פירן די יידן צו דער טבילה אָדער צום טויט. אַז דער טערמין איז פאַרביי, האָט דער בישאָף געעפנט די טירן פון זייער מקום־מקלט און ער מיט זיינע לייט האָבן דערזען אַ שוידערליך בילד: אַלע אַנטרונענע יידן, פון גרויס ביז קליין, זיינען געלעגן אין אַן אָזערע בלוט. זיי האָבן בעסער אויסדערוויילט דעם טויט איידער צו ווערן בוגדים אין זייער גלויבן. די דאָזיגע מסירות־נפש האָט אויפגערייצט דעם צעווילדעטן המון: ער האָט דאַן געשענדעט די טויטע קערפּערס פון די קדושים, געשלעפּט, געוואָרפן און געטראָטן זיי אין די גאַסן, און פון די נאָך לעבן געבליבענע יידן פון דער שטאָט גענומען אַ גרויזאַמע נקמה (א' סיון).

איינער אַ יינגל, שמחה כּהן, וואָס די מערדער האָבן דערהרגעט זיין פאָטער און זיינע זיבן בּרידער, האָט באַשלאָסן נקמה צו נעמען פאַר דער אומגעקוי־מענער פאַמיליע: בשעת מ'האָט אים געשלעפּט צו דער טבילה, האָט ער פון

אונטער די קליידער אַרויסגענומען אַ מעסער און דערשטאָכן דעם בישאָפּס אַ פּלימעניק. דאַן האָט דער אויפגעבראַכטער המון צעריסן שמחהן אויף שטי-קער. די יידן פון ווירמייזא זיינען געוואָרן אַ מוסטער פון מסירת-נפש פאַר זייער פאָלק און תורה. בלויז אַ קליינע צאָל יחידים איז געטויפט געוואָרן איבערגוואַלד, אָבער נאָכדעם האָבן זיי זיך אויך אומגעקערט צוריק צו זייער פאָלק און זיינען אויך אומגעקומען על קידוש השם. נאָכן אַוועקגיין פון די צלם-פאָרער זיינען די קערפּערס פון די קדושים געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל. זייער צאָל איז געווען קרוב אַכט הונדערט.

אַן אַנדער באַנדע צלם-פאָרער, אונטער דער אָנפירונג פון גראַף עמיכאָ-עמעריך האָט זיך דערנעטערט צו מאַגענצאָ (מאַינץ). די יידן האָבן זיך געווענדט צום מאַינצער אַרכיבישאָף ראָטהאַרד נאָך הילף. דער אַרכיבישאָף און דער בורג-גראַף האָבן פון די יידן באַקומען אַ גרויסע סומע געלט און געלאָזן זיי באַהאַלטן זיך אין זייערע פּאַלאַצן און צוגעזאָגט שוץ. ווען עמיכאָ איז צוגעקומען צו די טויערן פון מאַינץ, האָט ער זיי געפונען געשלאָסן. נאָר אין צוויי טעג אַרום האָבן די שטאָטישע איינוואוינער געעפנט פאַר די צלם-פאָרער די טויערן, און די באַנדעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט. די יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שלאָס פון אַרכיבישאָף, האָבן אונטער דער אָנפירונג פון פּרנס-הקהל ר׳ קלונימוס בן משולם זיך גענומען צום געווער. זיי האָבן גערעכנט, אַז די שומרים פון שלאָס וועלן זיי העלפן פאַרטיידיגן זיך. נאָר זיי האָבן אַ טעות געהאַט. דער אַרכיבישאָף מיט די שומרים זיינען זיך צעלאָפן און איבערגעלאָזט די יידן אין רשות פון דער באַנדע. ווען די אומגליק-ליכע האָבן זיך איבערצייגט, אַז עס איז אוממיגליך צו געבן אַ ווידערשטאַנד, האָבן אַ טייל זיך אַליין גענומען דאָס לעבן און די איבעריגע זיינען געטויט געוואָרן דורך די צלם-פאָרער. אין איין באַפעסטיגטן טייל פון פּאַלאַץ האָט זיך אַ הייפל יידן פאַרטיידיגט אַ גאַנצן טאָג, און ווען זיי האָבן שוין מער קיין כוחות ניט געהאַט, האָבן זיי זיך גענומען דאָס לעבן. בלויז ר׳ קלונימוסן און נאָך פופציג יידן איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן אין דער קאַסע-שטוב פון דער קירך. דערנאָך האָט זיך עמיכאָס באַנדע געלאָזט גיין צום בורג-גראַפס הויף און אויסגעהרגעט די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. איינער פון די ראשי הקהל, מר יצחק, מיט צוויי טעכטער און אַ געוויסער אורי האָבן זיך, אויס מורא פאַרן טויט, געלאָזט שמדן. גאָר באַלד האָט זיי אָנגעהויבן פּייניגן די חרטה און זיי האָבן זיך גענומען דאָס לעבן. יצחק האָט אין טאָג פון ערב שבועות געקוילעט פריער זיינע טעכטער און אונטערגעצונדן זיין הויז,

דערנאָך האָט ער און אורי זיך אַליין פאַרברענט אין שול. ביי דער דאָזיגער שריפה האָט אָפּגעברענט אַ באַדייטנדיגער טייל פון מאַינץ.

די זעלביגע בילדער, וואָס אין וואָרמס און מאַינץ, האָבן זיך איבערגעחזרט אין נייס, וועפלינגהאָפען, קסאַנטען, מערס, קערפען, טריר און אַ סך אַנדערע גרויסע און קליינע שטעט. פון די ברעגן פון ריין און מאָזעל האָבן די באַנדעס צלם-פאָרער זיך צעשפּרייט וויט ביז צו די ברעגן פון דונאַי.

אין בעהמען זיינען זיי געקומען צו דער צייט, ווען דער פירשט וראַטיסלאַוו איז געווען פאַרנומען אין אַ מלחמה מיט פוילן. די יידן אין פּראָג און אין אַנדערע שטעט האָט מען איבערגוואַלד געשמדט, און די וואָס האָבן ניט געוואָלט, האָט מען געטויט. בלויז אין איין שטאָט האָבן די יידן געגעבן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד און פאַרטריבן די צלם-פאָרער.

אַז היינריך IV האָט זיך צוריקגעקערט פון איטאַליע, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז אַלע אַנוסים מעגן זיך אומקערן צו זייער גלויבן. און ער האָט אויך באַשטראָפט אַ סך שולדיגע אין די רציחות און גזלות, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען קעגן די יידן.

דער שוידערליכער מאַרטיראָלאָג פון אָט דער צייט איז גענוי באַשריבן אין ספר „גזירות תתנ״ו״ פונם יעמאָלטיגן כראָניקער ר׳ אליעזר בן נתן (ראב״ן).

**דער צווייטער צלם-צוג.**

מחמת די נצחונות פון די סירישע מוסולמענער איז די ירושלימער מלוכה, וואָס די צלם-פאָרער האָבן געגרינדעט, געשטאַנען אין סכנה. און אין יאָר 1146 איז דורך דעם פּויבסט אויגעניוס III פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ צווייטער צלם-צוג קעגן די מוסולמענער. אַ דאַנק דעם, וואָס די אָנפירער פון דעם דאָזיגן צלם-צוג זיינען געווען די מלכים פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט, די יידישע קהילות זאָלן ניט חרוב ווערן, כדי די מלוכה-קאַסע זאָל קיין היזק ניט האָבן, — איז דאָס מאָל דער חורבן פון די יידישע קהילות געווען ניט אַזוי גרויס. אויך די יידן גופא, זייענדיג שוין גוט אָנגעלערנט דורך דער דערפאַרונג פון יאָר 1096, האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו געפינען שוץ ביי די פעאָדאַלע פירשטן און בישאָפן. פאַר גרויסע געלט-סומען האָבן די פירשטן אָפּגעגעבן די יידן זייערע באַפעסטיגטע שלעסער. דער קיסר קאָנראַד III גופא האָט זיינע אייגענע שטעט אָפּגעגעבן די יידן זיך דאָרטן צו באַהאַלטן. דאָך איז ניט געלונגען אינגאַנצן צו שיצן די יידן.

אַ גאַנצע ריי אַגיטאַטאָרן פאָרן צלם־צוג האָבן גלייכצייטיג אַגיטירט צו פאַרטיליגן אויך די יידן. די פינסטערע מאַסע האָט נעפאָלגט די דאָזיגע אַגיטאַטאָרן און ביי יעדער מיגליכקייט האָבן זיי פּאָגראָמירט די יידן, דערמאָרדעט און געצוואונגען צום שמד. אַזוי זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידישע קהילות אין פראַנקרייך און אין גערמאַניע.

אין יאָר 1147, ווען די צלם־פאָרער האָבן פאַרלאָזן איירופּע, האָבן די יידן פרייער אָפּגעאָטעמט. די איבערגוואַלד־געשמדטע האָבן זיך אומגעקערט צוריק צום יידישן גלויבן.

די אימות פונם צווייטן צלם־צוג האָט באַשריבן דער פּייטן ר׳ אפרים פון באָנאַ.

**דער דריטער צלם־צוג.**

אין יאָר 1187 האָט דער סיריש־מצרישער סולטאַן סאלאדין אָפּגענומען ביי די קריסטן ירושלים. דאַן איז דערקלערט געוואָרן אַ דריטער צלם־צוג.

דער דריטער צלם־צוג איז שוין געווען בעסער אָרגאַניזירט. אויך האָט ער ניט אַרויסגערופן קיין מאַסן־באַוועגונג אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך. דאָס מאָל האָבן געליטן בלויז די יידן אין ענגלאַנד.

**די יידן אין ענגלאַנד.**

די יידן זיינען געקומען אין אַ גרויסער צאָל קיין ענגלאַנד אין מיטן XI יר״ה, זינט די נאָרמאַנען האָבן איינגענומען דאָס לאַנד. פריער זיינען זיי געקומען צופעליג און אין אַ קליינער צאָל. עס האָבן זיך געבילדעט יידישע קהילות אין לאָנדאָן, אָקספאָרד, סטעמפאָרד, יאָרק און לינקאָלן. געקומען זייגען זיי פון פראַנקרייך. זיי האָבן זיך גערעכנט אַלס אַ קאָלאָניע פון די פראַנצויזישע יידן און האָבן זיך געפונען אין שטענדיגע פאַרבינדונגען מיט זיי. די יידן האָבן געקראָגן שוץ פון די ערשטע נאָרמאַנישע מלכים, באַזונדערס פון קיניג ווילהעלם II דעם רויטן (XII יר״ה). אַ דאַנק די כאַרטיעס, וואָס זיי האָבן באַקומען אין XII יר״ה, האָבן זיי געהאַט די מיגליכקייט זיך צו אַנטוויקלען. דער אינער־ליכער און דער אויסערליכער מסחר איז געווען קאָנצענטרירט אין די יידישע הענט. די יידן האָבן אָנגעקניפּט האַנדלס־באַציאונגען מיט אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט: באַראָנען, בירגער, גייסטליכע און וועלטליכע. געהאַנדלט האָבן זיי מיט אַלץ, באַזונדערס מיט וויין. דער־עיקר אָבער האָט זיך ביי זיי אַנט־וויקלט דער געלט־מסחר, קרעדיט־אָפּעראַציעס. אין אַ קורצער צייט זיינען די יידן אין ענגלאַנד רייך געוואָרן. די רייכע פינאַנסיסטן און באַנקירן האָבן

נעוואוינט אין שלעסער, פּאַלאַצן. צו אַנדערע אין די הענט זיינען אַריינגעפאַלן אַלס משכנות גרויסע נחלאות.

ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס די יידן האָבן מיט קיין שיכט פון דער באַפעלקערונג ניט קאָנקורירט, האָט מען זיך צו זיי באַצויגן מיט קנאה.

די יידישע קהילות האָבן געהאַט אַ אינעווייניגסטע זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַן אייגענעם בית־דין. אָבער זיי האָבן פאַר דעם געדאַרפט צאָלן אומגעהייערע שטייערן. די מלכים האָבן געקוקט אויף דעם יידישן קאַפּיטאַל ווי אויף זייער פּערזענליכן אייגנס. בשעת די מלכים פלעגן זיך נייטיגן אין געלט, פלעגן זיי נעמען ביי יידן געלט אין דער פאָרם פון שטייערן און הלוואות אויף ניט אָפּצוצאָלן.

די קירך האָט זיך באַצויגן צו די יידן מיט אומטאָלעראַנץ און אַנדערע גלחים פלעגן אַגיטירן קעגן זיי.

ווען אין ענגלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן די הכנות צום דריטן צלם־צוג, אין וועלכן ס׳האָט אָנטייל גענומען אויך דער ענגלישער קיניג ריטשאַרד I לייבנהאַרץ, האָט זיך גלייכצייטיג אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן די אַגיטאַציע קעגן די יידן. און אין טאָג פון דער קרוינונג פון ריטשאַרד I (3 סעפּטעמבער 1189) איז ניט צוגעלאָזן געוואָרן די יידישע דעפּוטאַציע, וואָס איז געקומען באַגריסן דעם קיניג. דאַן האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער קיניג ערלויבט שלאָגן די יידן, און עס איז אויסגעבראָכן אַ שרעקליכער פּאָגראָם אויף דער לאָנדאָנער יידישער באַפעלקערונג.

דער קיניג איז געווען אויפגעבראַכט אויף די רציחות, גזלות און שרפות, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָפּגעטאָן אונטער דער מאַסקע פון רעליגיעזע מאָטי ן, נאָר ער האָט ניט געקאָנט העלפן, ווייל די צאָל פון די צלם־פאָרער איז געווען זעער גרויס. און ווען ריטשאַרד איז אַוועק קיין אָריענט, בראש פון די צלם־פאָרער, האָט אויסגעבראָכן אַ כוואַליע פּאָגראָמען כמעט אין אַלע יידישע קהילות. דאָס זעלבע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד בעת דעם ערשטן צלם־צוג, איז איצטער געשען אין ענגלאַנד. מען האָט ראַבירט, גע־מאָרדעט און פאַרפייניגט די יידן, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט שמדן. די ענגלישע יידן האָבן אַרויסגעוויזן די זעלביגע מסירת נפש פאַר זייערע אידעאַלן ווי די דייטשע יידן. זיי האָבן אויסגעקליבן בעסער אַ בכבודיגן טויט איידער אַ לעבן פון חרפה, פון זיך־פאַרלייקענען. אַ סך זיינען באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, אָדער געשוחטן זייערע קינדער און פרויען, כדי ניט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די פייניגער.

די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען געבליבן אומבאַשטראָפט אויך ווען ריטשאַרד האָט זיך צוריקגעקערט קיין ענגלאַנד.

---

## יח. די רעזולטאַטן פון די צלם־צוגן.

**די סאָציאַלע לאַגע.** די מוראדיגע טראַגעדיעס, וואָס די יידן אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן איבערגעלעבט אין דער צייט פון די צלם־צוגן, האָבן געצוואונגען די יידן זיך מער איינצושליסן אין דער אייגענער נאַציאָנאַלער ספערע, זיך אינגאַנצן אָפּצוזונדערן פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג. ווען פריער האָבן זיך געפונען יידן אויך אין די קריסטן־באַוואוינטע קוואַרטאַלן אין די שטעט, האָט איצט, נאָך די צלם־צוגן, דאָס שוין ניט געקאָנט פאָרקומען. די יידן האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף זייערע שכנים מיט שרעק, און זיי האָבן זיך צוזאַמענגעפרעסט אין זייער קוואַרטאַל, וואו זיי האָבן געהאַט אַלע זייערע מוסדות. און עס זיינען אויפגעשטאַנען נייע דורות, ווען יידן און קריסטן זיינען געווען צ יי באַזונדערע וועלטן, וואָס האָבן ניט געקאָנט אייננע די אַנדערע, און דאָס ה ט געשאַפן דעם באַזיס פאַר דער רשעותדיגער אַגיטאַציע פון די שונאי ישראל: זיי האָבן איצט געקאָנט אויסטראַכטן אויף די יידן די שרעקליכסטע באַשולדיגונגען. דער רעליגיעזער ליידנשאַפטליכער פאַנאַטיזם, וואָס די צלם־צוגן האָבן ארויסגערופן ביי גאַנצע שיכטן פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג, האָט זיך נאָך ניט אָפּגעקילט. נאָך זיינען געווען די געמיטער אויפגערעגט און די מוחות פעאיג צו גלויבן די ווילדסטע קלאַנגען, וואָס פלעגן ארויסגעלאָזן ווערן קעגן די יידן.

**דער ערשטער עלילת־דם.** די מענטשן, וואָס האָבן זיך אַליין געבאָדן אין טייכן מענטשן־בלוט, האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן המון אַ שרעקליכן בלבול, אַז יידן געברויכן קריסטליך בלוט אויף מצה. די היידענישע רוים האָט בשעתּו באַשולדיגט די ערשטע קריסטן, אַז זיי שֶחטן קליינע געצנדינערישע קינדער צו ריטועלע צוועקן, וואָס עס האָט אָפּגעקאָסט די קריסטן אומגעהייערע קרבנות, און איצט האָבן קריסטן אָנגעווענדט דיזעלביגע באַשולדיגונג גראָד קעגן דעם פאָלק, וואָס אים איז דורך זיין תּורה שטרענגער פון אַלץ פאַרבאָטן רציחה, ווי אויך דער געברויך פון בלוט בכלל און פון מענטשן־בלוט בפרט. פּסח ווידער איז דווקא אַרומגעי־

רינגלט מיט די האַרבסטע דינים פון ריינקייט, און בלוט איז מטמא לכל הדעות. און ניט געקוקט אַפילו דערויף, וואָס זיי האַלטן די כתבי הקודש פאַרן יסוד פון קריסטנטום, האָבן זיי געשענדעט די תורה מיט דער באַשולדיגונג, אַז זי לערנט די יידן רציחה, אַ באַשולדיגונג, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דעם יידישן פאָלק אָן אַ שיעור קרבנות און טייכן בלוט. דאָס האָבן אָבער די באַשולדיגער געטאָן, כדי צו פאַרדעקן די אייגענע אוממענטשליכסטע פאַרברעכנס און צו פאַרענטפערן זייערע בעסטיאַלישסטע רציחות.

דער ערשטער עלילת־דם איז געשעען אין יאָר 1171 אין דער שטאָט בלוא (פראַנקרייך), אויפן ברעג פון לואַרע. איינמאָל אָוונט צייט איז דעם שטאָט־שררהס דינער געגאַנגען צום טייך אָנטרענקען זיין פערד. ביים טייך אין דער פינסטער האָט זיין פערד זיך פאַר עפּעס דערשראָקן. דער אָבערגלויבערישער דינער האָט זיין בעל־הבית דערציילט, אַז ער האָט געזעען, ווי אַ ייד האָט אַריינגעוואָרפן אין טייך דעם קערפּער פון אַ קריסטליכן קינד. דער שטאָט־שררה האָט גלייך וועגן דעם מודיע געווען דעם גראַף פון דער דאָזיגער געגנד און צוגעגעבן, אַז די יידן האָבן מסתמא געשוחטן דאָס קינד, ווייל זיי דאַרפן זיין בלוט אויף פסח. דער גראַף האָט געהייסן אַרעסטירן דרייסיג פון די וויכטיגסטע יידן פון בלוא. ער האָט נאָכדעם פאַר אַ גרויסער סומע געלט געוואָלט אַרויסלאָזן די יידן פריי, נאָר זיין פאַנאַטישער גלח האָט אים אָפּגערעדט דערפון.

כדי זיך צו איבערצייגן אין דער שולד פון די יידן, האָט דער גראַף, לויט דעם גלחס עצה, אָנגעווענדט דעם געוויינליכן מיטל פון יענער צייט: אויספּרובן דורך וואַסער. דעם דינער, דעם איינציגן באַשולדיגער קעגן די יידן, האָט מען אַריינגעזעצט אין אַ שיפל, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט געהייליגטע וואַסער, און געלאָזן דאָס אין טייך. אַז דאָס שיפל איז נישט אונטערגעגאַנגען, איז געווען אַ סימן, אַז די באַשולדיגונג איז דערוויזן. דאַן האָט מען אַלע אַרעסטירטע יידן אַריינגעבראַכט אין אַ הילצערנעם טורעם, אַרומגעלייגט מיט גרויסע שייטערהויפנס און געוועגדט זיך צו די יידן, זיי זאָלן אויסוויילן אייגס פון די ביידע: אָדער שמד אָדער פאַרברענט ווערן לעבעדיגערהייט. די יידן האָבן אויסגעוויילט דאָס צווייטע און זיינען פאַרברענט געוואָרן מיטן געזאַנג פון די קדושים, מיט דער תפלת־היחוד „עלינו לשבח“ (כ׳ סיון, ד״א תתקל״א). לזכר פון די דאָזיגע קדושים האָט רבנו תם איינגעשטעלט אַ תענית פאַר די קהילות פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

פון יעמאָלט אָן איז דער שענדליכער בלבול אויף יידן פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַלע קריסטליכע מדינות.

## די יידן—לייבאייגענע פון קיניגליכן הויף.

צוליב דעם, וואָס די מלכים האָבן געדאַרפט שיצן די יידן פון דער אויפגעהעצטער באַפעל־קערונג, האָט זיך בײַ דער באַפעלקערונג געשאַפן די פאָרשטעלונג, אַז די יידן געהערן צום קיניג אַלס זיין אייגנטום. די קיניגן גופא, וואָס די אַנטי־יידישע אַגיטאַציע האָט אויף זיי אויך גענוג געווירקט, האָבן אויך אַזוי פאַרשטאַנען. דעריבער איז די באַציאונג פון די מלכים און זייערע באַאַמטע צו די יידן געווען אַ פיינדליכע. מ׳האָט די יידן געשיצט פון דער קריסטליכער באַפעלקערונג, אָבער פאַר דעם דאָזיגן שוץ האָט מען פון זיי ארויסגעפרעסט זייערע פאַרמעגנס.

אַזוי האָט דער פראַנצויזישער קיניג פיליפּ II (1180—1223) באַלד נאָך זיין קרוינונג געהייסן אַרעסטירן אַ סך יידן אין פאַריז און קאָנפיסקירן זייער געלט. אויך האָט ער שפּעטער באַפרייט די קריסטן פון בּצאָלן די חובות די יידישע קרעדיטאָרן, אויב זיי וועלן אַריינטראָגן אין מלוכה־קאַסע אַ פינפט־חלק פון דעם חוב. און גאָך שפּעטער האָט ער ארויסגעטריבן די יידן פון זיין ירושה־לאַנד און זייערע נחלאות האָט ער צוגענומען פאַר זיך. און ווען ער האָט זיי צוריקגערופן, האָט ער אויך מען ניט געמיינט ווי זייער געלט. די זעלביגע באַציאונג איז אויך געווען מצד די באַראָנען און אַלע אַנדערע שררות. די יידן זיינען בײַ זיי געוואָרן „האַנדלס־לייבאייגענע“.

דאָס זעלבינע איז אויך געווען אין דייטשלאַנד. די יידן זיינען געווען פאַררעכנט הן בײַם קייזער הן בײַ דער באַפעלקערונג אַלס קייזערליכע „קאַ־מערקנעכט“. עס האָט זיך אין דייטשן פאָלק פאַרשפּרייט די לעגענדע, אַז נאָכן חורבן־ירושלים האָט טיטוס פאַרקויפט די געפאַנגענע יידן פאַר שקלאַפן צו דרייסיג מענטשן פאַר איין פעניג און די דאָזיגע שקלאַפן האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער רוימישער אימפּעריע אַלס אייגנטום פון די רוימישע קיסרים, וואָס האָבן אינאיינעם מיטן אייגנטומס־רעכט גענומען אויף זיך די התחיבות צו באַ־שיצן די יידן, אַלס לוין פאַר די טובות, וואָס דער ייד יוסיפוס פלאַוויוס האָט געטאָן אַספּסיַנוסן און טיטוסן בײַם איינגעמען ירושלים. און היות ווי די רעכט פון די רוימישע קיסרים זיינען איבערגעגאַנגען דורך קאַרל דעם גרויסן צום דייטשן קייזערליכן הויז, איז דער קייזער דער בעל־הבית פון אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אין זיין אימפּעריע.

## דער חורבן פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן.

די ירידה פון דער יידישער עקאָנאָמי־שער לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פאַר די צלם־צוגן. די דערהייבונג און פאַרשטאַרקונג פון די שטעט און די קריסטליכע האַנדלס־געזעלשאַפטן האָבן וואָס ווייטער געגעבן אַלץ גרעסערע און שטאַרקערע קלעפּ דער יידישער עקאָנאָמיק. די גילדיעס און האַנזעס האָבן אין משך פון אַ קורצער צייט פאַרנומען דעם אויבנאָן ניט בלויז אויפן עקאָנאָמישן געביט, נאָר אויך אין געזעלשאַפטליכן לעבן: זיי האָבן זיך געשטעלט בראש פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען. ביסלעכווייז האָבן זיי איבערגענומען אין מאָנאָפּאָל דעם מסחר, וואָס איז צוויג פאַר צווייג אַריבער פון די יידן צו די קריסטן. אַזוי האָט די באַדייטונג פונם יידישן סוחרטום אויפגעהערט אין איטאַליע שוין אין X יר״ה, אין פראַנקרייך אין XI, אין דייטשלאַנד אין XII יר״ה, דאָסגלייכן אויך אין עסטרייך, וואָס איז געווען אַ מאַרק־הערצאָגטום פון דער דייטשער אימפּעריע, און אין בעהמען (פּיהעם, טשעכיע). דער פּראָצעס פון דער ירידה פונם יידישן סוחרטום איז פאָרגעקומען לאַנגזאַם, אָבער אָן אויפהער, און האָט זיך אויסגעשפּרייט פון מערב צו מזרח פּאַראַלעל צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די געהעריגע לענדער.

גלייכצייטיג מיטן וואַקסן פון דער שטאָט און מיט דער אַנטוויקלונג פון קריסטליכן סוחרטום, הייבט זיך אָן אַנטוויקלען אויך די קריסטליכע האַנט־ווערקעריי. עס הייבן זיך אָן אַנטוויקלען צעכן פון פאַרשיידענע בעלי־מלאכות. די ערשטע צעכן זיינען אַנטשטאַנען אין IX און אין X יר״ה אין איטאַליע; שפּעטער צו, אין XI און XII יר״ה, אין פראַנקרייך; נאָך שפּעטער, אין XII און XIII יר״ה אין דייטשלאַנד. פריער זיינען געוואָרן צעכן נאָר פון אייניגע מלאכות, אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך געבילדעט צעכן פון אַלע מינים בעלי־מלאכות און פרייע פּראָפעסיעס. און זיי האָבן איבערגענומען די מערק אין מאָ־נאָפּאָל. און מחמת דער פאַרגיפטעטער אַטמאָספערע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די יאָרן פון די צלם־צוגן, איז געווען אויסגעשלאָסן, אַז אַ ייד זאָל גע־הערן צו די צעכן. און אויף אַזאַ אופן איז ביסלעכווייז דער ייד אַרויסגעשטויסן געוואָרן אויך פון מלאכה. און געפינענדיג זיך שטענדיג אין געפאַר פון פּאָגראָ־מען און גירושים, האָבן די געוועזענע סוחרים, וואָס האָבן אויף אַ וואָסער־ס׳איז אופן איינגעהיט זייערע קאַפּיטאַלן, ניט אַריינגעלייגט זייער געלט אין אומבאַוועגליכע גיטער (וואָס ס׳איז, אגב, שוין יעמאָלט געווען שווער צו באַ־קומען, און עס איז אויך געווען פאַרבאָטן באַנוצן קריסטליכע אַרבעט), נאָר זיי

האָבן אָנגעהויבן האַנדלען מיטן געלט, לעבן פון פּראָצענט. באַלד האָבן די רייכע יידן גענומען קאָנקורירן מיט די באַנק-געשעפטן, וואָס האָבן זיך ביז איצט געפונען ס'רוב אין די הענט פון די פּאַרוואַלטער פון די קלויסטערס און מאָנאַסטירן, וואָס זיינען פון די אָפטע מתּנות און נדבות פון די גלויביגע זעער רייך געווען. ביז איצטער זיינען אויך געווען יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט קרעדיט-אָפּעראַציעס, אָבער אין אַ קליינער צאָל. בלויז אין ענגלאַנד זיינען זיי געווען אין אַ גרויסער צאָל. אין XII און XIII יר"ה האָט זיך ביי יידן דער באַנק-געשעפט זעער אַנטוויקלט אויך אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

די בריטע יידישע מאַסן זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אַלע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. די צלם-צוגן האָבן גורם געווען די פאַרוויסטונג פון דעם גרעסטן טייל יידישע קהילות אין דייטשלאַנד. די פאַראָרימונג פון דער לעבן-געבליבענער יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, די נויט און דער הונגער האָבן געטריבן די יידן צו זוכן נייע באַשעפטיגונגען. די געוועזענע בעלי-מלאכות, ניט קענענדיג ציען חיונה פון זייער פאַך, האָבן זיך גענומען צו קליין-האַנדל. זיי זיינען געוואָרן קאַראַבעלניקעס און קליינע קרעמער. אויף אַזאַ אופן איז דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אינגאַנצן פאַרענדערט געוואָרן. און דאָס האָט גורם געווען נאָך מער צו פאַרשאַרפן דעם אַנטאַגאָניזם צווישן די יידן און קריסטן. מען האָט געזעען פאַר זיך אָדער רייכע פּראָצענט-ניקעס, וואָס זיינען קיינמאָל גיט באַליבט ביי קיינעם, אָדער קליין-הענדלער, אָרימע, דערשלאָגענע. די קנאה און שנאה צו די יידן האָט זיך פאַרשטאַרקט. די מלכים און די שררות האָבן אַלץ מער חשק באַקומען אַרויסצופּרעסן פון די יידן דאָס לעצטע ביסל געלט, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אין זייערע הענט. און זיי פלעגן אָנווענדן די ווילדסטע מיטלען, ווי זעצן אין תּפיסה גאַנצע קהילות אָדער גאַנצע גירושים, וואָס דאָס האָט נאָך מערער געווירקט אויף דעם חורבן פון דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן. אַזאַ איז געווען די לאַגע אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד. מחמת דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומגעהייערע עמיגראַציע פון די דאָזיגע לענדער. דער הויפּט-שטראָם פון דער עמיגראַציע איז געגאַנגען צו מזרח, דער-עיקר קיין פּוילן.

# יט. די פינסטערסטע תקופה אין מערב־איראָפּע
## (XIII—XV יר״ה)

די מלחמה קעגן די אַלביגענזער און די יידן אין פראַנקרייך.

לאַנגע יאָרהונדערטן האָט צווישן דעם פויפּסטנטום און קייזערטום געדויערט אַ פאַרעקשנטער געראַנגל פאַר איבערמאַכט. אַ דאַנק די צלם־צוגן האָט זיך פאַרשטאַרקט די מאַכט פון דער קירך בכלל און פון דעם פויפּסט בפרט איבער אַלע קריסטליכע פעלקער. די העכסטע מדרגה פון מאַכט האָט דער פויפּסטנטום דערגרייכט אין די צייטן פון אינאָקענטיוס דעם דריטן (אין אָנהייב XIII יר״ה), וואָס האָט זיך באמת געקענט רעכענען פאַר אַ מלך המלכים. די הכנסות פון די גייסטליכע האָבן זיך פאַרגרעסערט און זיי האָבן אָנגעהויבן לעבן אַן עולם־הזהדיגן לעבן אין תּענוגים און אויסערגעוויינליכן לוקסוס. דאָס האָט אַרויס־גערופן אומצופרידנקייט און פּראָטעסטן אין געוויסע שיכטן פון דער יעמאָלטי־גער קריסטליכער געזעלשאַפט.

אין די אינדוסטריעלע שטעט פון דרום־פראַנקרייך און צפון־איטאַליע האָבן נאָך אין XII יר״ה זיך באַוויזן מענטשן, ס׳רוב וואַנדערנדיגע לערער, וואָס דאָס פאָלק האָט זיי גערופן „bons hommes“, ד. ה. גוטע לייט, אָדער וואַלדענזער. זיי האָבן געלעבט אָן אַ היים, געגאַנגען באָרוועס, אין גראָבע שוואַרצע אָדער גרויע וואָלענע קליידער, ס׳רוב זאַלבעצווייט. זיי האָבן קיין זאַך ניט פאַרמאָגט, אַלץ געטיילט צווישן זיך מעשה ברידער. זיי האָבן גע־פּריידיגט, אַז מ׳דאַרף לעבן ווי ס׳שטייט געשריבן אין עוואַנגעליום און אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער מקור פון אמת, ווי די הייליגע שריפט, די ביבל. זיי האָבן אויפגעוויזן, אַז די עקסיסטירנדיגע קירכליכע אָרדענונג איז פאַרדאָרבן און פאַרזינדיגט אַרום און אַרום. די באַוועגונג קעגן דער קירך האָט זיך מיט דער צייט נאָך מער פאַרשטאַרקט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן בילדן סעקטעס, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער באַפעלקערונג. גאַנצע שטעט האָבן גענומען צושטיין צו זיי. איבערהויפּט אין דרום־פראַנקרייך, אין פראָ־וואַנס, וואו מ׳האָט די סעקטאַנטן גערופן מיטן נאָמען אַלביגענזער, לויטן נאָמען פון דער שטאָט אַ ל ב י, וואָס איז די ערשטע איבערגעגאַנגען צו זיי.

די פויפּסטן זיינען געוואָרן זייער אומרואיג, צוזעענדיג דעם וואַקסנדיגן איינפלוס פון די סעקטאַנטן. אינאָקענטיוס III האָט באַשלאָסן אויסצוראָטן די אַפּיקורסות מיט פייער און שווערד און האָט אויפגעהויבן די צפון־פראַנצויזישע

ריסער אויף אַ הייליגער מלחמה קעגן די אַלביגענזער. צוואַנציג יאָר האָט גע־דויערט די מלחמה און זי האָט זיך געענדיגט מיט אַ פולשטענדיגער פאַרטיליגונג פון די אַלביגענזער. די שייגע בליענדיגע פּראָווינס איז פאַרוויסט געוואָרן און צוזאַמען מיט די צענדליגע טויזנטער אויסגעהרגעטע אַלביגענזער זיינען אומ־געקומען אויך מאַסן יידן. ווען דער פאַנאַטישער גלח אַרנאָלד האָט בראש פון אַ מחנה איינגענומען די שטאָט בעזיער (בֶּדֶרֶש), זיינען דאָרטן דערהרגעט גע־וואָרן קרוב צוויי הונדערט יידן. ס'האָבן געליטן אויך ניט ווייניג געטרייע קאַ־טוילן. ווען די צלם־פאָרער האָבן געפרעגט זייערע קאָמאַנדירן—די גייסטליכע, ווי אונטערצושיידן צווישן שולדיגע און אומשולדיגע, האָט אַרנאָלד געענט־פערט: „שאַנעוועט ניט קיינעם: אויף יענער וועלט וועט שוין גאָט אונטערשיידן צווישן די צדיקים און די רשעים"! די פאַנאַטישע גייסטליכע, ווי אינאָקענטיוס אַליין, האָבן געזעען אין דער אַלביגענזישער באַוועגונג די השפעה פון די יידן, די שעפער פון דער ביבל, וואָס האָבן אַריבערגעטראָגן פון דער אַראַבישער שפּאַניע קיין פּראָוואַנס דעם גייסט פון „כפירה", און מחמת דעם האָט זיך די שנאה צו די יידן נאָך מער פאַרשטאַרקט.

## באַנייטע גזירות און דער „שאַנד צייכן".

אויפן פערטן קאָנציל אינם לאַטעראַנער קלויסטער אין רוים, וואָס אינאָקענטיוס III האָט צונויפגערופן אין יאָר 1215, זיינען אויפגעפרישט געוואָרן די קאַנאָנישע פאַראָרדענונגען פון דער ביזאַנטישער און וועסטגאָטישער תקופה קעגן די יידן און מען האָט נאָך מוסיף געווען נייע: יידן איז שטרענג פאַר־באָטן צו פאַרנעמען רעגירונגס־שטעלעס; געשמדטע יידן איז פאַרווערט אָפּצוהיטן די מנהגים פון זייער פריערדיגער אמוגה; יידן טאָרן זיך ניט ווייזן אין די גאַסן די וואָך פאַר פּסחא; יידן, וואָס קויפן ביי קריסטן הייזער און אַנדערע נחלאות, מוזן צאָלן לטובת דער קירך אַ צענט־חלק פונם באַטרעף און די געוויינליכע אָפּצאָלונגען. דער האַרטסטער פונקט פונם לאַטעראַנער סטאַטוט איז געווען דאָס, וואָס עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ באַזונדערע יידישע קליידונג. מיט דער דאָזיגער גזרה האָט אינאָקענטיוס III געוואָלט ענדגילטיג מאַכן אַ סוף צו דער התקרבות, וואָס איז נאָך פיל־ווייניג געווען צווישן יידן און קריסטן אין אייניגע לענדער און געגנטן. דאָס האָט געדאַרפט דינען אַלס שאַנד־צייכן. יעדער פרומער קאַטאָליק דאַרף זיך שעמען צו חברן זיך מיט די פאַרשאָלטענע און דערנידעריגטע.

ביי דער פּראַקטישער אָנווענדונג פונם דאָזיגן געזעץ איז געוואָרן דער־קלערט, אַז „דער אונטערשייד אין דער קליידונג" דאַרף באַשטיין אין טראָגן

אַ באַזונדער צייכן, אין דער פאָרם פון אַ רונדער שטיק פאַרביגע מאַטעריע, וואָס ווערט צוגענייט צום אויבער־בגד אָדער צום הוט. שפּעטער האָט דער „יידישער צייכן“ אין פאַרשיידענע לענדער געהאַט פאַרשיידענע פאָרמען.

דער דאָזיגער צייכן האָט, לויט דער כּוונה פון זיינע ערפינדער, געדאַרפט שטעמפּלען דעם יידן ווי אַ מענטשן, וואָס איז אויסגעשלאָסן פון דער געזעלשאַפט און וואָס שטייט מחוץ לגבול פון די אַלגעמיינע געזעצן. אַזאַ געשטעמפּלטן יידן איז אַ מצווה צו באַליידיגן אין מיטן גאַס, פון אים חוזק צו מאַכן. טראָגן אַזאַ צייכן וואָלט געדאַרפט ווירקן דערדריקנדיג אויף דער שטימונג פונם יידן, צוגעוויינען אים צום באַוואוסטזיין פון זיין שפלות און דערפירן דעם אומגליקליכן צום פאַרלירן יעדע זעלבסטאַכטונג. אויב דער דאָזיגער שענדליכער געזעץ וואָלט דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט, וואָלט די לאַגע פון די יידן אין די קריסטליכע מלוכות געוואָרן אומדערטרעגליך. אָבער ניט אַלע וועלטליכע הערשער זיינען געשטאַנען פאַרן אויספירן די דאָזיגע מוטוויליגע גזירה. דער־עיקר האָט מען זי אָפּגעהיט אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד, און דאָס האָט זי געדינט מער ניט ווי אַ מיטל אויסצופּרעסן געלט ביי די יידן, וואָס האָבן זיך אַלעמאָל אויסגעקויפט פון צו טראָגן די שאַנד־לאַטע. אין די אַנדערע קריסטליכע מלוכות האָבן די יידן מיט הצלחה זיך געראַנגלט קעגן דער בייזוויליגער „תקנה“. באַזונדערס האָט דערין געשטיצט די יידן דער פרייהייטסליבנדיגער גראַף ראַימאָנד VI פון טולוזע.

## די אינקוויזיציע אין פראַנקרייך.

אינאָקענטיוס III איז געווען אויפגעבראַכט קעגן די וועלטליכע מושלים, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן חסד צו די יידן, וואָס דאָס אַליין איז שוין געווען איינע פון די שרעקליכסטע עבירות, פאַר וועלכע מ׳איז חייב מיתה. אפילו דער צורר היהודים פיליפּ־אַווגוסט, וואָס האָט געראַבעוועט און געפייניגט די יידן און זיי אַפילו אַרויסגעטריבן פון פראַנקרייך, איז ביי דעם דאָזיגן אויסערגעוויינליכן פאַנאַטיקער, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט צווישן די פריערדיגע פּויפּסטן, געווען פאַררעכנט פאַר אַן אוהב ישראל דערפאַר, וואָס ער האָט אין אַ מאָמענט פון פינאַנסיעלער נויט ערלויבט די אַרויסגעטריבענע יידן אומקערן זיך צוריק „אַ היים“. אין אַ ספּעציעלן בריוו האָט ער דעם קיניג שטרענג אויסגעמוסרט דערפאַר. אויך צום ליבעראַלן קאַסטילישן קיניג אַלפאָנזאָ VIII האָט ער געשיקט אַ מוסר־בריוו פאַר זיין גוט באַהאַנדלען די יידן. דעם טולוזער גראַף ראַימאָנד VI האָט דער פּויפּסט אַריינגעלייגט אין חרם און דרייצן באַראָנען, דעם גראַפס פריינד און פאַרטיידיגער פון די אַלביגענזער און

יידן, האָט ער תּאָרט באַשטראָפט. דורכן פאַריזער סינאָד זיינען פאַרווערט געוואָרן אַלע וויסנשאַפטליכע און פילאָסאָפישע ווערק, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן קיין פראַנקרייך פון שפּאַניע, דערין אויך יידישע, ווי, למשל, דעם „מקור חיים" פון ר' שלמה אבן-גבירול און אַנדערע.

די ניי-אויפגעקומענע מאָנאַכן-אָרדנס פון די פ ר אַ נ צ י ש ק אַ נ ע ר און ד אָ מ י נ י ק אַ נ ע ר זיינען געוואָרן די צוויי הויפּט-געצייג פונם ק ל ע ר י ק אַ ל י ז ם אין זיין געראַנגל קעגן פרייהייט פון געוויסן. אָבער די קרוין פון די צלם-פאָרער איז געווען די ה יי ל י ג ע אינקוויזיציע, אַ געהיימער טריבונאַל, וואָס דער פּויפּסט האָט געגרינדעט אין דרום-פראַנקרייך אויף אויסצוזוכן און פאַרטיליגן די סעקטאַנטן, „כופרים" און פריידענקער, אומגעטרייע מומרים און „יודאַאיזירנדיגע" קריסטן. די פראַנצישקאַנער און, באַזונדערס, די דאָמיניקאַנער פלעגן אויסשפּירן די „הערעטיקער" און „זייערע פאַרפירער די יידן" און איבערגעבן זיי אין די הענט פון דער אינקוויזיציע. פאַר האַלטן ביי זיך אַ תּנ"ך און אפילו אַ עוואַנגעליע אין דער פראָוואַנסאַלישער אָדער אַ וועלכער ס'איז אַנדערער ניט-לאַטיינישער איבערזעצונג איז מען שוין געווען חייב מיתה. שולדיג אין אַלץ זיינען געווען די יידן, וואָס „פאַרדאַרבן די געטרייע טשערעדע פון קריסטוס". און ווינד און וויי איז געווען די-יעניגע פון זיי, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע.

## רעליגיעזע וויכּוחים און די שׂריפה פון תּלמוד.

נאָך אינאָקענטיוס III זיינען אויפגעשטאַנען פיר מענטשן, וואָס האָבן מיט זייער פּאָליטיק געבראַכט דערצו, אַז אייראָפּע איז פאַר די יידן געוואָרן אַ גיהנום. דער פּויפּסט גריגאָריוס IX האָט אין זיין פאַרביטערטן געראַנגל קעגן דעם דייטשן קיסר אָנגעצונדן אַ פייער פון בירגערקריג אין דייטשלאַנד, אין וועלכן יידן זיינען פון אַלע זייטן צעטראָטן געוואָרן; ער האָט אויפגעהויבן קעגן די יידן דעם בישאָף פון וואַלענסיע (אין צפון-מערב-שפּאַניע) און דעם קיניג פון אַראַגאָניע און אַרויסגערופן אַ נייעם (זעקסטן) צלם-צוג (1229—1244). דער קיניג פון קאַסטיליע, פערדינאַנד III, האָט געבושעוועט קעגן די סעקטאַנטן און „כופרים" (יידן און קריסטן) אין זיין לאַנד און האָט מיט די אייגענע הענט אונטערגעלייגט פייער אונטער די שייטערהויפנס צו פאַרברענען לעבעדיגע מענטשן. דער ראש פון די דאָמיניקאַנער, דער מאָנאַך ראַימאָנד דע-פּעניאַפאָרטע, האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען

אראָפּצופירן יידן און מוסולמענער פון זייער גלויבן. מער פון אַלעמען אָבער האָט געאַרבעט דער פראַנצויזישער קיניג לודוויג IX (1226—1270).

לודוויג IX דער הייליגער איז געווען אַ גערעכטיגער פרומער מענטש און האָט געזאָרגט וועגן וואוילשטאַנד פון זיינע אונטערטאַנען. די פראַנצויזן האָבן געשפּירט צו אים די טיפסטע אַכטונג. זיי האָבן געזעען אין אים דעם פּאַרטייאידיגער פון די שוואכע, אַ שופט אָן נשיאות־פּנים, אַ שונא פון געוואַלט און אומגעזעצליכקייט. נאָך דער מיטאָג־תּפילה האָט ער ליב געהאַט צו זעצן זיך אונטער אַ דעמב אויפן הויף פון זיין שלאָס און פּערזענליך אויפנעמען אַלע מיגליכסטע בקשות און אָנקלאָגעס. ווי אַ גערעכטיגער שופט האָט ער ניט געוואוסט קיין אונטערשייד צווישן רייכע און אָרימע, יחסנים און מענטשן פון „נידעריגן" שטאַנד. נאָר איין יוצא מן הכלל איז ביי אים געווען—דער ייד. זיין זיידע פיליפּ־אַווגוסט האָט טיראַניזירט די יידן מחמת געלט־דורשט און צוליבּ אויספּרעסונגען,—לודוויג דער הייליגער האָט דאָס געטאָן פון אויפריכ־טיג־רעליגיעזער איבערצייגונג. אמתע ריטערליכקייט איז, לויט זיין מיינונג, באַשטאַנען אין שיצן דעם קריסטנטום דורך רודפן די הערעטיקער און אַנדערש־גלויביגע. צלם־צוגן, אויסוויינגסטע און אינפעווייניגסטע, זיינען געווען דער אידעאַל פון זיין לעבן. ניט קיין שלעכטער בכלל, האָט ער נישט געוואוסט קיין רחמנות, ווען ס׳איז געגאַנגען אום דעם גלויבן. אין זומער ד״א תתקצ״ו (1236) האָבן די צלם־פאָרער געפאָדערט פון די יידן אין אַנזשו, פּואַטו, באָרדאָ, אַנגולעם, סאַנטש און אַנדערע שטעט—שמד, און ווען די יידן האָבן זיך אָפּגע־זאָגט, האָבן די צלם־פאָרער זיי דערפאַר באַשטראָפט אויף אַ פירכטערליכן אופן: פאַרברענט די יידישע הייזער און צעראַבירט זייערע פאַרמעגנס, צעריסן און פאַרברענט די ספרי־תורות און אַנדערע ספרים, מאַסן יידן פאַרפייניגט, געטויט און געטראָטן מיט די קאָפּיטעס פון זייערע פערד, צעריסן קליינע און זויגעדיגע קינדער און צעשמעטערט שוואַנגערע פרויען. איבער דריי טויזנט יידן זיינען געשטאָרבן אויף קידוש השם און מאַסן הרוגים האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער ווי מיסט און געוואָרן צעפרעסן פון חיות און רויבפויגלען,— און אַז די יידן האָבן זיך געווענדט צו לודוויגן נאָך שוץ, האָט ער זיי אָפּגע־זאָגט. אפילו דער פּויפּסט גריגאָריוס IX אַליין האָט איצט אויפגעוויזן לוד־וויג IX, אַז די אויסשחטונג פון די יידן און זייער געוואַלד־שמד זיינען ניט געוואונטשן פאַר דער קירך,—אָבער אַלץ אומזיסט.

דער מיסיאָנערישער פאַנאַטיזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די העכערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, האָט געבראַכט צו אָפטע רעליגיעזע וויכוחים.

צווישן קריסטליכע געלערנטע און יידן. די דאָזיגע וויכוחים, וואו די יידן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פריי, האָבן זיך געווייגליך געענדיגט פאַר זיי זייער טרויעריג. אין יענער צייט האָט אַ ייד אַ משומד, ניקאָלאַי דאָנין, פאַרמסרט פאַר גריגאָריוס IX דעם תלמוד, וואָס אַנטהאַלט, לויט זיינע רייד, כלומרשט באַליידיגונגען קעגן דעם קאַטויליציזם. דער פויפסט האָט באַפוילן צו קאָנפיסקירן ביי די יידן אין פראַנקרייך אַלע עקזעמפּלאַרן פון תלמוד און אויפרופן די רבנים אויף אַ וויכוח און אַ חקירה ודרישה. אומזיסט האָבן די פיר גרעסטע רבנים פון פראַנקרייך מיט ר׳ יחיאל פון פאַריש (פאַריז) בראש דערוויזן די אומשולדיקייט פון תלמוד: דער משפט איז געווען אַרויסגעטראָגן נאָך פאַרן וויכוח, וואָס איז געווען בלויז אַ פאָרמאַליטעט. פון גאַנץ פראַנקרייך האָט מען צונויפגעבראַכט קיין פאַריז די ספרי התלמוד און פייערליך פאַרברענט אויפן אויטאָ־דאַ־פע (שייטער־הויפען פון דער אינקוויזיציע) ו׳ תמוז ה״א ב׳ (12 יוני 1240). די שריפה פון תלמוד האָט געמאַכט אַן אויפטרייסלדיגן רושם אויף די יידן אין גאַנץ תפוצות הגולה. דער יונגער ר׳ מאיר פון ראָטנבערג (מהר״ם מרוטנברג), וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי איינער פון די גרעסטע רבנים אין דייטשלאַנד, האָט וועגן דעם פאַל אָנגעשריבן די באַוואוסטע געפילפולע קלאָג־ליד:

שַׁאֲלִי, שְׂרוּפָה בָאֵשׁ, לִשְׁלוֹם אֲבֵלָיִךְ
הַמִּתְאַוִּים שְׁכוֹן בַּחֲצַר זְבוּלָיִךְ!
הַהֹלְכִים חֲשֵׁכִים וְאֵין נֹגַהּ וְקוִֹים
לָאוֹר יוֹמָם אֲשֶׁר יִזְרַח עֲלֵיהֶם וְעָלָיִךְ.

אוֹרִיד דְּמָעוֹת עֲדֵי יִהְיוּ כְּנַחַל
וְיַגִּיעוּ לְקִבְרוֹת שְׁנֵי אֲצִילָיִךְ –
מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן – וְאֶשְׁאָלֵם: הֲיֵשׁ כְּבָר
תּוֹרָה חֲדָשָׁה, כִּי נִשְׂרְפוּ גְּלִילָיִךְ?!

אַ רירנדיגע קלאָג־ליד האָט פאַרפאַסט אויך ר׳ אברהם פון בעזיער (פּראָוואַנס).

די בתי־מדרשים זיינען ביסלעכוויז פאַרמאַכט געוואָרן, די טעטיקייט פון די לעצטע בעלי־התוספות האָט אינגאַנצן אויפגעהערט און עס איז פאַרניכטעט געוואָרן די יידישע קולטור אין פראַנקרייך.

דער גירוש פון די ייִדן פון פראַנקרייך.

לודוויג IX האָט אינגיכן אונטערגענומען דעם זיבעטן צלם־צוג (1249) און נויטיגנדיג זיך צוליב דעם אין געלט, האָט ער קאָנפיסקירט די פאַרמעגנס פון די רייכע ייִדן, און אַז ער האָט זיך נאָך דער מפּלה צוריק־געקערט פון דער טערקישער געפאַנגענשאַפט, האָט ער זיך ווידער נוקם געווען אָן די ייִדן פון זיין לאַנד. נאָכדעם ווי לודוויג איז געפאַלן אַ קרבן פון דער מגפה בעת זיין אונטערגענומענעם לעצטן (אַכטן) צלם-צוג (1270), האָבן די צלם־פאָרער געשלאָסן שלום מיט די סאַראַצינער, אומגעקערט זיך צוריק קיין פראַנקרייך און דאָרטן אויסגעלאָזן כל חמתם צו די ייִדן. רעליגיעזע רדיפות און געלט־אויספּרעסונגען זיינען צוויי אויסגעפּרובטע מיטלען אין משך פון די רעגירונגען פון אַלע מלכים נאָך לודוויג IX. דערצו האָט די אינקוויזיציע געבושעוועט אַלץ מער און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר נייע פּאָגראָמען. אַפילו פיליפּ דער שיינער (1285—1314), וואָס האָט געקעמפּט קעגן דעם פּויפּסטנטום און קעגן די רעכט פון דער אינקוויזיציע און געשטרעבט אַרונ־טערצונעמען די ייִדן אונטער זיין יורידיקציע, האָט עס געטאָן ניט צוליב מאָטיוון פון גערעכטיקייט, נאָר בלויז מיטן צוועק צו עקספּלואַטירן דאָס ייִדישע האָב און גוטס. ער איז געווען אַ געוויסנסלאָזער טיראַן און פאַרדאָרבן און האָט זיך איזדזיעקעוועט איבער אַלע זיינע אונטערטאַנען אכזריותדיג און גראָב. אויסער די שטייערס, וואָס די ייִדן האָבן אַריינגעבראַכט אין מלוכה־אוצר, האָט ער ביי זיי פּשוט געראַבעוועט בפני כל עם ועדה. אין יאָר 1306 האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן אַלע ייִדן פון פראַנקרייך און מעלדן זיי, אַז אין משך פון אַ חודש מוזן זיי אויסוואַנדערן פון לאַנד, איבערלאָזנדיג דאָ זייער האָב און גוטס, חוץ אַ בגד אויפן לייב און שפּייז אויפן וועג. דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן אויף מאָרגן נאָך תשעה באב. קרוב 100.000 ייִדן זיינען דאַן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך, וואו זייערע אָבות האָבן געוואוינט זינט די צייטן פון דער אוראַלטער רוימישער אימפּעריע. זייערע באַוועגליכע און אומבאַוועגליכע גיטער זיינען לויט טייערע פּרייזן פאַרקויפט געוואָרן פון אַאוקציאָן לטובת דעם קיניג, וואָס האָט איינגעמאָנט פאַר זיך אויך די חובות, וואָס קריסטן זיינען שולדיג געבליבן ייִדן. די צרות פון די פּלוצלינג אַרויסגעטריבענע זיינען געווען אֵיםֶהדיג. געשמדט זיך האָבן זעער ווייניג ייִדן. אין דער האָפענונג, אַז דער גירוש וועט ניט געדויערן, האָט דער גרעסטער טייל ייִדן זיך באַזעצט ביי די גרעניצן פון פראַנקרייך, אין די אומצאָפּהענגיגע פראַנצויזישע מדינות:

בורגונדיע, סאַוואָיע, דאָפינע, פּראָוואַנס, ווי אויך אין דער שכנותדיגער אַראַגאָניע.

דער גירוש פון די יידן פון פראַנקרייך האָט גורם געווען אַן עקאָנאָמישן חורבן און דאָס פאָלק האָט גענומען פאָדערן דעם צוריקקער פון די יידן. דאַן האָט דער נייער קיניג לודוויג X ערלויבט די יידן צוריקצוקומען קיין פראַנקרייך (1315). די יידן האָבן ביי אים געפאָדערט זיכערן זיי די אומבאַריריקייט פון לעבן און פאַרמעגן, דעם צוריקקער פון די קאָנפיסקירטע פאַרמעגנס און דאָס רעכט צו באַשעפטיגן זיך מיט מלאכה און האַנדל. לודוויג X איז אויף אַלץ איינגעגאַנגען, און די יידן האָבן מאַסנווייז זיך אומגעקערט אין זייערע צעשטערטע היימען.

דער געשלאָסענער אָפּמאַך איז אָבער באַלד געבראָכן געוואָרן — מצד דעם פאָלק. די קריסטליכע באַפעלקערונג אין פראַנקרייך איז יעמאָלט געווען גראָב אָבערגלויבעריש און די אינקוויזיציע האָט מיט כל אמצי כוחות געטאָן אַלץ, כדי אונטערצוהאַלטן די אומוויסנהייט און די ווילדסטע איינריידענישן פון די פאָלקסמאַסן. דערויף זיינען כשר געווען אַלע טריפסטע מיטלען: כל המינים ניט-געשטויגענע ניט-געפלויגענע, פון קראַנקע אָדער דעמאָראַליזירטע קעפּ אויסגעטראַכטע מעשיות, בלוט-בלבולים; באַשולדיגונגען אין כישוף-מאַכעריי; באַשולדיגונגען, אַז די יידן זיינען כלומרשט מבזה די קריסטליכע הייליגקייטן, אַז די יידן האָבן כלומרשט דורכגעשטאָכן די „האָסטיע" (דאָס קריסטליכע הייליגע ברויט), פון וועלכער, לויט אַן אַרויסגעלאָזענעם קלאַנג, ס'האָט אַרויסגעשפּריצט בלוט, וכדומה בייזע אויסטראַכטענישן, וואָס האָבן פאַטאַל געווירקט אויף די צעהיצטע פאַנטאַזיעס אין יענע פּסיכאָפּאַטאָלאָגישע און פינסטערע צייטן. די פאַרווילדערונג און אומוויסנקייט פון פאָלק זיינען געווען אַ גוטער באָדן פאַר אַ גאַנצער ריי בלוטיגע וואַקכאַנאַליעס. אין יאָר 1320 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פיליפּ V אָרגאַניזירט אַ נייעם צלם-צוג קיין מזרח, און דאָס פאָלק האָט זיך אויפגערודערט. אַ יונגער פאַסטעך האָט דערציילט זיינע חברים, אַז ער האָט געזען אין חלום אַ וואונדערליכע טויב, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַ שיין מיידל, און זי האָט אים באַפוילן אויפצוזאַמלען די הייליגע ברידער און גיין אויף מלחמה קעגן די מוסולמענער. דאָס פאָלק האָט געגלויבט די הבלים און אין דער געגנט פונם טייך גאַראָנע האָט זיך אויפגעזאַמלט אַן אומגעהייערע מחנה פּויערים און פאַסטעכער אין דער צאָל פון פערציג טויזנט, גרייט צו דער „הייליגער מלחמה". ווי אַ שטורימווינט איז די מחנה דורך פון שטאָט צו שטאָט און האָט פּרוּווּט

און פאַרטיליגט אַלץ אין וועג. און פונקט ווי אין די פריערדיגע צלם־צוגן, האָט זיך אויך די צעלאָזטע פאַסטעכער־מאַסע אַרויסגעוואָרפן קודם כל אויף די שוצלאָזע יידן און אין מאַסן שטעט אָנגעמאַכט גרויזאַמע שחיטות. אין אַ טורעם אין דער פעסטונג פון ווערדען האָבן זיך באַפעסטיגט ביי 500 יידן און אַז זיי האָבן דערזען, אַז אַ ווידערשטאַנד איז אוממיגליך, האָבן זיי באַשלאָסן צו שטאַרבן איינער פון אַנדערנס הענט. ס׳האָט זיי ניט געקלעקט בלויז קיין מוט אַרויפצולייגן אַ האַנט אויף זייערע קינדער, וועמען די „זיגער״ האָבן נאָכדעם פאַרנומען און געשמדט. געוויסע שררות פון די שטעט און פון די קיניגליכע חיילות האָבן ערטערווייז באַשיצט די יידן, אָבער זיי איז שווער געווען איינצוהאַמעווען די פאַגראָמשטשיקעס, וואָס דאָס פאָלק האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף הייליגע. בלויז נאָכדעם ווי די אומרוען האָבן גענומען ווערן אַ סכנה פאַר דער מאַכט און די העכערע שטאַנדן, זיינען לויטן באַפעל פונם קיניג אָנגענומען געוואָרן ענערגישע מיטלען און די אַרמיי פון די פאַסטעכער איז צעטריבן געוואָרן. בלויז קליינע אָפטיילונגען האָבן נאָך געווילדעוועט אין אַראַגאָניע און נאַווארע. אין משך פונם צלם־צוג פון די פאַסטעכער, וואָס רופט זיך אין דער יידישער געשיכטע „גזירת הרועים״, זיינען אין פראַנקרייך און צפון־שפּאַניע חרוב געוואָרן קרוב הונדערט צוואַנציג יידישע קהילות.

באַלד איז אויף די יידן פון פראַנקרייך געקומען אַ נייער אומגליק. צווישן די עפּידעמיעס, וואָס האָבן אויסגעבראָכן אין רעזולטאַט פון די צלם־צוגן, איז אויך געווען די מגפה פון צרעת. די מצורעים האָט מען איזאָלירט,— האָבן זיי באַשלאָסן צו נעמען נקמה פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיי אויסגעשלאָסן פון זייער סביבה, און האָבן—לויט אַ ידיעה—פאַרסמט די ברינימער, פון וואָס עס זיינען אויסגעשטאָרבן אַ סך מענטשן. אַז מ׳האָט געכאַפּט די פאַרדעכטיגע, האָבן זיי געמאָלדן, אַז די יידן האָבן זיי אָנגערעדט דערצו. מ׳האָט געגלויבט און אין פאַרשיידענע שטעט האָט מען געפייניגט און פאַרברענט יידן. אין איין שטאָט שינאָן האָט מען פאַרברענט לעבעדיגערהייט 160 יידן. דאַן זיינען אַ סך יידן געלאָפן פון פראַנקרייך. דער קיניג פיליפּ V האָט זיך צום סוף איבערצייגט, אַז די באַשולדיגונג איז פאַלש, פונדעסטוועגן האָט ער אַרויפגעלייגט אויף די יידישע קהילות אַ גרויסע געלט־שטראָף. די דאָזיגע קאַטאַסטראָפע איז באַוואוסט אונטערן נאָמען „גזירת המצורעים״.

אויף די יידן זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן די שווערסטע שטייערן. אַלע וויכטיגסטע מלאכות און דער האַנדל זיינען אָפּגענומען געוואָרן פון די יידן,

מ'האָט זיי ערלויבט בלויז צו באַשעפטיגן זיך מיט פּראָצענט-אָפּעראַציעס. די הערשער פון לאַנד האָבן זיך גענייטיגט אין די יידישע מלווים, וואָס זיינען געווען פאַרהאַסט ביי דער באַפעלקערונג פון לאַנד. די רואינירנדיגע 100-יאָריגע מלחמה צווישן פראַנקרייך און ענגלאַנד האָט געפאָדערט קאָלאָסאַלע מיטלען און מ'האָט געשונדן די הויט פון די יידן און געזויגן זייער בלוט. די אינקוויזיטאָרן האָבן פון זייער זייט ניט אויפגעהערט צו העצן דעם המון קעגן די „שונאים פון יעזוס". די יידן האָבן ניט געקענט אריבערטראָגן און אָנגעהויבן עמיגרירן פון פראַנקרייך. צום סוף, דעם 17 אָקטאָבער 1394, איז אונטער דער השפּעה פון דער יוראָפּאָבישער פּאַרטיי אַרויס אַ באַפעל פון קאַרל VI — אַרויסצוטרייבן אויף אייביג אַלע יידן פון פראַנקרייך און זייער פאַרמעגן צו קאָנפיסקירן לטובת דער מלוכה. אַלס מאָטיוו ווערט אַרויסגעשטעלט דאָס, וואָס די יידן ברענגען שאָדן דעם הייליגן גלויבן און נוצן אויס לרעה די „פּריווילעגיעס", וואָס זיינען זיי געגעבן געוואָרן, פאַרנעמען זיך געהיים מיט מלאכה און האַנדל וכדומה פאַרברעכנס. גאַנץ פראַנקרייך איז ליידיג געוואָרן פון יידן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט קיין איטאַליע און דייטשלאַנד, אַ ביסל קיין שפּאַניע, און בלויז אַ קליינער טייל איז פאַרבליבן אין די עטוואָס אומאָפּהענגיגע מדינות פון דרום-פראַנקרייך.

### די יידן אין קאַסטיליע.

דער רעזשים פון די אַלמאָהאַדן, די פאַנאַטיקער פון איסלאַם, האָט אומגעבראַכט דאָס בעסטע, מיט וואָס ס'האָט געאָטעמט און געלעבט די אַראַבישע קולטור אויפן פּירעניעישן האַלב-אינזל. באַזונדערס האָבן פון דעם רעזשים געליטן די יידן, וואָס האָבן גענומען אויסוואַנדערן אין דער קריסטליכער שפּאַניע. קאַסטיליע און אַראַגאָניע האָבן אַ דאַנק דעם יידישן אונטערנעמונגס-גייסט גענומען וואַקסן און רייך ווערן. דער קיניג פון קאַסטיליע אַלפאָנזאָ VIII (1160—1214) האָט מקרב געווען די יידן און אויפגענומען זיי אויף הויכע שטעלעס אין דער מלוכה. ביים אָנפאַל פון די מחנות צלם-פאָרער אויף טאָלעדאָ האָט די מאַכט געשיצט די יידן. ס'איז צוגעגרייט און פּובליקירט געוואָרן אויף קאַסטיליש אַ געזעץ-קאָדעקס מיט אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג באַגרעניצונגען פון די יידישע רעכט; די גלחים האָבן געפאָדערט פון די קיניגן אָפּצוהיטן די סטאַטוטן פון די קאָנציליען וועגן די יידן און זיך באַמיט צו פאַרביטערן דאָס לעבן פון די יידן און זיי דערנידעריגן אין די אויגן פון די קריסטן, אָבער אין לעבן זיינען די באַגרעניצונגען ניט דורכגעפירט געוואָרן: די הערשער האָבן זיך גענייטיגט

אין די יידן און ניט געלייגט קיין אַכט אויף די גזירות. פּאַקטיש האָבן די יידן געהאַט אַלע רעכט אויך צוליב דעם, וואָס זיי זיינען געשטאַנען אויף אַן אומגעהייער הויכער מדרגה פון קולטור, מיטן פולן באַוואוסטזיין פון זייער מענטשליכער און נאַציאָנאַלער ווירדע, און האָבן דרייסט און מוטיג זיך גע־ראַנגלט פאַר זייערע רעכט. דערין האָבן אויך מיטגעהאָלפן די הויכגעשטעלטע יידישע פערזענליכקייטן. ביים קיניג פערדינאַנד דעם הייליגן איז געווען פינאַנס־מיניסטער דאָן מאיר דע־מאַלעאַ, אַ געלערנטער תלמודיסט און וועלט־ליך־געבילדעטער מענטש. ביי אַלפאָנזאָ X דעם קלוגן (1252—1282) האָט די זעלביגע שטעלע פאַרנומען דאָן מאירס זון, דאָן־צאַג (יצחק). דער אַרצט און אַסטראָלאָג דאָן יהודה הכהן איז ביי אים געווען לייב־דאָקטאָר. דער קיניג האָט ליב געהאַט אַסטראָנאָמיע און אַסטראָלאָגיע און האָט איינגעלאַדן צו זיך אין הויף מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָמען פון אַלע נאַציעס. דעם ערשטן פּלאַץ צווישן זיי האָט פאַרנומען דער געניאַלער אַסטראָנאָם דאָן יצחק אִבּן־סעיד פון טאָלעדאָ, וואָס האָט צונויפגעשטעלט די באַרימטע „אַסטראָנאָמישע טאַ־בעלן“ און זיי אָנגערופן אויפן קיניגס נאָמען. דער מיניסטער דאָן־צאַג האָט געענדיגט זעער טרויעריג: דער קיניגס זון, סאַנכאָ, האָט אויסגענאַרט ביי אים אַ גרויסע סומע געלט, און אַז דער קיניג האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער געלאָזט טויטן דאָן־צאַגן און אויף די יידן אַרויפגעלייגט אַ שטראָף צו דעקן דעם היזק פון מלוכה־אוצר.

**די יידן אין אַראַגאָניע.**

אין אַראַגאָניע האָבן די יידן פריער אויך געלעבט זיכער און אַרויסגעגעבן אַ סך גרויסע מענטשן. באַזונדערס איז באַרימט געוואָרן דער נשיא פון דער יידישער קהילה אין באַרצעלאָנע ר׳ שֵׁשֶׁת בן יצחק בֶּנבֶּנישׂתי. מיט דער צייט איז אויך קיין אַראַגאָניע אַריינגעדרונגען דער דאָמיניקאַנישער פאַנאַטיזם. דער קיניג יאַקאָב I, וואָס האָט צוליב די אינטערעסן פון דער מלוכה געהאַט אין זיין הויף ניט ווייניג הויכע יידישע אַמטלייט, איז אַליין געווען אַ שטרענגער קאַטויליק און האָט זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטן דעם קריסטנטום צווישן די יידן און די אַראַבער. אַ גרויסע השפעה האָט אויף אים געהאַט דער גענעראַל פון דאָמי־ניקאַנער אָרדען ראַימאָנד דע־פּעניאַפאָרטע, וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע מיסיאָנערישע טעטיקייט. די דאָמיניקאַנער מאָנאַכן האָבן אין זייערע שולן געלערנט העברעאיש און אַראַביש און אויסגעאַרבעט מעטאָדן פון וויכּוחים מיט ניט־קריסטן. זיי האָבן באַקומען ביים קיניג אַן ערלויבעניש איינצוואָרדענען

א גראַנדיעזן וויכוח מיט איינעם פון די גרעסטע רבנים, האָבן געגלויבט אין א נצחון און אין א מאַסן־איבערגאַנג פון די יידן צום קריסטנטום. מצד די דאָמיניקאַנער איז ארויסגעטראָטן איינער פּאַבלאָ כריסטיאַני (פּרא פּאַאָלאָ), א געשמדטער ייד, און מצד די יידן איז ארויסגערופן געוואָ״ן דער גדול הדור רבנו משה בן נחמן (רמב״ן, נחמני) פון געראָנע (שפּאַניע). דער רמב״ן (ד״א תתקנ״ה—ה״א ל׳, אָדער 1195—1270) איז א חזק זיין גרויסקייט אין דער יידישער וויסנשאַפטליכער ליטעראַטור געוועזן אויך א גדול אין אַלגעמיינע וויסנשאַפטן און האָט גוט געקענט אַראַביש און שפּאַניש. מיט זיינע ספרים איז ער געווען באַרימט אין דער גאַנצער יידישער וועלט און איז געווען די שטאָלץ פון זיין פאָלק. ער האָט געהאַלטן, אַז דער דת איז העכער פון דער וויסנשאַפט, איז נוטה געווען צו קבלה און דאָס פאָלק האָט אים געהאַלטן פאַר א הייליגן.

דער וויכוח איז פאָרגעקומען אין באַרצעלאָנע אין יולי 1263. ניט ווילנדיג האָט דער רמב״ן אָנגענומען די ארויספאָדערונג, אָבער ער האָט דערפילט זיין חוב מיט דער זעלביגער שטאָלץ, טאַקט און וויסן, פונקט ווי מיט צוועלף הונדערט יאָר פאַר אים ידידיה האלכסנדרוני, וואָס איז געשטאַנען פאַרן רוימישן קיסר. ער האָט אויסגענומען א תנאי מיטן צד שכנגדו, מ׳זאָל אים ערלויבן צו זאָגן דעם גאַנצן אמת, וואָס ער האָט אין האַרצן. דער וויכוח איז פאָרגעקומען אין קיניגליכן פּאַלאַץ און עס זיינען דערביי געווען די גרעסטע שררות, בישאָפן און מענטשן פון פאָלק. גאַנצע פיר טעג האָט געדויערט דער וויכוח און דער רמב״ן האָט מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין איין רמז אַפילו ניט אָנגערירט די הערשנדיגע רעליגיע, קיינעם ניט באַליידיגט און האָט וויר־דיג אָפּגעשלאָגן פּאַבלאָס אַלע טענות. אויף דער טענה, אַז אומזיסט וואַרטן די יידן אויף משיחן, וועלכער איז שוין לאַנג געקומען, האָט דער רמב״ן געענט־פערט, אַז לויט דער יידישער אמונה, וועט משיח ברענגען די פולשטענדיגע גאולה און ברידערשאַפט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אָבער היות מענטשליך בלוט גיסט זיך נאָך ווי וואַסער און מענטשן פרעסן איינער דעם אַנדערן, איז א סימן, אַז ער איז נאָך ניט געקומען. פּאַבלאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן. די יידן האָבן אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז דעם רמב״ס שאַרפע ראיות וועלן גורם זיין אומרועען און בלוט־פאַרגיסונג, אָבער ס׳איז אַראָפּ בשלום. דאַן האָבן די מאָ־נאַכן פאַרמסרט דעם רמב״ן פאַרן פויפּסט, אַז ער האָט מיט זיינע רייד כלומרשט באַליידיגט דעם כבוד פוגם קאַטוילִיציזם, און דער רמב״ן האָט גע־מוזט אויסוואַנדערן פון שפּאַניע.

א בן שבעים איז דער רמב"ן אוועק קיין ארץ ישראל, וואָס איז נאָך די לאַנגע מלחמות צווישן די קריסטן און מוסולמענער אינגאַנצן חרוב געוואָרן. ער האָט זיך גענומען רעסטאַווּרירן די פּאַרוויסטע יידישע קהילות, שאַפן אַ פאַרבינדונג צווישן די יידן פון ארץ ישראל און בויען בתי כנסיות און בתי־מדרשים. אַרום רמב"ן האָט זיך קאָנצענטרירט אַ קליינער קיבוץ געלערנטע, וואָס האָבן אויפגעלעבט דעם יידישן ישוב דאָרטן. אין ה"א ל' איז דער רמב"ן געשטאָרבן 75 יאָר אַלט און איז נקבר געוואָרן אין חיפה (יָפִיעַ).

זיין וויכּוח האָט דער רמב"ן אָנגעשריבן אין זיין ספר „מלחמת חובה", וואָס ער האָט צעשיקט אין אַלע יידישע קהילות און איין עקזעמפּלאַר האָט ער אַריינגעשיקט אויך דעם בּישאָף פון זיין געבורטסשטאָט גערָאָנע לויט יענעמס בקשה. דאָס האָט אויפגעבּראַכט דע־פּעניאַפּאָרטען און ער צוזאַמען מיט פּאַבלאָ כּריסטיאַני האָבן אויסגעפירט ביים פּויבּסט אַ בּולאַ צו צענזורירן די יידישע ספרים בכלל און דעם תּלמוד בפרט און אַרויסוואַרפן פון דאָרטן אַלץ, וואָס מ'וועט געפינען פאַר נייטיג. פון יעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן אין שפּאַניע די דאָמיניקאַנישע אַגיטאַציע. די יורשים פון יאַקאָב I האָבן אָנגעהויבן אָפּזאָגן די יידן פון די קיניגליכע שטעלעס, אָבער די עלעמענטאַרע רעכט פון די יידן און די אַווטאָנאָמיע פון זייערע קהילות זיינען דאָך אָפּגע־היט געוואָרן, ווייל דאָס האָבן געפאָדערט די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דער מלוכה. אין מאָמענט פון מלחמות האָבן די יידן ניט איינמאָל פינאַנסיעל אַרויסגעראַטעוועט די אַראַגאָנישע מלכים. אין XIV יר"ה האָבן די הערשער פון אַראַגאָניע גערן אויפגענומען אין זייער לאַנד די יידישע מגורשים פון פראַנקרייך און ניט דערלאָזן צעשפּילן זיך דעם „מאַרש פון די פּאַסטעכער", וואָס זיינען אַריינגעדרונגען פון פראַנקרייך.

אַ ריי פּאָגראָמען אונטער דער העצע פון די פראַנציסקאַנער האָבן איבערגעלעבט בלויז די יידישע קהילות אין קיניגרייך נאַווארע אין דעם יאָר, ווען זי איז באַפרייט געוואָרן פון פראַנצויזישער איבערהערשאַפט (1328).

### דער גירוש פון די יידן פון ענגלאַנד.

די לאַגע פון די יידן אין ענגלאַנד איז געווען פונקט אַזוי טרויעריג, ווי דער מצב פון זייערע ברידער אין פראַנקרייך. אויך דאָ האָבן זיי אויסגעטרונקען דעם גיפטיגן בעכער ביז דעק. אין די צייטן פון צלם־צוגן זיינען די יידן געפייניגט געוואָרן דורך די פאָלקס־מאַסן, אין די וויטערדיגע צייטן—אויך דורך די מושלים. זינט ריטשאַרד I האָט מען אָנגעהויבן דורכפירן

אין לעבן דעם אידעאַל פון דער קירך וועגן „דער אייביגער קנעכטשאַפט פון די יידן“ און ביי יאָהאַן דעם לאַנדלאָזן (1199—1216) זיינען די יידן ענדגילטיג געוואָרן קנעכט פונם קיניג און זייער גאַנץ פאַרמעגן — זיין פריוואַט-אייגנס. דער דאָזיגער געלטגייציגער און געוויסנלאָזער קיניג האָט אויסגעזויגן פון די יידן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. ער האָט זיך אַלעמאָל געניטיגט אין געלט און האָט עס אַלעמאָל גענומען ביי די יידן. פריער האָט ער זיי פאַר אַ גרויסן סכום געגעבן געוויסע רעכט, באַשטימט אַ הויפּט-רב איבער די יידישע קהילות אין ענגלאַנד, געוואָרנט דעם לאָנדאָנער המון, אז ער וועט שטרענג באַשטראָפן פאַר אָנפאַלן אויף די יידן; שפּעטער אָבער, אז ער האָט דערזען, אז אייניגע יידן זיינען פון האַנדל זעער רייך געוואָרן, האָט ער מיט כל המינים מיטלען גענומען אויספּרעסן פון זיי זייערע קאַפּיטאַלן און אכזריותדיג רודפן אַלע יידן בכלל, אַפילו די אָרימסטע מאַסן. די יידן האָבן געמוזט פול מאַכן זיין ליידיגע קאַסע — דורך אָן אַ שיעור שטייערס און קאָנטריבוציעס דורך דעם זיינען די רייכסטע יידן געוואָרן אביונים. אויפן גביר אברהם פון בריסטאָל האָט ער אַרויפגעלייגט אַ שטייער פון צען טויזנט זילבער-מאַרק און אַז דער ייד האָט ניט געקענט געבן אַזאַ סומע, האָט דער קיניג באַפוילן אים אויסצורייסן די ציינער, איינציגווייז, אַ טאָג אַ צאָן, ביז ער האָט צונויפגעליען דאָס געלט און אָפּגעגעבן דעם קיניג. דער קאָנציל אין אָקספאָרד (1222) האָט באַשטעטיגט אַלע גזירות פון לאַטעראַנער קאָנציל און צוגעגעבן גייע. די „שאַנד-לאַטע“ האָבן די יידן געמוזט טראָגן. ס'איז פאַרווערט געוואָרן די יידן צו בויען נייע שולן און מ'האָט זיי געצוואונגען צו צאָלן אַ צעגטל פון זייערע אומבאַוועגליכע גיטער לטובת דער קירך. די פעאָדאַלע באַראָנען און שטאָטישע מאַגיסטראַטן, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דעם קיניג, האָבן זייער גאַנצע רשעות אויסגעגאָסן אויף די יידן, ווי אויף דעם „קיניגס לייב-אייגענע“, וואָס די באַראָנען און שטעט האָבן פון זיי ניט באַקומען קיין הכנסות. די פּריצים, וואָס זיינען געווען שולדיג יידן געלט, האָבן מבער געווען די דאָקומענטאַלע התחייבותן און פון געוויסע ערטער אַרויסגעטריבן די יידן. פאַר הענריך III (1216—1272) האָט די קיניגליכע רעגירונג אָנגענומען מיטלען צו באַשיצן די יידן קעגן די גוואַלד-מעשים פון די גייסטליכע און שטאַנדן-קאָרפּאָראַציעס, אָבער אַלץ איז געטאָן געוואָרן בלויז מיטן צוועק אויסצוזויגן פון די יידן די לעצטע זאַפטן. רדיפות, בלבולים, באַזונדערס דער בלוט-בלבול, און פּאָגראָמען האָבן ניט אויפגעהערט. די יידן זיינען ביזן גרונד רואינירט געוואָרן און האָבן געבעטן ביי דער רעגירונג אַן ערלויבעניש אויסצוואַנ-

דערן, — מ'האָט זיי אָבער די ערלויבעניש ניט געגעבן. די רעגירונג האָט זיי דאַן ערלויבט צו באַשעפטיגן זיך מיט מלאכה און האַנדל, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ חוזק איבער זייער רעכטלאָזיקייט: די ערלויבעניש איז געבליבן אויפן פּאַפּיר, ווייל די צעכן און גילדיעס האָבן ניט מסכים געווען.

דעם לעצטן קלאַפּ די יידן אין ענגלאַנד האָט געגעבן די קריגערישע קירך, באַזונדערס נאָכדעם, ווי איינער אַ דאָמיניקאַנער מאָנאַך רעדינג, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט העברעאיש מיטן ציל צו פּאָלעמיזירן מיט די יידן, האָט זיך פאַרטיפט אין דער תורת היהדות און זיך מגייר געווען אונטערן נאָמען חגי (1275). די דאָמיניקאַנער זיינען אויפגעקאָכט געוואָרן און ס'איז אָנעק אַ ריי נייע אומגעלומפּערטע בלבולים און מסירות, ווילדע נגישות, צוואַנג־שמד און ענויים קשים. ביי אַזוינע באַדינגונגען איז דער ווייטערדיגער קיום פון די יידן אין ענגלאַנד געוואָרן אוממיגליך און זיי האָבן גענומען אויסוואַנדערן פון דאָרטן. אַז די אינקוויזיטאָרישע מיטלען צו צווינגען די יידן צו שמד האָבן ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטן, האָט עדוואַרד I אין יולי 1290 אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון ענגלאַנד מיט אַ התראה פון טויט־שטראָף פאַר די יידן, וואָס וועלן פאַרבלייבן אין לאַנד נאָכן געגעבענעם טערמין פון ערשטן נאָוועמבער. די יידן האָבן אָבער ניט געמאַכט קיין שיהות און האָבן תיכף אויסגעוואַנדערט. אַלע עמיגראַנטן זיינען אין וועג באַרויבט געוואָרן דורך די שיפס־קאַפּיטאַנען און אַנדערע אַזוינע איידעלע פאַרשוינען און אַ טייל זיינען דערטרונקן געוואָרן אין ים. די מגורשים האָבן זיך געלאָזן קיין פלאַנדערן און דער־עיקר קיין פראַנקרייך, וואו זיי האָבן געהאָפט אַ נייע היים צו געפינען. אָבער אין 16 יאָר אַרום (1306) זיינען זיי צוזאַמען מיט די איינגעבאָרענע פראַנצויזישע יידן אויף אַ קורצער צייט אַרויסגעטריבן געוואָרן דורך פיליפּ דעם שיינעם, צוזאַמען מיט זיי מיטגעמאַכט אַלע פורעניותן אין משך פון גאַנצן פערצענטן יאָרהונדערט און צום סוף אויך דעם ענדגילטיגן גירוש־פראַנקרייך אין 1394.

## טראַגעדיע פון די יידן אין דייטשלאַנד.

נאָך ערגער ווי אין פראַנקרייך און ענגלאַנד איז געווען די לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד. דער אידעאַל פון אַ מיטלאַלטערליכער מלוכה, מיט איר פעאָדאַליש־קלעריקאַלישער אָרדענונג און סאָציאַלע מחיצות, איז דערגרייכט געוואָרן אין דייטשלאַנד מער ווי אַנדערשוואו. אין ערגיץ איז די פּאָליטיק פון די מושלים און שטאַנדן בנוגע די יידן ניט דורכגעפירט געוואָרן אַזוי

מעטאָדיש און איינגעשפּאַרט, ווי אין דייטשלאַנד. אין משך פון XIII, XIV און XV יר״ה האָבן די הערשער אין דייטשלאַנד פאַרקנעכטעט און עקספּלואַטירט די יידן; די אָרגאַניזאַציעס פון די שטאַנדן האָבן אויסגעשלאָסן די יידן פון אַלע געביטן פון אַרבעט און באַשעפטיגונג, און דאָס פאָלק האָט פון צייט צו צייט געמאַכט אויף זיי פּאָגראָמען, הריגות און שחיטות, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן כמעט אַלעמאָל לויט אַ באַשטימטער פּראָגראַם און מיט אַן אויסגערעכנטן „סדר". די אַלגעמיינע געזעצן פון לאַנד זיינען ניט געווען חל אויף די יידן. די קיסרים און די פעאָדאַלע פירשטן זיינען געווען די „שיצער" פון די יידן, וואָס זיינען געווען ביי זיי פאַררעכנט פאַר „קנעכט פון אונזער הויף" און זיינען אַלע מאָל געווען אָפּהענגיג פונם „חסד" פון זייערע „שיצער". פאַר די יידן אין די דייטשע שטעט איז באַשטימט געווען אַ ספּעציעלער קוואַרטאַל, וואָס האָט זיך גערופן „געטאָ", כדי אָפּצוזונדערן זיי פון זייערע קריסטליכע שכנים. די געטאָ האָט געהאַט באַזונדערע טויערן, וואָס פלעגן פאַרנאַכט געשלאָסן ווערן, אין צייטן פון מאַסן־אָנפאַלן פלעגט די געטאָ אַמאָל דינען פאַר די יידן פאַר אַ שוץ־פעסטונג און אַמאָל פלעגן די מערדער פאַרוואַנדלען זי אין אַ בית־עולם. אַלע וויכטיגע מלאכות און דעם האַנדל האָבן די צעכן און גילדיעס אָפּגענומען פון די יידן און איבערגעלאָזן פאַר זיי בלויז דעם קליין־האַנדל מיט אַלטע קליידער און דעם פּראָצענט־עסק. די יידן זיינען געוואָרן אַלץ אָרימער און אָרימער. זיי האָבן געוואוינט אין ענגע שטיבלעך צו עטליכע גרויסע משפחות צוזאַמען און די ענגע לופט פון דער געטאָ איז געווען אַ שטיקנדיגע. דער ייד איז געוואָרן אַלץ רעכטלאָזער און דערשלאָגענער. ער האָט געלעבט אין אייביגער שרעק פאַרן מאָרגן, פאַר דער נאָענטסטער שעה. ער האָט געמוזט טראָגן די געלע „שאַנד־לאַטע" אויף די קליידער אָדער אויפן היטל, און ווער עס פלעגט אַרויס אין גאַס אָן איר, פלעגט שטרענג באַשטראָפט ווערן. דער שאַנד־צייכן פלעגט אַרויסרופן שפּאָט און געלעכטער און געמאַכט דעם יידן נידעריג אין די אייגענע אויגן. אַלע, פונם קיניג ביזן לעצטן פעאָדאַלן־קנעכט, האָבן זיך באַצויגן צום יידן מיט פאַראַכטונג, ווי צו אַ פאַרשאָלטענעם און פאַרוואָרפענעם פון גאָט. די קריסטליכע בעלי־מלאכות און סוחרים האָבן ניט אָנגענומען קיין יידן פאַר אַ מיטגליד אין זייערע אָרגאַניזאַציעס. די יידן זיינען געשטאַנען אויסערן געזעץ און פאַר דאָס רעכט צו וואוינען אין דער געטאָ און פאַרן „שוץ" קעגן אָנפאַלער האָבן זיי געמוזט זעער טייער באַצאָלן.

דער „שוץ" פון די מושלים האָט אָבער ניט אַלעמאָל פאַרזיכערט דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די „קאַמער־קנעכט". אין די צייטן פון פרידריך II האָהענשטויפען (1215—1250) זיינען אויפן באָדן פון רעליגיעז־נאַציאָנאַלער שנאה אין אַ משך פון צוואַנציג יאָר פאָרגעקומען מאַסן־פאָגראָמען אויף די יידן אין די שטעט ערפורט, מעקלענבורג, ברעסלוי, לוידאַ, פולדאַ, פראַנקפורט און בעליצע. די אומוויסנדיגע קריסטליכע באַפעלקערונג, דערצויגן אויף די אָבערגלויבערייען פון די צלם־צוגן, איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ פאַרביסע־נער שנאה צו די יידן און האָט בלינד געגלויבט אַלע פאַלשע באַשולדיגונגען, וואָס די קראַנקע פאַנטאַזיע פון די פינסטערע פאַנאַטיקער האָט נאָר אויסגע־טראַכט קענען זיי. פון פראַנקרייך איז גיך אַריבער קיין דייטשלאַנד דער ווילדער אויסקלער פון עלילת־דם, און מ'האָט באַלד צוגעגעבן, אַז די דייטשע יידן שטעכן מיט מעסערס דאָס קריסטליך „הייליג ברויט" ביז עס שפריצן אַרויס פון אים טראָפּנס בלוט. און וואו נאָר עס פלעגט טרעפן אַ רציחה, פלעגן די מערדער גופא די ערשטע אַרויפוואַרפן דעם בלבול אויף די יידן, כדי אַליין צו בלייבן אומבאַשטראָפט, און דער המון פלעגט גלויבן. ס'זיינען אויך געווען לחלוטין אויסגעפירטע רציחות מיט פּראָוואָקאַטאָרישע צוועקן — אַרויסצורופן מאַסן־שחיטות אויף יידן. באַזונדערס האָט אויפגערודערט דייטשלאַנד אַ טרויע־ריגע געשעעניש אין פולדאַ: אין ניטל 1235 האָט מען געפונען הינטערן שטאָט פינף געהרגעטע קריסטליכע קינדער. דער המון האָט אָן אַ חקירה ודרישה באַשולדיגט אין דער רציחה די יידן, איז מיט צלמים אין די הענט אָנגעפאַלן אויף דער געטאָ און אויסגעשוחטן ביז דרייסיג נפשות. פרידריך II האָט באַ־שטימט אַ קאָמיסיע פון געלערנטע קריסטן און משומדים חוקר ודורש צו זיין, צי די יידן געברויכן בכלל בלוט אויף פסח. דער ענטפער איז געווען לטובת די יידן. אויף דעם יסוד האָט דער קיסר אָנערקענט די פולדער יידן פאַר אומ־שולדיג און פאַרווערט אויף להבא ענליכע אומבאַגרינדעטע באַשולדיגונגען. פונדעסטוועגן האָט ער געפאָדערט, די יידן זאָלן אים פאַר דעם ווערדיקט באַ־צאָלן, און די פאָגראָמשטשיקעס זיינען געבליבן אומבאַשטראָפט. דאַן האָבן זיך די יידן געווענדט צום פויפּסט אינאָקענטיוס IV, וואָס איז געווען באַוואוסט ווי אַ גערעכטיגער מענטש אַן אוהב אמת, און ער האָט זיך אָפּגערופן אויף זייער בקשה. דעם 5 יולי 1247 האָט ער צעשיקט אַלע קריסטליכע שררות אַ ב ו ל ע (באַפעל), וואו ער דערווייזט מיט גרינדליכע ראיות פון דער תורת היהדות, אַז דער בלוט־בלבול קענען די יידן איז אַ פאַלשע באַשולדי־גונג, און האָט באַפוילן די גייסטליכע צו שיצן די יידן. אָבער אויך די

פויפסטליכע בולע האָט ניט געהאָלפן. די עפּידעמיע פון עלילת־דם האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד און עסטרייך און געבראַכט צו שרעקליכע פּאָגראָמען אויף די יידן. די גלחים גופא זיינען ס'רוב געווען די פאַרשפּרייטער פון די בלבולים און די קריסטליכע קינדער זיינען אָפט דערהרגעט געוואָרן דורך זיי אַליין אָדער דורך זייערע שלוחים. אויך די בעלי־מלאכות און סוחרים האָבן זיי געהאָלפן דערין, כדי פּטור צו ווערן פון דער יידישער קאָנקורענץ.

איינינע דייטש־עסטרייכישע מושלים האָבן געשטרעבט צו רעגלאַמענטירן די רעכט פון די יידן, אָבער אַלע זייערע באַמיאונגען האָבן קיין ערפאָלג ניט געהאַט, מחמת דער אַלגעמיינער אַנאַרכיע, וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דייטשלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון XIII יר"ה נאָך פרידריך II. צענדליגע יידישע קהילות זיינען חרוב געוואָרן און יידיש בלוט האָט זיך גענאָסן ווי וואַסער. די פּנקסים דערציילן פון גייע מאַסן קידוש השם. ס'האָט זיך פאַרשטאַרקט די יידישע עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל און מזרח־איראָפּע. גאָר פירכטערליך איז געוואָרן די לאַגע פון די יידן אין מיטן XIV יר"ה. באַזונדערס אין די צייטן פון דער „גזירת המצורעים". אין 1348 איז פון אַזיע אַריינגעדרונגען קיין איראָפּע די שרעקליכע טשומאַ, וואָס איז באַוואוסט מיטן נאָמען „דער שוואַרצער טויט", און האָט אָנגעמאַכט אומעטום געוואַלדיגע פאַרוויסטונגען. מיליאָנען מענטשן זיינען אומגעקומען מחמת זיי זיינען ניט אָפּגעהיט געווען אין הלכות ריינקייט; גאַנצע שטעט און געגנטן זיינען אויסגעשטאָרבן. אין משך פון צוויי־דריי יאָר האָט די „שוואַרצע מגפה", לויט אַ השערה, אַוועקגערויבט אַ העלפט באַפעלקערונג פון איראָפּע. מענטשן זיינען משוגע געוואָרן פון אימה. מ'האָט געגלויבט אַלע ווילדסטע קלאַנגען וועגן די סיבות פון דער מגפה. פונקט ווי די מצורעים אין פראַנקרייך, האָבן פאַרברעכערישע עלעמענטן אויך אין דייטשלאַנד פאַרשפּרייט אַ בלבול, אַז די יידן פאַרסמען די ברינימער. די יידן האָט אויך אָנגערירט די מגפה, אָבער ווייל די תורה איז זעער מחמיר אין די געזעצן פון געזונט און ריינליכקייט, האָבן זיי ווייניגער געליטן. דאָס האָט געבראַכט די אויסוואורפן נאָך מער צו פאַרשטאַרקן זייער נייעם בלבול. ווי אַ בליץ האָט זיך דער בלבול פאַרשפּרייט אין גאַנץ דייטשלאַנד און אַרויסגערופן אין גאַנצן לאַנד אַזוינע בלוט־בעדער אויף די יידן, וואָס קענען זיי ווערן בלייך די שחיטות פון דער צייט פון די צלם־צוגן. די הריגות האָבן זיך אָנגעהויבן אין פראַנקרייך און שפּאַניע, אָבער אַם שוידערליכסטן זיינען זיי געווען אין דייטשלאַנד, עלזאַס, שווייצאַריע, עסטרייך

און בעהמען. צענדליגע און צענדליגע טויזנטער יידן זיינען געטויט געוואָרן מיט מיתות משונות און אַ סך זיינען צעשמדט געוואָרן מיט געוואַלד. ס'האָבן ניט געהאָלפן ניט די בולע פונם פויפסט קלימענטיוס VI, אַז די יידן זיינען ניט שולדיג, ניט די שטרענגע באַפעלן פונם קיסר קאַרל IV (1347—1378) ניט אָנצורירן זיינע לייבאייגענע יידן: דער צעהֶפְקֵרטער המון האָט געבושע־וועט ווי אַ צעלאָזענע סטיכיע. אין אייניגע ערטער האָבן די שררות פון די שטעט געפּרובט איבערצייגן דעם המון אין דער אומשולד פון די יידן,—האָט מען זיי פאַריאָגט און באַשטראָפט ווי „בוגדים". קאַרל IV אַליין האָט זיך אויך דערשראָקן פאַרן המון. אין סטראַסבורג האָט מען פאַרטריבן די יידן אויפן בית־הקברות אין אַ גרויסן הילצערנעם בנין, אים אונטערגעצונדן און ס'זיינען פאַרברענט געוואָרן ביז 2000 יידן. אין ווירמייזאָ האָט דער שטאָט־ראַט באַ־שלאָסן צו פאַרברענען די יידן, אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט דערוואַרטן דעם טויט פון די הענט פון די תּליונים, האָבן אַליין אונטערגעצונדן זייערע הייזער און זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן. אַזוי האָבן געטאָן די יידן פון פראַנקפורט, אָפּענהיים און אַ סך אַנדערע שטעט. אין מאַינץ האט אַ טייל יידן אַרויסגעוויזן אַ ווידערשטאַנד די אַכזרים, אָבער ניט קענענדיג באַשטיין, האָבן זיי זיך אַליין פאַרברענט אין זייערע הייזער (ביז זעקס טויזנט נפשות). ס'האָט אויסגעוויזן, אַז די פרײַדיגער פון מענטשנליבע האָבן באַשלאָסן לגמרי אָפּצווישן די יידן פון געזיכט פון דער ערד.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע אומגעהייערע אויסוואַנדערונג פון די יידן פון אַלע גערמאַנישע מדינות קיין מזרח—אין דער נאָענטער טאָלעראַנטער גאַסטפרייגדליכער פוילן און ליטע, וואו זיי האָבן צוזאַמען מיט זייערע איבעריגע ברידער געפונען אַ מקום־מקלט און אַז אָפּרו פון די איבערגעלעבטע אימות און עינויים.

בלויז אין סוף XV יר"ה, ווען ס'האָבן אָנגעהויבן אין אייראָפּע ווייען נייע ווינטן פון רענעסאַנס און הומאַניזם, זיינען די רדיפות אויף די יידן אין דייטש־לאַנד געוואָרן שוואַכער און די יידישע קהילות האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך אָפּבויען צוריק.

## כ. דער קולטור־גראַנגל און מיסטיש־משיחישע באַוועגונגען.

**דער קולטור - צושטאַנד פון די יידן אין מערב־אייראָפּע.**

די ענגלישע יידן האָבן זיך אויפן קולטורעלן געביט גאַנץ ווייניג אויסגעצייכנט. דאָס ביסל גייסטיגע כוחות, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, האָבן בעת די רדיפות אויסגעוואַנדערט טיילווייז קיין ארץ־ישראל, טיילווייז קיין פראַנקרייך. דערפאַר זיינען אויף אַן אומגעהייער הויכער מדרגה פון גייסטיגער אַנטוויקלונג געשטאַנען די יידן פון שפּאַניע, פראַנקרייך, איטאַליע און פון די גערמאַנישע מדינות. נאָר דאָ איז זיך דער אינהאַלט פון דער גייסטיקייט פונאַנדערגעגאַנגען. אין פּראָוואַנס און אין דער קריסטליכער שפּאַניע, פונקט ווי אין דער תקופה פון דער אַראַבישער קולטור, האָט זיך די יידישע וויסנשאַפט צעטיילט אין צוויי שטרעמונגען: תורה און חקירה. דאָס זעלביגע איז געווען אויך אין איטאַליע. אין דייטשלאַנד און אין צפון־ און מיטל־פראַנקרייך אָבער, וואו עס איז אויף די יידן אויסגעגאָסן געוואָרן די גאַנצע תוכחה, האָבן זיך די יידן אינגאַנצן דערווייטערט פון חקירה און מיט לייב און לעבן פאַרטיפט זיך אין תורה און אמונה. אין די קרייזן פון די גייסטיגע מנהיגים פון פאָלק איז אַלץ קלאָרער געוואָרן די שטרעבונג אָפּצוצוימען זיך פון דער אַרומיגער פיינדליכער וועלט, צו באַפעסטיגן די איינענע גייסטיגע פּאָזיציע און מאַכן די יהדות פאַר אַ כלי־זיין פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג. דאָס האָט געהייסן: אַרויפלייגן אַ צוים אויף דער פרייער קולטור און פאַרשטאַרקן די רעליגיעזע דיסציפּלין. די דאָזיגע שטרעבונג איז אויפגעקומען אינם זעלביגן מאָמענט, ווען אין שפּאַניע און פּראָוואַנס האָט די גייסטיגע שאַפונג דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון אויפבלי, געקרויגט מיט דער ענציקלאָפּעדישער אַרבעט פון רמב״ם. ס׳איז געוואָרן אומפאַרמיידליך דער צוזאַמענשטויס צווישן די פאַרטיידיגער פון דער נאַציאָנאַל־גייסטיגער אייגנאַרטיקייט פון שטייגער לעבן און די אָנהענגער פון אינדיווידועלער פרייהייט אין גייסטיגן שאַפן, און ס׳האָט זיך צעפלאַקערט דער גרויסער קולטור־גראַנגל, וואָס האָט געדויערט העכער הונדערט יאָר.

**די מלחמה קעגן דעם רמב״ם און זיינע תלמידים.**

צו דער חרפה און פייניגונג מצד דרויסן זיינען נאָך צוגעקומען מחלוקת און מלחמות אינעווייניגסטע, וואָס האָבן צעשפּאָלטן און אָפּגעשוואַכט די נאַציע אין אַ צייט, ווען זי האָט זיך אפשר מער

ווי אלעמאָל גענייטיגט אין שלום און אין אחדות. און משונהדיג: דער פּירוד־הלבבות איז פאַרבונדן מיטן נאָמען דווקא פון דעם מענטשן, וואָס זיין איינציגער אידעאַל איז געווען שלום און אחדות פון דער אומה און וואָס צוליב דעם גופא האָט ער עס פאַראייניגט די תורת היהדות מיט דער פילאָסאָפיע.

אָנגעהויבן האָט זיך דער געראַנגל קעגן דער „משנה תורה״ (יד החזקה), נאָך פאַרן רמב״מס לעבן. די תלמידים און אָנהענגער פונם גרויסן לערער האָבן באַוואונדערט די טיפקייט פון זיין געדאַנק, די האַרמאָניע פון זיין גע־ניאַלן ווערק און האָבן פאַרגעטערט אַלע זיינע רייד ווי די רייד פון אַ נביא פון גאָט; די קעגנער האָבן מורא געהאַט, דער „יד החזקה״ זאָל ניט פאַר־בייטן דעם תלמוד, און האָבן אים ניט געקענט פאַרגעבן, וואָס ער האָט אָפּגעפּסקנט הלכות און האַרבע פראַגן, נאָך ניט פאַרענטפערטע אין תלמוד. איינער פון רמב״מס קעגנער איז געווען רב שמואל בן עֵלִי, דער גאון פון באַג־דאַדער ישיבה. אין טאָלעדאָ האָט געקריגט קעגן דער „משנה תורה״ רבי מאיר הלוי אַבולאַפיאַ, איינער פון די גדולי הדור און אַ גרויסער קנאי, וואָס האָט אָן הצלחה געפּרובט אַריבערציען אויף זיין צד די „חכמי לוניל״ (דרום־פראַנקרייך). די דאָזיגע קעגנער האָבן אָבער נאָך ניט געוואַגט הויך צו ריידן, מחמת מורא פאַרן רמבמ״ס גרויסן נאָמען. דער רמב״ם אַליין האָט ניט געענט־פערט, אָבער דערפאַר האָבן זיך פעסט באַוואָפנט זיינע תלמידים. די רעכטע מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט ערשט נאָך זיין טויט, אָבער שוין קעגן דעם „מורה נבוכים״, וואָס גראָבט אונטער, לויט דער מיינונג פון די קנאים, דעם יסוד פון גלויבן. די מלחמה איז געפירט געוואָרן אין גאַנץ תפוצות הגולה, אין מזרח און אין מערב. בראש פון די מיימוניסטן אין די מזרח־לענדער זיינען געשטאַנען רבי אברהם החסיד בן הרמב״ם (ד״א תתקמ״ו — ד״א תתקצ״ח, 1186—1237), וואָס האָט פאַרנומען זיין פאָטערס שטעלע אין קאַהיראָ. דעם רמב״מס באַגייסטערטסטער תלמיד ר׳ יוסף אִבְּן־עַקְנִין און ר׳ יהונתן הכהן פון די חכמי לוניל, וואָס האָט עמיגרירט קיין ארץ ישראל; בראש פון די אַנטי־מיימוניסטן זיינען געשטאַנען דער בעל־התוספות רבי שמשון משאַנץ (Sens פראַנקרייך), וואָס האָט אויך אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישראל, און ר׳ דניאל בן סעדיה אין דמשק, אַ פאַנאַטישער תלמיד פון ר׳ מאיר אַבולאַפיאַ. דער דאָזיגער ר׳ דניאל האָט אָנגעשריבן אַ מאַסע שאַרף־פּאָלעמישע ספרים און באַליידיגנדיגע פאַמפלעטן קעגן רמב״ם. ר׳ יוסף אבן־עקנין האָט שטאַרק געבעטן ר׳ אברהם בן הרמב״ם אַריינלייגן אין חרם דעם תלמודיסט פון דמשק, אָבער דער ווירדיגער זון פונם גרויסן פאָטער האָט ניט מסכים געווען צונצו־

ווענדן דעם דאָזיגן שרעקליכן מיטל און האָט געזעען צו ווירקן מיט לאָגיק. די יידן פון די מזרח-לענדער האָבן פאַרגעטערט דעם רמב״ם, האָבן זיך ניט באַרואיגט און האָבן סוף כל סוף געפועלט ביים ראש-הגולה ר׳ דוד אין מאָסול (ביי נינוה) מְנַדֶה צו זיין ר׳ דניאלן ביז ער וועט ניט תשובה טאָן. ר׳ דניאל האָט חרטה געהאַט און איז פון גרויס שברות הלב פונם חרם באַלד געשטאָרבן. דאַן איז שטיל געוואָרן די מחלוקת אין מזרח.

ניט אַזוי איז אָבער געווען דער מצב אין אייראָפּע. באַזונדערס אין פראָוואַנס און שפּאַניע. דאָ זיינען געווען מיימוניסטן פ״ומע יידן, אָבער ס׳האָבן זיך געפונען אויך אַזוינע, אָפּט גאַנץ קליינע קענער פונם רמב״ם, וואָס זיינען געגאַנגען אויפן וועג פון אַסימילאַציע, האָבן זיך מתחתן געווען מיט קריסטן. די פרומע תמימים, וואָס האָבן מער ניט געוואוסט ווי די דלת אמות של הלכה, האָבן איינגעזען אין די ספרים פונם רמב״ם אַ סכּנה פאַר דער יהדות און זיינען אַרויסגעטראָטן אין אַן אַנטשיידענער מלחמה קעגן דער גאַנצער מיימוניסטישער ליטעראַטור.

דער ערשטער פון זיי איז געווען ר׳ שלמה בן אברהם פון מאָנפּעליע, אַ גדול אין תלמוד, אַ חסיד און אַ צדיק, וואָס האָט באמונה שלמה געגלויבט אינם פשוטן פשט פון אַלע אגדות און האָט די חקירות פונם רמב״ם געהאַלטן פאַר כפירה. ער האָט צוגעצויגן די רבנים ר׳ יונה מגירונדי (פון געראָנאַ) און ר׳ דוד בן שאול און זיי האָבן נאָך אַ ישוב הדעת מחרים געווען די ספרים פונם רמב״ם און אַלע וואָס לערנען זיי (ד״א תתקצ״ב—1232). דער דאָזיגער אַקט האָט אַרויסגערופן אַ שטורים פון צאָרן אין די רייען פון די מיימוניסטן אין פראָוואַנס און די מנהיגים פון די דריי קהילות: לונעל, בעזיער און נאַרבאָנע, בראש מיטן באַרימטן פילאָלאָג און גראַמאַטיקער ר׳ דוד בן יוסף קִמחִי (הרד״ק), האָבן עפנטליך אַריינגעלייגט אין חרם ר׳ שלמהן מיט זיינע צוויי חברים און צעשיקט בריוו אין אַלע קהילות פון פראָוואַנס צו ראַטעווען דעם כּבוד פונם גרויסן לערער פון ישראל. די מחלוקת האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אַלע קהילות פון פראַנקרייך און שפּאַניע. צו איר זיינען שוין צוגע-שטאַנען צבועים און אינטריגאַנטן, וואָס האָבן די שריפה נאָך פאַרגרעסערט. די מחלוקת איז אַריבער אויף אַ פּערזענליכן באָדן. די פאָלקס-מאַסן זיינען געשטאַנען אויפן צד פון ר׳ שלמה און די אינטעליגענץ קעגן אים און עס איז דערגאַנגען אַפילו צו אַ פיזישער מלחמה. ר׳ דוד קמחי אַליין און דער רמב״ן האָבן געפּרובט אַריינלייגן זיך אין אַ שלום, ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן: ר׳ שלמה האָט געברענט פון צאָרן אויפן קעגן-חרם. די אַנטי-מיימוניסטן האָבן

זיך סוף כל סוף געווענדט נאָך הילף צו די דאָמיניקאַנער און פאַרמסרט די ווערק פון רמב"ם, אַז זיי זיינען פול כפירה און מ'דאַרף זיי פאַרברענען. די גלחים האָבן מורא געהאַט, אַז די לערע פונם יידישן פילאָסאָף זאָל זיך דורך דער לאַטיינישער איבערזעצונג ניט פאַרשפרייטן אויך צווישן די קריסטן, און האָבן פאַרמשפּט די ספרי הרמב"ם. אין מאָנפעליע און פאַריז האָט מען קאָנפיסקירט מיימוניס ווערק, באַזונדערס דעם ספר „המדע" און דעם „מורה נבוכים", און עפנטליך פאַרברענט אויפן אויטאָ־דאַ־פע. דער דאָזיגער פאַקט האָט געמאַכט אויפשוידערן אַלע יידן און אַפילו די קעגנער פון רמב"ם האָבן חרטה געהאַט אויף דאָס בייז, וואָס זיי האָבן גורם געווען דעם פאָלק מיטן דאָזיגן חילול השם. ר' אַברהם בן הרמב"ם האָט פאַרעפנטלעכט אַ ספר „מלחמות ה'", וואו ער דערווייזט די צדקות פון זיין פאָטער.

ר' שלמה'ס פרוב קעגן פרייער חקירה האָט זיך ניט איינגעגעבן. דאַן איז געקומען אַן אַנדער רב אין פראַנקרייך, דער בעל־התוספות ר' משה הדרשן (ר' משה מקוצי, פון דער שטאָט Coucy), אַן איידעלער און טאָלעראַנטער מענטש, און האָט געפּרובט אויף אַן אַנדער וועג צו ווירקן אויפן דור אינם זין פון תשובה: דורך האַרציג־פאַטעטישע דרשות און הומאַנישער באַציאונג צו מענטשן. און ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה. ער האָט איבערגעלאָזן אַ גרויסע זאַמלונג פון רעליגיעזע דינים „ספר־מצוות גדול" (סמ"ג).

אין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרום האָט ר' שלמה פעטיט געפּרובט באַ־נייען דעם קאַמף קעגן רמב"ם, אָבער אָן הצלחה. דער גאַנגל איז איצט גע־גאַנגען ניט קעגן רמב"ם, נאָר קעגן זיינע עקסטרעמע אויסטייטשער.

די פאַרשטאַרקונג פון תורה און די ירידה פון חקירה.

וואָס טרויעריגער ס'איז געוואָרן די לאַגע פון די יידן, אַלץ מער האָבן זיי זיך איינגעשלאָסן אין זיך און אַלץ מער האָט זיך פאַרשטאַרקט די ליבע צו דער תורה און אמונה.

בראש פון די שפּאַנישע רבנים אין סוף XIII און אָנהייב XIV יר"ה איז געשטאַנען ר' שלמה בן אדרת (הרשב"א), וואָס האָט צוזאַמען מיט ר' יונה מגירונדי אויפגע־הויבן די תלמודישע וויסנשאַפט אין שפּאַניע ביז אַ נאָך ניט געוועזענער הויכער מדרגה. ער איז געווען רב אין באַרצעלאָנע און האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ תלמודישן ענציקלאָפּעדיסט. ס'זיינען פון אים פאַרבליבן עטליכע טויזנט גע־זעצגעבערישע ערקלערונגען און באַשלוסן, אָבער באַוואוסט איז ער מיט זיין ספר „תורת הבית", אַ זאַמלונג פון רעליגיעזע דינים. אַ תלמיד פון רמב"ן, האָט ער געהאַט אַ נטיה צו מיסטישער פילאָסאָפיע, הגם ער האָט זי ווייניג געקענט.

נאָך אַ גדול האָט געלעבט אין איין צייט מיטן רשב״א: דער גרויסער תּלמודישער אַוטאָריטעט רבנו אשר בן יחיאל, וואָס איז באַוואוסט אונטערן נאָמען הרא״ש. ער איז אַנטלאָפן פון די רדיפות פון דייטשלאַנד קיין שפּאַניע, וואו ער איז געוואָרן רב און ראש ישיבה אין טאָלעדאָ, און ס׳פלעגן קומען צו אים תּלמידים פון שפּאַניע, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, אפילו פון פיהעם (בעהמען) און מדינת רוס. ער איז אויך געווען שטרענג פרום און אַ קעגנער פון פרייען געדאַנק. ער איז באַרימט געוואָרן מיט אַ סך ווערק, באַזונדער מיט זיין סיסטעמאַטישער זאַמלונג פון הלכות „פסקי הראש״, וואָס ווערט געדרוקט ווי אַ הוספה צו די מסכתות פון תּלמוד. צוזאַמען מיטן רשב״א האָט ער אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז ביז 25 יאָר טאָר אַ יונגערמאַן ניט לערנען קיין „חכמות חיצוניות״, און מחרים געווען דעם גרעסטן טייל פון די יידישע פרייע דענקער מיט זייערע ספרים און תּלמידים. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט פון די פּראָגרעסיסטן, אָבער אָן אַ פעולה.

די ברייטע אַנטוויקלונג פון דער תּלמודישער וויסנשאַפט האָט געגעבן די מיגליכקייט צו שאַפן תּלמודישע געזעץ-קאָדעקסן. מיימוניס „משנה תורה״ האָט שוין ניט באַפרידיגט די געלערנטע, ווייל זי טראָגט נאָך אַ מזרח-כאַראַקטער, און ס׳האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַ ליטעראַטור פון „פּוסקים״, קאָדיפיקאַציעס, וואָס נעמען אַרום אויך אַלע מנהגים, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די אייראָפּעאישע קהילות, און אַלע אויספירן און פסק-דינים פון די בעלי התוספות און אַנדערע גדולי התורה. אַזאַ ספר אין פיר „טורים״ (צייַלן) האָט פאַרפאַסט ר׳ יעקב בן הרא״ש (1280—1340), וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „בעל הטורים״, אַ יוריסט אַ גאון און אַ וואונדערבאַר אידעאַלע פּער-זענליכקייט.

דער ערשטער טייל הייסט טור „אורח חיים״, וואָס נעמט אַרום די התחייבותן פונם יידן צו גאָט; דער צווייטער — טור „יורה דעה״ איז כולל אַלע רעליגיעזע דינים פון איסור והתּר; דער דריטער—„אבן העזר״ אַנטהאַלט אַלע געזעצן און באַשלוסן וועגן פאַמיליען-לעבן, און דער פערטער—„חושן משפט״ איז כולל ביר-גערליכע און קרימינעלע רעכט און בכלל אַלע פסק-דינים וועגן ענינים, וואָס בין אָדם לחברו. אַלע פיר טורים צוזאַמען טראָגן דעם נאָמען „שלחן ערוך״.

ס׳זיינען געווען נאָך גרויסע פּוסקים און מפרשים פון תּלמוד, וואָס האָבן אַ שם אין דער גאַנצער יידישער לומדישער וועלט, ווי ר׳ יהודה בן הרא״ש, ר׳ ירוחם בן משולם, ר׳ דוד אבודרהם, ר׳ מנחם בן זרח און ר׳ נסים בן ראובן גירונדי (הר״ן) א. א.

צוזאַמען מיט די געניאַלע אַרבעטן אויפן רעליגיעז-וויסנשאַפטליכן און יורידישן געביט איז געגאַנגען אַ אינטענסיווע דערציערישע אַרבעט צווישן די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואו דער לימוד התורה האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן.

אין דער זעלביגער צייט (XIV יר״ה) איז געגאַנגען אַ ירידה פון דער יידישער פילאָסאָפיע. עס זיינען נאָך געווען אייניגע גרויסע נעמען, אָבער דער רוב איז שוין ניט געווען איבעריגס אָריגינעל. קיין נייע וועגן אין דער פילאָ-סאָפיע האָט מען בכלל שוין מער ניט אויסגעטראָטן, מ׳איז געווען גיכער קאָ-מענטאַטאָרן פון די פריערדיגע פילאָסאָפישע שיטות. די פאַרטיליגונגס-פּאָליטיק און פּראַקטיק פון די ראָמאַניש-גערמאַנישע מלוכות קעגן די יידן פון איין זייט און דער אינעווייניגסטער ברודער-קאַמף פון דער צווייטער האָבן פּאַראַליזירט דעם יידישן פילאָסאָפישן געדאַנק.

איינער פון די געציילטע גדולים איז געווען ר׳ ידעיה הַבֶּדַרֶשִׁי (פון בעזיער—1280—1340), וואָס האָט פאַר זיין גלענצנדיגן העברעאישן סטיל באַקומען דעם טיטל הפניני (דער פּערלדיגער). אַ הייסער חסיד פון אבן עזרא און רמב״ם, האָט ער זיך אומשטערבליך געמאַכט מיט זיין ספר „בחינת עולם״ (דער פּרוב פון דער וועלט), וואו ער טרעט אַרויס ווי אַ פילאָסאָף-עטיקער אין סטיל פון קוהלת. דער מיימוניסט ר׳ יוסף אבן כספי האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין „ספר המוסר״, וואו ער קלערט-אויף דעם סוד פון דער יהדות. דער גרעסטער פאָרשטייער פון יענער „תקופה פון אונטערגאַנג״ איז געווען ר׳ לוי בן גרשום (הרלב״ג, גרשוני,— 1288—1345), אַ גרינדליכער קענער פון מאַטע-מאַטיק, אַסטראָנאָמיע, נאַטורוויסנשאַפטן און מעדיצין. ער האָט געשריבן איבער מעדיצין, לאָגיק, מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, קריטיקירט פּטאָלאָמעאָס סיסטעם און האָט ממציא געווען אַן אַפּאַראַט פאַר אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַ-ציעס. ער האָט געוואוינט אַלס דאָקטאָר אינם פּויפּסטס גלות-רעזידענץ, אין אַוויניאָן און אין אַנדערע אומאָפּהענגיגע שטעט פון דרום-פראַנקרייך,— האָט ער גיט געליטן פון די צלם-פאָרערישע רדיפות און האָט זיך געקענט רויאיג אָפּגעבן מיט וויסנשאַפטליך-פילאָסאָפישע אַרבעטן. דאָס וויכטיגסטע פון אַלע זיינע ווערק איז זיין „מלחמות ה׳״, וואו ער האָט געשאַפן אַ נייע שיטה אין דער פילאָ-סאָפיע. צווישן פאָלק איז מער פאַרשפּרייט זיין פירוש אויף תורת משה. אין זיין צייט האָט געלעבט אויך דער פילאָסאָף ר׳ משה פון נאַרבאָנע, וואָס האָט געשריבן פירושים אויפן רמב״ם. ער איז געווען דער לעצטער פאָרשטייער פונם קלאַס דענקער-ראַציאָנאַליסטן אין דרום-פראַנקרייך. נאָך אים האָט די

יידישע פילאָסאָפיע, מיט אַ קאָנסערוואַטיווערער באַפאַרבונג, נאָך געהאַט אַ מקום מקלט בלויז אין שפּאַניע און טיילווייז אין איטאַליע.

### דער קולטור־צושטאַנד פון די יידן אין דייטשלאַנד.

די יידישע קולטור אין דייטשלאַנד איז געשטאַנען נידעריגער ווי די קולטור פון די יידן אין די ראָמאַנישע לענדער. דאָס איז געשען מחמת די אומאויפהערליכע קאַטאַסטראָפעס, וואָס די דייטשע יידן האָבן איבערגעלעבט אין משך פון XII—XV יר״ה. די יידישע געלערנטע אין גערמאַניע האָבן זיך בכלל ניט איבעריגס אויסגעצייכנט. דאָך האָבן זיך אין XIII יר״ה אַרויסגערוקט דריי גרויסע פערזענליכקייטן, בעלי התוספות: ר׳ יצחק בן משה פון ווין (1200—1270), דער מחבר פון „אור זרוע״ (אַ זאַמלונג תלמודישע סטודיעס) און גרינדער פון ווינער ישיבה; דער רא״ש, וואָס האָט מחמת די אימהדיגע פּאָגראָמען אויסגעוואַנדערט קיין שפּאַניע, און מהר״ם מרוטנבערג (1215—1293), אַ מעכטיגער תלמודישער טאַלענט און שטרענג פרומער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מאַסן „תשובות״ צו יידישע קהילות און רבנים. ער האָט אויך געשריבן פּיוטים און קינות, וואָס פון זיי איז מער באַרימט זיין „שאלי שרופה״. אין דער צייט פון די בלבולים און אויסוואַנדערונגען פון די יידן פון דייטשלאַנד איז ער געווען פון די ערשטע גולים, אָבער לויטן באַפעל פון קיסר רודאָלף איז ער אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה, וואו ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה. ביי זיין לעבן האָבן די יידן אים געוואָלט אויסלייזן פאַר אַ גרויסן סכום געלט, אָבער ער האָט עס ניט דערלאָזן, בכדי די קיניגן זאָלן ניט נעמען אַרעסטירן יידישע גדולים מיטן צוועק אויסצופּרעסן פון זיי געלט. נאָך זיין טויט האָבן די יידן אויסגעלייזט זיין טויטן קערפּער און געבראַכט צו קבר ישראל אין ווירמייזא.

אין XV יר״ה זיינען באַזונדערס באַרימט געוואָרן ר׳ ישראל איסרליין (געשט. אַרום 1460), דער מחבר פון „תרומות הדשן״, ר׳ ישראל ברונא, וואָס האָט זיך קוים געראַטעוועט פון טויט בעת די מהומות אין רעגענשבורג (1476), מחבר פון „תשובות״, און ר׳ יום טוב ליפּמאַן מילהויזען, מחבר פון „ספר הנצחון״, אַן אַפּאָלאָגיע פון דער יהדות (1410).

דער גייסט פון דער יהדות האָט זיך איינגעשרומפּן בלויז אין די מנהגים פון דת. דאָס פאַמיליען־לעבן און דאָס לעבן אין בית הכנסת זיינען געווען די צוויי מקלט־ערטער, וואו די געפייניגטע יידן האָבן געפונען

אָן אָפּרו פֿאַר זייער נשמה. די יידן אין דייטשלאַנד האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פיזיש און גייסטיג ריינעם פֿאַמיליען־לעבן, מיט געטרייער ליבע צום פֿאָלק און מסירת־נפש איינער פֿאַרן אַנדערן. די קהילה איז געווען ווי איין גרויסע משפחה, וואָס האָט פֿאַראייניגט אַלע אירע קינדער מיט איין שטייגער לעבן און שטרעבונגען. דער רב איז געווען דער פֿאָטער פון דער עדה, וואָס האָט שטענדיג געזאָרגט פֿאַר איר שלום און גליק. דער בית הכנסת איז געווען אַ שטאַרקע פֿעסטונג, וואו די יידן האָבן זיך אין אַ עת צרה באַפֿעסטיגט און די באַלעגערטע האָבן אויסגעקליבן בעסער צו שטאַרבן דאָרטן ווי גבורים מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן איידער אַריינצופֿאַלן אין די הענט פון זייערע שונאים און לעבן אין שאַנד. די נעמען פון די דאָזיגע קדושים האָבן פֿול געמאַכט די פּנקסים פון אַלע קהילות אין אייראָפּע און גאַנצע דורות האָבן מזכיר געווען זייערע ריינע הייליגע נשמות.

די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין דייטשלאַנד, האָבן זיך אַליין דאָרטן גערעכנט פֿאַר א י י ג ע נ ע, פֿאַר ד י י ט ש ע יידן, א ש כ נ ז י ם, אין אונטערשייד פון די פּראָוואַנסאַלישע און שפּאַנישע יידן, וואָס האָבן געטראָגן דעם אַלגעמיינעם נאָמען ס פ ר ד י ם. זיי האָבן געוואוינט אין גערמאַניע כמעט פונם מאָמענט, ווען אירע איינוואוינער זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דער היסטאָרישער אַרענע און האָבן צוזאַמען מיט דער אוראַלטער אָרטיגער באַפֿעל־קערונג און געקומענע גערמאַנער געשאַפֿן די דייטשע קולטור און די דייטשע שפּראַך האָבן זיי גערעכנט פֿאַר זייער אייגענער שפּראַך. בלויז אין דאַוונען און אין וויסנשאַפֿטליכע ווערק האָבן זיי געברויכט די העברעאישע שפּראַך און אין איר געשריבן זייערע קהילה־ביכער (פּנקסים), רעליגיעזע תקנות און די רשימות פון די קדושים. צווישן אַ באַפֿעלקערונג, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ נידעריגער מדרגה פון אַנטוויקלונג, ווי דאָס איז יעמאָלט געווען די דייטשע באַפֿעלקערונג, האָט דער ייד, וואָס האָט כמעט אַלעמאָל געקענט לייענען און שרייבן אויף העברעאיש, געבילדעט אַ גלענצנדיגן יוצא מן הכלל. אפשר אַדאַנק דער דאָזיגער מעלה האָט דער ייד אומעטום זיך געקענט געפינען און אומעטום ווערן נוצליך. דער ייד האָט געשריבן דייטש מיט העברעאישע אותיות און האָט זיך אַזוי צונויפגעלעבט מיט דער דאָזיגער שפּראַך און שריפט, אַז ער האָט זיך מיט איר ניט געקענט שיידן אפילו דאַן, ווען ער האָט איבער די קאַטאַסטראָפֿעס געמוזט פֿאַרלאָזן דייטשלאַנד. לויפנדיג קיין בעהמען און נאָכדעם קיין פּוילן און וויטער קיין מדינת רוס, נעמט דער ייד מיט זיך די דייטשע שפּראַך און פֿעלענגעוועט זי ווי אַן אייגענע.

ווי טיף די דייטשע שפּ־אַך איז אַריינגעדרונגען אין לעבן פונם מיטלאַל־טערליכן יידן, ווייזט דער פאַקט, וואָס עס האָט עקסיסטירט אַ יידישער מינע־זינגער (וואַנדער־זינגער). זיין נאָמען איז געווען זיסקינד פון טרימבערג. זיין טעטיקייט פאַלט אויס אויפן אָנהייב XIII יר״ה (1215). אינם פריצישן שלאָס אין ווירצבורג האָט ער באַקומען די ידיעות און דרכים פון אַ זיגגער, נאָכדעם איז ער אַרומגעגאַנגען אַ סך הויפן פון גרויסע פריצים און ריטער און ביים אַקאָמפּאַנימענט פון אַ פידל האָט ער געזונגען זיינע לידער. ער האָט גענומען פאַר אַ מוסטער די מינעזינגער וואַלטער פאָן דער פאָגעלווײדע און וואָלפראַם פאָן עשענבאַך און געשריבן זעער שיינע פערזן און הימנען. אָבער דאָס לעבן פונם דאָזיגן יידישן זינגער איז ניט געווען אויסגעבעט מיט רויזן: די פריצים האָבן אין אים געזעען מער אַ יידן איידער אַ מינעזינגער, כאָטש ער האָט זיך ניט אונטערשיידט פון זיינע חברים ניט מיט דער שפּראַך ניט מיט דער קליידונג. און אָט אויף די אַלטע יאָרן וואַרפט זיסקינד אַוועק זיין אומדאַנקבאַרע פידל, טוט אָן צוריק יידישע קליידער און קערט זיך אום צו די אייגענע, אין דער ענגער יידישער געטאָ.

דאָס איז זיסקינדס געזעגענונגס־ליד:

איך טאָר וואָללט דורך דיע לאַנדע ציעה׳ן,
צו צ״גן מיינע קונסט,
נון וויללל דער העררען האָף איך פליעה׳ן,
עס פעהלט מיר איהרע גונסט.

ווילל וואַכזען לאַסטען מיר דען באַרט,
די גראַוען האַארע מיין,
אונד ווילל נאַך אַלטער יודענאַרט
נור לעבען מיר אַלליין.

מיין מאַנטעל זאָל מיר וואַללען לאַנג,
טיעף אונטער מיינעם הוטע,
דעמוטיגליך זיי יעצט מיין גאַנג.
אונד ניכט מעהר זינג איך האֶפישען געזאַנג.
זייט מיך די העררען טריעבען,
פאָרט פאָן איהרעם גוטע.

## די יידישע קולטור אין איטאַליע.

איטאַליע איז געשטאַנען אינגאַנצן אָן אַ זייט פון דער מיטלאַלטערליכער געשיכטע און האָט זיך אַנדערש און פריער אַנטוויקלט, ווי די איבעריגע אייראָפּע, אויף אַלע געביטן פון מאַטעריעלער און גייסטיגער קולטור. זי איז געווען צעטיילט אויף פרייע מדינות און שטעט, וואו דער רוב באַפעלקערונג איז געווען ווייט פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם. איז איטאַליע געווען דאָס איינציגע לאַנד, וואו די יידן זיינען אין מיטלאַלטער ניט געיאָגט געוואָרן, ווי אין די איבעריגע לענדער פון אייראָפּע. אין XIV און XV יר״ה האָט אין איטאַליע עקסיסטירט אַ סטאַטוס, וואָס האָט אָנערקענט די רוימישע יידן פאַר „רוימישע בירגער" פון אַ באַזונדערער קאַטעגאָריע, וואָס געהערן צו דער פּויפּסטליכער יוריסדיקציע. זיי האָבן געוואוינט אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל און געהאַט אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג מיט פּרנסים פון דער קהילה. די יידן אין איטאַליע האָבן געהאַט רעכט צו באַשעפטיגן זיך מיט אַלע מלאכות און האַנדל, אפילו מיט ערדאַרבעט, און זייער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ גוטע. דאָס האָט געווירקט אויך אויף דער קולטורעלער לאַגע זייערער. תורה און חכמה זיינען דאָרטן ניט געווען קיין שונאים. דער איטאַליענישער יידנטום האָט אַרויסגעגעבן גרויסע פּערזענליכקייטן הן אויפן געביט פון תורה הן אויף די געביטן פון וויסנשאַפטן. שוין אין עלפטן יר״ה זיינען באַרימט געווען די תלמודיסטן און פּייטנים פון דער משפחה פון רבנו קלונימוס און דער גרויסער פילאָלאָג רבנו נתן בעל „הערוך". די יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט אויפן געביט פון מעדיצין. אין XIII יר״ה זיינען באַרימט געווען די פילאָסאָפן ר׳ יעקב אַנאַטאָלי, וואָס האָט איבערגעזעצט אויף איטאַליעניש די ספרים פון רמב״ם און פון אַראַביש אויף העברעאיש וויסנשאַפטליך-פילאָסאָפישע ווערק, די קאָמענטאַרן פונם אַראַבישן פילאָסאָף אַוועראָעס צו אַריסטאָטעלעס „לאָגיק" און אייניגע אַסטראָנאָמישע ביכער,— און דער דאָקטאָר ר׳ הלל פון וועראָנע, מחבר פון „תגמולי הנפש" וועגן דער אומשטערבליכקייט פון דער נשמה. דער הויכגעבילדעטער און טאַלענטפולער שריפטשטעלער און פּאָליטיקער קלונימוס בן קלונימוס (1286—1337) איז געווען באַפריינדעט מיטן נעאַפּאָליטאַנישן קיניג און מיט זיין מאַטעריעלער הילף האָט ער איבערגעזעצט פון אַראַביש אויף העברעאיש און לאַטיין קרוב דרייסיג ביכער אויף אַלע געביטן פון יעמאָלטיגע וויסנשאַפטן און פילאָסאָפיע. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען: „אגרת בעלי חיים", „אבן בוחן" און „מסכת פורים". גאָר באַרימט איז געוואָרן דער זעער טאַלענטפולער רענעסאַנס-דיכטער עמנואל הרומי (1270—1330), דער צייט-חבר פונם גרויסן דיכטער

דאַנטע. עמנואל הרומי איז געווען דער איינציגער דיכטער אין מיטלאַלטער, ביי וועמען עס פעלט לחלוטין דער רעליגיעזער עלעמענט. זיין „מחברת" איז אַ זאַמלונג פון סאַטירישע און לירישע לידער. דאָרטן געפינט זיך אויך זיין פאָעמע „התופת והעדן", וואָס איר אינהאַלט איז ענליך אויף דאַנטעס „געטליכער קאָמעדיע", עמנואל הרומי איז פאַראָרימט געוואָרן און האָט געמוזט אָנקומען צו מעצענאַטן. אין איטאַליע זיינען געווען נאָך אַ סך דיכטער און פילאָסאָפן. דער גרעסטער פון די פילאָסאָפן איז געווען ר' אליהו דעלמעדיגאָ (1460—1497). ער איז געווען אַ הומאַניסט און האָט געלייענט לעקציעס איבער פילאָסאָפיע אין פאַדואַנער אוניווערסיטעט, אין פלאָרענציע און ווענעציע. אין דער ליטעראַטור האָט ער פאַראייביגט זיין נאָמען מיט זיין ספר „בחינות הדת", וואו ס'זיינען באַאַרבעט די יסודות פון דער פילאָסאָפיע פון דער יהדות.

**מיסטיש־משיחישע באַוועגונגען.**

דער חורבן פון ארץ־ישראל דורך די צלם־צוגן אין XII יר"ה, די אויסשְׁהטונג פון מאַסן יידן אין אייראָפּע און צפון־אַפריקע האָבן געמאַכט אַן אומגעהייערן רושם אויף די יידן אין די מזרח־לענדער, וואָס האָבן געגלויבט, אַז דאָס זיינען „חבלי משיח". און פלוצלינג האָט זיך אין די גרעניצן פון פערסיע צווישן די פשוטע און פרייע יידן באַוויזן אַ יונגער ענערגישער מענטש, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון באַפרייאונג פון זיין פאָלק דורך מלחמה. דער נאָמען פון דעמדאָזיגן וואונדערליכן מענטשן איז געווען דָוִד אַל רָאִי (דער הירט). ער איז געווען אַ תלמיד פון באַגדאַדער ישיבה, העכסט געבילדעט אין תורה, וויסנשאַפטן און פילאָסאָפיע, אַ פאַנטאַסט, אַ פאָעט, אַ באַגייסטערטער אידעאַליסט און האַרציגער רעדנער. די בערגישע יידן, פון וועמען ער האָט געשטאַמט, האָבן אים אָנגענומען פאַרן משיח און דערלייזער פון זיין פאָלק. זיין נאָמען איז באַלד באַוואוסט געוואָרן אויך אין די העכסטע מוסולמענישע ספערן. ווי בר כוכבא בשעתו, האָט ער געהאַלטן, אַז נאָר מיט ממשדיגן כוח קען מען באַפרייען אַ פאָלק, און ס'האָבן זיך גענומען קלייבן אונטער זיינע פאָנען געוואַלדיגע מאַסן געהיים־באַוואָפנטע בערגישע יידן און אים אויפגענומען פאַר אַ נשיא איבער זיך. די לאַגע איז געוואָרן זייער ערנסט און ס'האָט אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ פונם פערסישן הערשער. ער האָט אונטערגעקויפט דוד אל־ראיס שווער, האָט זיין איידעם אַ שלאָפעדיגן געטויט. אָבער די אָנהענגער פון דוד אַל־ראי, וואָס האָבן זיך גערופן „בני מנחם", האָבן געגלויבט, אַז ער לעבט און האָט זיך בלויז פאַרבאָרגן, ווייל דער דור איז נאָך ניט ראוי צו דער

גאולה, אָבער סוף כל סוף וועט ער באַשטימט קומען. וועגן אים זיינען געשאַפן געוואָרן מאסן וואונדערליכע לעגענדעס.

אויך אין אייראָפּע האָט זיך פאַרשטאַרקט די אמונה אין דער נאָענ־טער ביאת הגואל, אָבער דאָ איז אַלץ געווען געבויט אויף מיסטיק.

אין דער צייט פונם פאַרביטערטן געראַנגל צווישן די רבנים, וואָס האָבן באַגרינדעט די יהדות אויף אמונה און מצוות המעשיות, און די דענקער, וואָס האָבן זי געוועלט באַגרינדן אויף דער וויסנשאַפט, איז אויפגעקומען אַ מיסטישע באַוועגונג, וואָס האָט געזוכט אין דער יהדות שפּייז פאַרן האַרצן און ניט פאַרן שכל, פאַר התפשטות היש און ניט פאַר זעלבסטבאַוואוסטזיין. מענטשן מיט אַ וואַרימען האַרצן האָבן ניט געקענט שלום ווערן מיטן „געזונטן פאַר־שטאַנד" פון די פילאָסאָפן, וואָס האָט אַראָפּגענומען דעם פּאָעטישן לבוש פון דער רעליגיע, געגעבן אַבסטראַקטע אידעען אָנשטאָט לעבעדיגע בילדער און פאַרפרירט די נשמה. זיי האָבן זיך אָבער אויך ניט געקענט באַפרידיגן מיט דער פאָרמעלער רעליגיעזער געלערנטקייט און טרוקענער דאָגמע. דער שכל איז מאַכטלאָז אַריינצודרינגען אין די סודות פון דער וועלט־יצירה; ער מוז אָנקומען צו דער הילף פון דער רייכער וואַרימער פאַנטאַזיע. אָנשטאָט צו זוכן אַן ערקלערונג פון דער יהדות אין די נאַטורוויסנשאַפטן און ביי אַריסטאָטעלעס, האָט מען גענומען זוכן אין די אייגענע מקורים. אין די געדיכטע וועלדער פון תלמודישער אגדה און פון מדרש, אין „ספר יצירה" און אַנדערע, באַזונדערס אָבער אין „זוהר", איז אַנטפּלעקט געוואָרן דער שליסל צו די סודות פון דער תורה. אַזוי איז אין XIII יר״ה צווישן די שפּאַנישע און פּראָוואַנסאַלישע יידן אויפגעקומען די „קבלה" (טראַדיציע, וואָס ווערט דורך יחידי סגולה איבערגע־געבן פון דור צו דור) אָדער „חכמה נסתרה" (ח״ן,—געהיימע וויסנשאַפט), וואָס שטאַמט אייגנטליך פון אוראַלטן מזרח; איז דורכגעגאַנגען דורך דער שול פון ידידיה־פילון האלכסנדרוני, פעסטער געוואָרן אין די צייטן פון די גאונים און פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די יידן אין דער תקופה פון די גרעסטע רדיפות אויף זיי, ווען זיי האָבן געזוכט אַ זין פאַר זייער ליידן, אַ טרייסט און האָפענונג אויפן עתיד. די בעלי קבלה אָדער „יודעי ח״ן" האָבן זיך דערנעענטערט צום פאָלק, געהויבן אים צו זיך און געבראַכט אים די טרייסט און האָפענונג אויף דער נאָענטער דערלייזונג דורך מלך המשיח. זיי זיינען קאַטעגאָריש אַרויסגעטראָטן קעגן דערקלערן די תורה לויטן מענטשליכן שכל. אין די ספּורים פון דער תורה און איר מאָראַל האָבן זיי געזען בלויז סודות און רמזים אויף

חשובערע און דערהייבענערע ענינים. איבער דער גאַנצער יצירה איז אויסגע־שפרייט אַ באַהאַלטענער סוד, וואָס איז ניט צוטריטליך דעם מענטשליכן פאַר־שטאַנד. די אמתן און סודות, וואָס דער שכל באַגרייפט ניט, קענען באַנרייפן יחידי סגולה, וואָס האָבן רוח הקודש. וואָס מער די יחידי סגולה פאַרטיפן זיך אין דער „העכסטער חכמה" (קבלה), אַלץ נעענטער זעען זיי גאָט און קענען אפילו באַקומען דעם כוח צו ווירקן אויף די העכערע וועלטן. גאָט איז אֵ י ן ס ו ף (אומענדליכקייט). פון דער רעאַלער וועלט צו אים פירן צען ספערן (עשר ספירות). דער מקובל, וואָס וועט דורכגיין אַלע ספערן, וועט דערזען גאָט פנים אל פנים און ווערן משיח דער גואל צדק; וועט אויסלייזן די וועלט פון איר טומאה און פיין, עפענען פאַר איר דעם מקור פון אַבסאָלוטן אייביגן אמת און זעצן אויפן טראָן דעם צדק עולמים.

דער ספר הספרים פון דער קבלה איז דער „זוֹהַר" (די שיין), וואָס איז געשריבן אויף ארמית אין דעם סדר פון די חמשה חומשי תורה. ווער איז דער מחבר פון „זוהר" און ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט געוואָרן, איז נאָך עד היום אויף זיכער ניט באַוואוסט. די פאָלקס־לעגענדע זאָגט, אַז דער מחבר פון „זוהר" איז דער תנא ר' שמעון בן יוחאי — דאָס הייליגע ליכט (בוצינא קדישא), וואָס אים האָט גאָט אַליין מגלה געווען אַלע סתרי תורה — און דער רמב"ן, וואָס איז נוטה געווען צו קבלה, האָט אים אויף אַ פֶּלאַדינגן אופן געפונען אין ארץ ישראל און אַריבערגעשיקט צו די יידן קיין אייראָפּע צו מאַכן פון אים העתקות און פאַרשפּרייטן אים. איינינע געלערנטע האַלטן, אַז דער מחבר פון „זוֹהר" איז דער שפּאַנישער מקובל ר' מ ש ה ד י ־ ל ע אָ ן (אַן ערך 1250—1305), אַ געהיימניספּולער מענטש אַ נע־ונדניק, וואָס פון אים זיינען פאַרבליבן צוויי מיסטישע ספרים („ספר הרִמון" און „ספר המשקל"). דאָס איז אבער מער ניט ווי אַ השערה.

אַלס גרויסע ערשטע מקובלים רעכענען זיך: דער לייב־דאָקטאָר פון קאַסטילישן הויף און גרויסער מנהיג פון די שפּאַנישע יידן ר' טודרוס הלוי אַבולאַפיאַ (ד"א תתקצ"ד—ה"א ס"ד, 1234—1304), אַ פּלימעניק פונם דערמאָנטן אַנטי־מיימוניסט ר' מאיר אַבולאַפיאַ, און זיינע צוויי זין ר' לוי און ר' יוסף; ר' יצחק אבן־לאַטיף (אַללאַטיף), מחבר פון „צרור המור" און „צורת העולם", ר' יוסף גיקאַטיליע (געשט. אַן ערך 1305), מחבר פון „גִנַת אֱגוֹז" און רבנו בחיי בן אשר, מחבר פון אַ פירוש אויף תורה, וואָס האָט אַ גרויסן נאָמען אין טייטש־חומש. דער גרעסטער אָבער פון די מקובלים דאַן איז געווען ר' אברהם בן שמואל אַבולאַפיאַ פון סאַראַגאָסע (ה"א—ה"א נ'), אַן אויסערגעוויינליכער פאַנ־

טאַסט און ענטוזיאַסט, וואָס האָט פלאַמענדיג, ביז מסירת נפש געליבט זיין פאָלק און געחלומט פון זיין גאולה. פריער באַגייסטערט פון רמב״מס פילאָסאָפיע, האָט ער נאָכדעם געשאַפן אַן אייגענע נייע נביאישע שיטה אין קבלה, אָפּגע־זאָגט זיך פון אַלע תאוות פון עולם הזה און געפּייניגט זיין גוף מיט סיגופים, כדי דורך התפשטות הגשמיות צו דערגרייכן רוח־הקודש. אַן אומרואיגע אומ־דערמידליכע נאַטור פון אַ נע־ונדניק, האָט ער שוין אין זיין יוגנט זיך געלאָזן אין אַ נסיעה אויפצווזכן דעם לעגענדאַרישן טייך סַמבַּטיון און די פאַרלאָרענע עשרת השבטים. ער האָט דורכגערייזט גאַנץ דרום־אייראָפּע, ארץ ישראל, אַ סך לענדער פון אַזיע און אומעטום האָט ער געפירט אַ לעבן פון ריינקייט און הייליגקייט. ער האָט אָנגעהויבן זען חזיונות, גענומען גלויבן אין זיך, אַז ער איז משיח, און האָט אַרויסגערעדט מיט די ליפּן דעם שם־המפורש. ער האָט דערוואָרבן אַ סך תלמידים און אָנהענגער. זיינע צוויי תלמידים, דער דערמאָנטער ר׳ יוסף גיקאַטיליע און ר׳ שמואל פון אֵילון (סעגאָוויע), האָבן געגלויבט, אַז זיי זיינען נביאים. אין שפּאַניע האָט מען אים אָנגעהויבן רודפן. דאַן איז ער אַוועק קיין רוים און גענומען איבערציינגן דעם פויפּסט, ער זאָל זיך מגייר זיין. פאַר דעם דאָזיגן דרייסטן רעיון האָט מען אים אַרעסטירט און פאַרמשפּט צו פאַרברענען. דורך אַן אומבאַוואוסטער סיבה איר ער ניצול געוואָרן און איז אַוועק קיין סיציליע, וואו ער האָט גענומען אָפן אַרויסטרעטן אַלס משיח. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן קליבן אַרום אים מאַסן פון פאָלק. דאַן האָבן די מנהיגים פון די קהילות זיך געווענדט קיין שפּאַניע צו ר׳ שלמה בן אדרת מיט אַ שאלה, ווי צו האַנדלען. דער רשב״א האָט גע־ענטפערט, אַז ער קען אבולאַפיען פאַר אַ פאַנטאַזיאָר און מיסטיפיקאַטאָר. איינינע רבנים האָבן אים אַריינגעלייגט אין חרם. דאַן האָט ר׳ אברהם אבולאַפיא שוין אין ערגעץ קיין תקומה ניט געהאַט. ער האָט נאָך אומגעוואַנ־דערט אויף די אינזלען פון מיטללענדישן ים און איז אָן אַ שפּור נעלם געוואָרן. ער האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אין כתב־יד זעקס און צוואַנציג נביאישע און משיחישע ספרים, וואָס זיינען געוואָרן אַ קוואַל, פונוואַנען עס האָבן געשעפּט אַ סך גרויסע מקובלים פון די שפּעטערדיגע דורות. געדרוקט זיינען בלויז איינינע פון זיי: „שבע נתיבות״, „אמרי שפר״, „אור השכל״, „ספר האות״ (ספר זכריהו) א. א.

אָבער אפילו נאָכן פאַרשווינדן פון דעם דאָזיגן וואונדערליכן מאַן, וואָס אַפילו זיינע גרעסטע קעגנער האָבן אין אים ניט געקענט געפינען קיין חטא, זיינען ניט אָפּגעווישט געוואָרן די שפּורן פון זיין השפעה אויף זיין דור

און אויף די שפּעטערדיגע דורות. נאָך אים זיינען אין שפּאַניע אויפגעשטאַנען זיינע צוויי תּלמידים, דער דערמאָנטער ר׳ שמואל אין אֵילון און אַ צווייטער (אָן אַ נאָמען) אין אווילאַ, וואָס האָבן זיך אַרויסגעגעבן פאַר „משיחים“ אָדער נביאים בעלי מופת און האָבן פאַרזיכערט דעם פאָלק, אַז זיי זיינען דורך קבלה דערגאַנגען דעם קץ הפלאות און דער טאָג פון דער גאולה איז נאָענט. ס׳האָבן זיך ווידער אויפגעהויבן באַוועגונגען פון די עלנדע פאָלקס-מאַסן און ווידער האָט מען די „משיחים“ מחרים געווען. די מאַסן האָבן אויף די חרמות ניט געקוקט, אַבער די באַוועגונגען האָבן זיך געענדיגט מיט אַ טראַגישן יאוש. דער סוף פון די צוויי נביאים איז געבליבן אומבאַוואוסט.

---

# כא. גירוש-שפּאַניע.

**די נייע ריכטונג אין דער שפּאַנישער אינעווייניג-סטער פּאָליטיק.**

אין רעכטן ברעג פון די מיטלאַלטערליכע בלוט-אָרגיעס אין דער ראָמאַניש-גערמאַנישער איירָאָפּע איז שפּאַניע געבליבן לפי ערך רואיג. צום סוף פון מיטלאַלטער האָט אָבער שפּאַניע אַזוי ווי חרטה געהאַט און האָט זיך באַמיט צו פאַררייכטן איר „פעלער“. אינם שפּאַניער האָט זיך אויפגעכאַפּט די חיה פון די וועסטגאָטישע צייטן, וואָס איז בלויז פאַרטויבט געוואָרן פון די קלעפּ פון דער אַראַבישער ממשלה און אונטער דער השפעה פון אַ הומאַניטאַרער ציוויליזאַציע אויף עטליכע יאָרהונדערטן איינגעשטילט געוואָרן. און אויפגעוועקט די דאָזיגע חיה האָט דער קלעריקאַליזם, וואָס האָט אונטערגעגראָבן די יסודות פונם נאָרמאַלן צוזאַמענלעבן און אָנגעצונדן די ליידנשאַפטן פונם פאָלק אויפן באָדן פון רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע אונטערשיידן.

אין דער מיטלאַלטערליכער שפּאַניע האָט געלעבט אַ פאַרשיידנאַרטיגע באַפעלקערונג: קריסטן, יידן און מוסולמענער, ד. ה. דריי רעליגיעס, דריי ראַסן, דריי קולטורן. אין משך פון עטליכע יאָרהונדערטן האָבן זיי זיך ווי עס איז איינגעלעבט און שפּאַניע האָט געבילדעט אַ מין ליכטיגן פלעק אויפן שוואַרצן פאָן פון מיטלאַלטער. אָבער די פרייע קולטורעלע קאָנגזייטיגע ווירקונג פון די דריי פעלקער איז געווען ניט צום האַרצן דעם קלעריקאַליזם. פון אָנהייב האָט ער זיך געהאַלטן אָן אַ פאַרטיידיגונגס-פּאָליטיק: האָט געשטרעבט צו פאַרהיטן די קריסטן פון דער השפעה פון דער אַראַביש-יידישער קולטור דורך גייסטיגער אָפּזונדערונג; נאָכדעם איז דער קלעריקאַליזם אַריבער צו

אָפּענסיווע, וועלנדיג באַפעסטיגן די אייבערמאַכט פונם קריסטליכן עלעמענט איבער די איבעריגע; צום סוף האָט ער אין נאָמען פון קריסטליך־מלוכה־שאַפטליכער אייניגקייט אָנגעהויבן אַ פּאַרטיליגונגס־מלחמה קעגן אַלע אנדערע פעלקער און גלויבנס אין לאַנד. דער לאָזונג פון אַלע שפּאַנישע פּאָליטיקער פון XV יר"ה איז געוואָרן: איין אמונה, איין נאַציע און איין ציוויליזאַציע אין גייסט פון דער הערשנדיגער קירך. כּדי צו דערגרייכן דעם דאָזיגן אידע־אַל, איז נייטיג געווען אָדער צו פאַרטיליגן די אנדערש־גלויביגע און אנדערש־שטאַמיגע עלעמענטן, ד. ה. די יידן און מוסולמענער, אָדער מיט געוואַלד צו אַסימילירן זיי מיט דער קריסטליכער באַפעלקערונג, כּדי זיי זאָלן אין איר ענדגילטיג פאַרשווינדן. אין אנדערע לענדער האָט מען די יידן געדריקט, געהרגעט אָדער אַרויסגעטריבן, ווען מ'האָט אָנגעוואָרן די האָפענונג צו פאַר־וואַנדלען זיי אין געטרייע זין פון דער קירך; אין שפּאַניע האָט מען ניט גע־וואָלט שיידן זיך מיט דער דאָזיגער האָפענונג און די „אידעע" פון מאַסנהאַפטן צוואַנג־שמד, וואָס האָט מיט איר דרייסטקייט געשראָקן אפילו די רוימישע פּויפּסטן, האָט זיך טיף איינגעגעסן אין די מוחות פון די שפּאַנישע קלעריקאַלן און געמאַכט זיי פאַר „מער קאַטוילן איידער דער פּויפּסט אַליין". „טויט אָדער טויף!" — איז געוואָרן דער פּאַראָל פון די שפּאַנישע צלם־פּאָרער פון סוף XIV און גאַנצן XV יר"ה, — און עס האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקליכע טראַגעדיע פון „יידן־קריסטן", וואָס האָט זיי געבראַכט צו די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע און צום גירוש פון די יידן פונם פּירענעאישן האַלב־אינזל.

### די גרויסע שחיטות אין קאַסטיליע און אַראַגאָניע.

אין גאַנץ קאַסטיליע, אַראַגאָניע און נאַ־וואַרע האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַגיטאַ־ציע אין גייסט פון דער נייער פּאָליטישער ריכ־טונג. ניט געקוקט דערויף, וואָס די ברייטע יידישע מאַסן זיינען געווען ניט רייכער פון די ברייטע קריסטליכע מאַסן, האָט מען פאַר דער רייכקייט פון יחידים אַרויסגערופן שנאה צום גאַנצן פאָלק. אין קאַסטיליע האָבן זיך געפונען ביי אַ מיליאָן יידן און די גרעסטע מערהייט האָט זיך באַשעפטיגט מיט ערדאַרבעט, מלאכות און קליין־האַנדל; דער איבע־ריגער, ווייט קלענערער טייל האָט זיך באַשעפטיגט מיט גרויס־האַנדל אָדער מיט פרייע פּראָפעסיעס. די יידן זיינען געווען קולטורעל און פלייסיג. געוויסע אויסגעצייכנטע יידן האָבן אַפילו פאַרנומען מלוכה־שטעלעס. כּמעט אַלע

שפּאַנישע מלכים האָבן געהאַט בײַ זיך אין די הויפן יידן דאָקטוירים, געלערנ־טע, פינאַנס־מיניסטאָרן, יועצים וכדומה. עס זײַנען אויפגעקומען גאַנצע משפּחות פון אַזוינע יידישע אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן אַפילו באַקומען דעם טיטל „דאָן" פאַר זייערע גרויסע אויפטוען פאַר דער מלוכה. דעם אייגענעם פאָלק האָבן זיי גאַנץ ווייניג טובות געטאָן, זיי האָבן געלעבט בלויז פאַר זיך. זיי האָבן אין אַלץ נאָכגעטאָן דעם קריסטליכן אַדל, זיך געפּוצט און געצירט און געלעבט אין גרויס לוקסוס, וואָס האָט אויפגערייצט די אויגן פון די קריסטן. די יידישע אַריסטאָקראַטן האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף אײַנגעוואָרצלטע בירגער פון לאַנד, אָבער די שפּאַנישע דאָנען האָבן געקוקט אויף זיי ווי אויף „פרעמדע", מקנא געווען זייערע פּאַלאַצן, פילפּערדיגע קארעטן, רײַכער קליידונג און מאָלצייטן, און די גלחים האָבן די יידישע גדולה געהאַלטן פאַר אַ זינד קעגן דער קירך. די יידישע עדה האָט אין איר אינעווייניגסטן לעבן געהאַט אַ פרײַע אַוטאָנאָמיע, ווי אַמאָל די יידישע קהילות אין בבל און אין דער אַראַבישער שפּאַניע. דאָס אַלץ האָט אויפגערעגט די אַדעליגע און די מלכים און געגעבן שטאָף פאַר דער שוואַרצער אַגיטאַציע.

פירער פון דער יודאָפאָבישער באַוועגונג איז געוואָרן דער אויבערשטער גייסטליכער פון סעווילִיע פערנאַנדאָ מאַרטינעץ, אַ ליידנשאַפטליכער פאַנאַטי־קער, וואָס האָט געחלומט וועגן אָפּרייניגן די קאַטוילישע שפּאַניע פון יידן, מאַורען און הערעטיקער. ער האָט גוט געוואוסט די שטימונג פון פאָלק און איז עפנטליך אַרויסגעטראָטן מיט אַן אָנצינדנדיגער העצע קעגן די אָנהענגער פון אַלטן טעסטאַמענט. ער האָט געדונערט קעגן זייער „פאַלשער לערע" און קעגן זייער וואַקסנדיגן וואוילשטאַנד און השפעה אין דער מלוכה, אויפגערופן צו שמדן זיי אָדער פאַרטיליגן. איינמאָל האָט ער אויף אַן עפנטליכן פּלאַץ אין סעווילִיע געהאַלטן אַ גיפטיגע רעדע און אין רעזולטאַט האָט זיך אָנגע־הויבן אַ פּאָגראָם אויף די יידן. דעם מאָל האָט די שטאָטישע מאַכט בײַ־צייטנס אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם, אָבער מאַרטינעץ האָט סוף כל סוף זיך דערשלאָגן צו זיין ציל: דעם דריטן טאָג אין תמוז ה"א קנ"א (6 יוני 1391) האָט זיך אין סעווילִיע אָנגעהויבן אַ שחיטה, וואָס איז שוין ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן. ווי לויט אַן אָפּמאַך, זײַנען זיך פון אַלע טיילן שטאָט צונויפגעלאָפן די „בירגער", אָנגעפאַלן אויפן יידישן קוואַרטאַל (יודעריאַ), אונטערגעצונדן די יידישע הייזער, געמאָרדעט אַלט און יונג, ווייב און קינד און ראַבירט דאָס האָב און גוטס. ס'זײַנען אויסגעשאָחטן געוואָרן קרוב פיר טויזנט יידן, אַסך געצוואונגען געוואָרן געפאַנגען און פאַרקויפט אין שקלאַפערײַ און די איבעריגע האָט מען

מיט געוואַלד צעשמדט. די בתּי־כּנסיות האָט מען חרוב געמאַכט אָדער פאַר־וואַנדלט אין קירכן. אַזוי איז אין איין טאָג פאַרוויסט געוואָרן אַ בליענדיגע און אוראַלטע יידישע קהילה, וואָס האָט געציילט 25000 נפשות.

די סעווילער שחיטה האָט געגעבן אַ סיגנאַל צו פּאָגראָמען אויף די אומבאַשיצטע יידן אין גאַנץ קאַסטיליע. די כראָניקעס־שרייבער דערציילן וועגן שוידערליכע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די הייזער און אויף די גאַסן פון קאָרדאָווע און טאָלעדאָ, וואו ס'זייגען אָנגעמאַכט געוואָרן וואַנדאַלישע פאַרוויסטונגען. ביז זיבעציג יידישע קהילות זיינען צונישט געוואָרן. דאָ זיינען פאָרגעקומען מאַסן קידוש־השם, ווי אַמאָל אין פראַנקרייך און דייטש־לאַנד. צווישן די קדושים פון טאָלעדאָ זיינען אויך געווען אַלע מיטגלידער פון דער משפחה פון רבנו אשר בן יחיאל (הרא״ש), וואָס זיינען עס אַנטלאָפן אַהער ראַטעווען זיך פון דייטשלאַנד. אָבער נאָך גרעסער איז געווען די צאָל יידן, וואָס האָבן מחמת שוואַכקייט פון כאַראַקטער לפנים אָנגענומען דעם קריסטנ־טום. באַגייסטערט פון „נצחון", האָבן די קריסטן געוועלט מאַכן אַזאַ שחיטה אויך אויף די מאַוורען אין קאַסטיליע, אָבער זיי האָט אָפּגעהאַלטן די מורא, די מוסולמענער אין גרענאַדע און אין אַנדערע בערבערישע מדינות זאָלן ניט נקמה נעמען פון די דאָרטיגע קריסטן. פאַר די יידן אָבער איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך אָננעמען און מ'האָט זיי פאַרטיליגט אומבאַשטראָפט.

באַלד האָט די עפּידעמיע פון פּאָגראָמען אַרומגעכאַפּט אויך גאַנץ אַראַ־גאָניע, וואוהין ס'זיינען געקומען ספּעציעלע אַגיטאַטאָרן פון סעווילע. אין וואַלענסיע האָבן די יידן דערלאַנגט אַ ווידערשטאַנד, זיי זיינען אָבער צו שוואַך געווען, און די קהילה פון פינף טויזנט נפשות איז צעשמעטערט געוואָרן: אַ טייל זיינען אומגעקומען פון שווערד, אַטייל צעשמדט געוואָרן און אַ טייל זיך צעלאָפן אין די נאָענטע מדינות. אין באַרצעלאָנע, דעם יידישן הויפּט־צענטער אין אַראַגאָניע, האָבן זיך די יידן פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג אונטערן שוץ פון גובערנאַטאָר. אָבער דער צעבושעוועטער המון האָט באַלע־גערט און אונטערגעצונדן די פעסטונג. פאַרלירנדיג די האָפענונג, האָבן אַ סך יידן זיך אַליין גענומען דאָס לעבן, אַנדערע האָבן אין פאַרצווייפלונג זיך גע־וואָרפן אויפן שונא און זיינען אומגעקומען אין אַן אומגלייכן געראַנגל און אַנדערע האָבן בוגד געווען אין זייער גלויבן. אַזוינע הריגות און שחיטות זיינען פאָרגעקומען אין אַלע איבעריגע שטעט און אינזלען פון שפּאַניע. דאָך איז די יידישע באַפעלקערונג אין שפּאַניע ניט פאַרטיליגט געוואָרן. ס'זיינען איבערגע־זעטיגט געוואָרן די בלוטיגע געלוסטן פון די מערדער. די יידן זיינען אַביסל

צו זיך געקומען. אָבער אין משך פון גאַנצן XV יר"ה האָט זיך דער מצב פון די יידן שטענדיג געהאַקלט צווישן האָפענונג און יאוש.

ס'איז איינגעפירט געוואָרן אַ געטאָ און גזירות לויט דער דייטשער סיסטעם האָבן זיך געשאָטן אויף די יידישע קעפ אַלץ מער; אָנפאַלן, ראַבירונגען און הריגות האָבן זיך איבערגעחזרט גאַנץ אָפט; דער ייד איז געווען דערני-דעריגט עד שאול תחתיה. דאָס אַלץ האָט נאָך מער פאַרהאַרטעוועט די עדה. מאַסן יידן זיינען אומגעקומען, מאַסן זיינען אָפּגעפאַלן, דער קערן פון פאָלק איז אָבער געבליבן גאַנץ און געטריי דעם אייגענעם געוויסן.

## די אַנטרינונג קיין פּאָרטוגאַל.

אַ טייל אַנטרונענע פון שפּאַניע האָבן געפונען אַ מקום מקלט אין די מוסולמענישע לענדער פון צפון-אַפריקע, וואו ס'האָבן ווידער געגומען בליען די יידישע קהילות. אָבער אַ גרעסערער טייל האָט זיך געראַטעוועט אין דער נאָענטער פּאָרטוגאַל, וואו ס'האָט פון גאַנץ אַלטע צייטן געלעבט אַ יידישע באַפעלקערונג. די יידן אין פּאָרטוגאַל האָבן אויך געהאַט אַ אינעווייניגסטע אַווטאָנאָמיע און אויסגעצייכנטע יידן האָבן פאַרנומען הויכע שטעלעס אין דער מלוכה. צוליב דעם זיינען אַהער געלאָפן אויך מאַסן אנוסים פון שפּאַניע, וואָס האָבן זיך דאָ אָפן צוריקגעקערט צו דער יהדות. דער גרעסטער פון די פּאָרטו-גאַלישע רבנים, דאָן משה נאַווראַ, וואָס איז געווען אויך לייב-דאָקטאָר ביים קיניג זשואַן I, האָט דערוויזן פון פויפּסטליכע בולעס, אַז מ'טאָר ניט טויפן יידן מיט געוואַלד,—האָט דער קיניג באַפוילן, קיינער זאָל ניט טאָן קיין בייז די אנוסים, וואָס זיינען צוריק געוואָרן יידן.

## די פאַרטיידיגונגס-ליטעראַטור.

די גלחים און מאָנאַכן האָבן געאַרבעט אויף אַלע פראָנטן, כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו מאַכן אַ סוף מיט די יידן און דער יהדות. צווישן די אויסגעפּרובטע מיטלען פון מאַטעריעלער, פיזישער און מאָראַלישער פאַרטי-ליגונג פון די יידן האָבן זיי איצט נאָך מער עקשנותדיג אויסגענוצט אויף דעם מיטל פון רעליגיעזע וויכוחים, וואָס פלעגן פאָרקומען פאַר גרויסע פאַרזאַמ-לונגען פון יידן, קריסטן און מחמדאנער. ס'רוב פלעגן די גייסטליכע אַרויס-שטעלן קעגן די יידישע רבנים דווקא געלערנטע משומדים. אַזאַ איז געווען דער משומד אַבנר-אַלפאָנזאָ, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן צו זיין געוועזענעם פאָלק ווי אַ גיפטיגער בוגד-פראַווָקאַטאָר. געוויינליך האָבן די יידישע אָפּאָנענטן

ניט געהאַט קיין פרייהייט פון וואָרט, בעת די אַטאַקירער האָבן געמעגט ריידן וואָס זיי האָבן געוואָלט. דאָך האָבן די יידישע געלערנטע, קינסטלעריש לאַווירנדיג מיט אומבאַשטרייטליכע לאָגיזמען, אַלעמאָל מיט הצלחה פאַרטיידיגט די באַליידיגטע יהדות. אַזוי איז געווען מיטן רמב״ן און אַזוי האָט ר׳ משה הכהן די־טאָרטילאַ געלאָסן און לאָגיש אָפּגעשלאָגן אַלע אַרגומענטן פון די קעגנער אויף די וויכוחים אין טאָלעדאָ און אווילא (ה״א קל״ה); דאַן האָט ער פאַרעפנטליכט אַ ספר „עזר האמונה“, וואו ער וואַרפט אָפּ אַלע בלבולים פון די שונאים אויפן תלמוד און דערווייזט, אַז ער פריידיגט מענטשנליבע און שלום אָן שום פראַזעס.

דאָסזעלבע איז געשעען מיטן גרויסן רעליגיאָנס־פילאָסאָף ר׳ שם־טוב ב״ר יצחק שפרוט פון טאָלעדאָ. דער קאַרדינאַל פעדרא דע־לונאַ, וואָס איז נאָכדעם אַליין געוואָרן פויפּסט מיטן נאָמען בענעדיקטוס XIII, האָט אויפגעפאָדערט ר׳ שם־טובן אויף אַ וויכוח אין נאַווארע. ר׳ שם־טוב איז געצוואונגען געווען אָנצונעמען די פאָדערונג. ער איז אַרויס מיט נצחון און אין רעזולטאַט האָט ער מפרסם געווען זיין ספר „אֶבֶן בּוֹחַן“ (פּרוביר־שטיין—ה״א ק״מ), וואו ער דערווייזט, אַז דער רוח הקודש פון דער יהדות איז ניט אָפּגעטאָן געוואָרן. — ר׳ מנחם בן אהרן (ה״א ע׳—ה״א קמ״ה) — פון אַ משפחה מגורשים פון פראַנק־רייך, וואָס כמעט אַלע אירע מיטגלידער זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם—האָט אין זיין ספר „צֵדָה לַדֶּרֶךְ“ געגעבן דעם תמצית פון דער יהדות. דער ספר „כבוד אלהים“ פון רבנו יוסף אבן שם טוב זינגט אַ הימן דער יהדות.

נאָך אַ גאַנצע ריי אַנדערע געלערנטע האָבן געווידמעט זייער לעבן צו פאַרטיידיגן די יהדות קעגן אַלע אירע שונאים. כמעט די דאָזיגע אַלע רבנים און רעליגיאָנס־פילאָסאָפן זיינען געווען עדי־ראיה פון די מיתות משונות פון צענדליגע טויזנטער פון זייערע ברידער פאַר דער הייליקייט פון דער תורה, און די דאָזיגע טראַגעדיעס און שרעק־בילדער האָבן געהאַט אַ השפעה אויף זייערע געמיטער און געדאַנקען־גאַנג. די גרעסטע צווישן זיי זיינען געווען דער פילאָסאָף רבי חסדאי בן אברהם אִבן קְרֶשְׂקַשׂ און ר׳ יצחק בר ששת (הריב״ש). ר׳ חסדאי קרשקש (לערך ה״א ק—ה״א ק״ע) האָט געשטאַמט פון אַ משפחה גדולי התורה אין באַרצעלאָנע, איז געווען אַ גדול אין תורה און חכמה און אַ גרויסער קעגנער פון אַריסטאָטעלעס פילאָסאָפיע, וואָס האָט אין משך פון טויזנט יאָר געהערשט אין די וויסנשאַפטן. ער איז געווען אַ מענטש פון הויכער מאָראַל, אַן אַלטרואיסט פון ערשטער מדרגה, די שטאָלץ און טרייסט פון זיין פאָלק, באַרימט אויך אין קיניגליכן הויף און האָט אַרויסגעהאָלפן מיט

עצות דעם קיניג פון אראגאניע. בשעת ס'האט אויסגעבראכן דער פאגראם אין באַרצעלאָנע, איז געטויט געוואָרן מיט אַ טויט פון קדושים ר' חסדאיס בן-יחיד פונקט ערב זיין חתונה. דער רושם אויפן פאטער איז געווען אַ שרעקליכער. דאָך האָבן די צרות פון כלל און דער פערזענליכער טרויער ניט געשטערט דעם דאָזיגן אָריגינעלן דענקער — ליידנשאַפטליכן פאַרטיידיגער פון דער יהדות — צו פארטיפן זיך אין דער רעליגיאָנס-פילאָסאָפיע, אָבער זיי האָבן אַ סך געווירקט אויף די מסקנות פון זיינע חקירות. ער האָט געהאַלטן, אַז די רעליגיע איז העכער פון דער פילאָסאָפיע. פון רמב"מס סענטענצן: „קען דיין גאָט" און „ליב דיין גאָט"—האָט ער די צווייטע געהאַלטן העכער פון דער ערשטער. פון זיינע ווערק איז מער באַוואוסט זיין „אור ה'" (גאָטס ליכט).

גלייך צו ר' חסדאי קרשקש אין מעלות און מידות, אָבער אינגאַנצן פאַרשיידן אין מיינונגען איז געווען זיין חבר און פריינד ר' יצחק בן ששת (לערך ה"א צ"ו — ה"א קס"ח), אַ תלמיד פון רשב"א און רבנו נסים בן ראובן גירונדי (הר"ן) און רב אין סאַראַגאָסע און וואַלענסיע. ווי אַלע איבעריגע רבנים פון זיין צייט, איז אויך דער ריב"ש געווען אַ קעגנער פון דער פרייער פילאָסאָפיע, אויך פון רמב"ם און פון רלב"ג, און האָט געאַרבעט אויף צו פאַרשטאַרקן אין הערצן פון פאָלק די אמונה, וואָס וועט אים פאַרהיטן פון אונטערגאַנג.

דער לעצטער פילאָסאָף אין שפּאַניע, איז געווען דער תלמיד פון ר' חסדאי קרשקש, ר' יוסף אַלבו (ה"א ק"מ — ה"א ר"ד), וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם גייסט פון קנאות אַרויסצוטרייבן דעם שכל הישר פון דער תורת היהדות. אין זיין גרויסן אויסגעצייכנטן ספר „העיקרים" שטעלט ער איין אַ גרעניץ צווישן די עיקרדיגע דעות פון דער יהדות און צווישן די טפלדיגע מיינונגען און טיילט שאַרף אָפּ די אמונה פון דער כפירה. אַנשטאָט דעם רמב"מס דרייצן עיקרים פון דער אמונה האָט ער אַוועקגעשטעלט די יהדות אויף דריי: מציאות הבורא, תורה מן השמים און שכר ועונש. דער ספר „העיקרים" האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער רעליגיעזער ליטעראַטור. אין „העיקרים" גייט אויך דורך דער שטריך פון אַפּאָלאָגיע.

**מאַראַנען.** דער אויסברוך פון בלוטיגער שנאה צו די יידן אין שפּאַניע האָט זיי געבראַכט אַ טאָפּעלטן אומגליק: פיזישע פאַרטיליגונג און מאַסן-שמד. די שטרענג רעליגיעזע און אין פיין פאַרהאַרטעוועטע דייטשע

יידן אין אזוינע קאטאסטראָפעס האָבן גיכער מקריב געווען דאָס לעבן און בלויז אין אויסשליסליכע איינצלנע פאַלן פלעגן זיי לפנים וועגן אָננעמען דעם אָנגע-צוואונגענעם גלויבן און נאָכן אָוועקגיין פון די שונאים זיך גלייך אָפּזאָגן פון אים. אין שפּאַניע אָבער איז די צאָל מיט-גוואַלד-געשמדטע געווען גרעסער ווי די צאָל געפאַלענע קדושים און האָט דערגרייכט עטליכע צענדליג טויזנט מענטשן: אינם שפּאַנישן פרייערן און תּקיפן יידן, וואָס איז געוויינט געווען צו אַ גאַרמאַלערן לעבן, איז דאָס געפיל פון זעלבסטדערהאַלטונג געווען שטאַרקער. די דאָזיגע אומגליקליכע האָבן געהאָפט, אַז דער בייזער מאָמענט וועט אַריבער און זיי וועלן צוריקקערן צום דת פון די אבות. די האָפענונג איז אָבער געווען אַן אומזיסטע. די געשמדטע האָבן זיך געפונען אונטער דער שטרענגער השגחה פון דער אָטענער אויג פון דער אינקוויזיציע. איצט ערשט איז דער אַלטער גלויבן ביי זיי נאָך אומפאַרגלייכליך טייערער געוואָרן און זיי פלעגן אים אָפּהיטן געהיים, בלייבנדיג פונדרויסן קאַטוילן. דאָס האָט נאָך מער פאַר-ביטערט זייער לעבן. זיי האָבן זיך גערופן „אנוסים" (געצוואונגענע) און די שפּאַניער האָבן זיי גערופן מיט אַ זידל-נאָמען „מאַראַנען" (מוּחְרָמִים, פאַר-שאָלטענע). זייער לעבן איז געוואָרן אַ טראַגעדיע, אָבער זיי איז איצט ליב און זיס געווען די טראַגעדיע: זיי האָבן דערמיט געוועלט אָפּקומען פאַר זייער איינמאָל אַרויסגעוויזענער שוואַכקייט. זיי האָבן ערשט איצט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פעסטקייט פון כאַראַקטער און מסירת נפש פאַר דער יידישקייט, אַז זייער לעבן און טויט זיינען געוואָרן צו אַ מוסטער פון מאַרטירערטום אין וועלט-היסטאָרישן מאַסשטאַב אויף אייביגע דורות. אָבער עס זיינען געווען אויך משומדים-בוגדים, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט פאַר קאַריערעס און אָפט אָנגעטאָן זייער געוועזענעם פאָלק נאָך מער צרות, ווי די איינגעבאָרענע שפּאַנישע אינקוויזיטאָרן. אַזאַ איז געווען שלמה הלוי פון בורגאָס, אַ געוועזענער רב, וואָס האָט זיך געשמדט, אָנגענומען דעם נאָמען פּאַולוס די סאַנטאַ-מאַריאַ, געוואָרן בישאָף און דערציער פונם קאַטוילישן יורש-עצר און געשטעלט זיך פאַר אַ ציל די מיסיאָן צווישן יידן—מיט פאַלשע גוטע ריידעלעך און מיט גוואַלד-אַקטן. די דאָמיניקאַנער, אונטער דער השפעה פון אַזוינע משומדים, פלעגן זיך מיט צלמים אין די הענט אַריינרייסן אין די שולן און בתי-מדרשים און מיטן אָנשרעק פון טויט אויף אַן אָרט צווינגען די יידן צום שמד. זיינען צוגעקומען נייע טויזנטער אנוסים. אויך דער אַלטער מיטל פון רעליגיעזע וויכוחים איז דורך די בוגדים אויסגענוצט געוואָרן אונטערן שוץ פון רעגירונגס-באַגנעטן. אַזאַ וויכוח האָט אין יאָר 1412 איינגעאָרדנט דער

פייפסט בענעדיקטוס XIII אין דער שטאָט טאָרטאָזע. מצד די יידן זיינען ארויסגערופן געוואָרן צוויי און צוואַנציג רבנים בראש מיט ר׳ יוסף אַלבו, און מצד דער קירך—די גרעסטע גייסטליכע, צווישן זיי אויך דער משומד יהושע פון לאָרקי, בראש מיטן פויפסט אליין. אַ יאָר מיט צען חדשים האָט זיך גע־צויגן דער וויכוח, אָבער ער האָט זיך געענדיגט אָן רעזולטאַטן. דער קאָנציל אין קאָנסטאַנץ האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם פויפסט בענעדיקטוס. קענן די משומדים־בוגדים זייגען אַרויסגעטראָטן הויכגעשטעלטע יידישע פערזענליכקייטן, וואָס האָבן מיט פּאָליטישע און ליטעראַרישע מיטלען זיך אָנגענומען פאַר זייער פאָלק און גלויבן. אַזוי האָט זיך אויסגעצייכנט דער פינאַנס־מיניסטער דאָן אברהם בֶּנְבֶּנִישְׁתִּי (1390—1456), וואָס האָט אַלס פּרנס פון די יידישע קהילות אין קאַסטיליע מיט אַלע כּוחות געאַרבעט אָפּצובויען זיי צוריק פון זייער חורבן. אין זיין צייט האָט זיך באַזונדערס אַנטוויקלט די יידישע אַפּאָלאָגעטישע ליטע־ראַטור, וואָס האָט געשטאַרקט דעם מוט פון די יידן בכלל און פון די מאַראַ־נען בפרט. צווישן די וויכטיגסטע ליטעראַטור־שאַפונגען פון יענער צייט רעכנט זיך דער ספר „מאיר נתיב״ פון ר׳ יצחק נתן, אַ קאָנקאָרדאַנציע, וואָס אַנט־האַלט אַלע פּסוקים פון תנ״ך לויטן סדר פוגם אַלף־בית.

אויך פון די מאַראַנען האָבן זיך אַ סך אויסגעצייכנט אויף פאַרשיידענע געביטן פון ליטעראַטור. די מאַראַנען, וואָס האָבן מיט זייערע גרויסע מאַסן פּול־געמאַכט שפּאַניע, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אינם שפּאַנישן לעבן, זיינען געווען אָפּט זעער רייך און האָבן פאַרנומען אפילו הויכע רעגירונגס־שטעלעס. אַ סך פון זיי האָבן זיך מתחתן געווען מיט דער אַריסטאָקראַטיע פון לאַנד. אַ טייל איז אין דער אַסימילאַציע פאַרלאָרן געגאַנגען, אָבער די גרעסטע מערהייט איז געבליבן געטריי זייער פאָלק און האָט געהיים אָפּגעהיט די מנהגים פון די אבות און איבערגעגעבן דעם סוד פון זייער יידישקייט בירושה זייערע קינדער און קינדס־קינדער. די אינקוויזיציע האָט דאָס גוט געוואוסט און פון די מאַראַנען דאָס אויג ניט אַראָפּגעלאָזן. מ׳האָט אויף די מאַראַנען, ווי אויף די יידן, אויסגע־טראַכט כּל המינים בלבולים און געמאַכט אויף זיי בלוטיגע פּאָגראָמען (אין קאָר־דאָווע און דער סביבה).

**די אינקוויזיציע.** ביז אהער האָט די אינקוויזיציע גיט געהאַט קיין עפנטליכע רעכט אין שפּאַניע און פלעגט איר אַרבעט טאָן געהיים: שפּיאָנירן, דורכפירן בלבולים, העצן די פאָלקס־מאַסן, אַרויסרופן און אָנפירן פּאָגראָמען. באַלד האָט זי אָבער באַקומען אויך עפנט־

ליכע רעכט. אין 1474 האָט פערדינאַנד קאַטויליק, דער קיניג פון אַראַגאָניע, חתונה געהאַט מיט איזאַבעלאַ, דער קיניגין פון קאַסטיליע, און זייערע לענדער האָבן זיי פאַראייניגט אין איין מלוכה. זיי זיינען ביידע דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון די דאָמיניקאַנער און האָבן די מלוכה געפירט אינגאַנצן אונטער זייער השפעה. זיי האָבן אין 1478 אויסגעפועלט ביים פויפסט סיקסטוס IV דאָס רעכט צו גרינדן ביי זיך אַ „נאַציאָנאַלע אינקוויזיציע", און אין 1480 איז אין סעווילע געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער טריבונאַל אונטערן נאָמען „די הייליגע אינקוויזיציע". ריכטער זיינען געווען: צוויי דאָמיניקאַנער מאָנאַכן, מאָרילאָ און מאַרטין, איין אַבאַט (ראש פון קלויסטער) און איין פאָרשטייער פון דער רעגירונג, וואָס זיין עובדא איז געווען צו קאָנפיסקירן לטובת דעם אוצר המלוכה דעם פאַרמעגן פון די פאַרמשפטע הערעטיקער. גאַנץ שפאַניע איז אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ קונציגער נעץ פון שפיאָנאַזש און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן אַרעסטן פון אַנוסים, וואָס זיינען פאַרדעכטיג געווען אין אַ נטיה צו דער יהדות. אויף יעדן קריסט איז געלעגן אַ חוב נאָכצושפירן און אַרויסצוגעבן די מאַראַנען. די קריסטן אין שפאַניע האָבן תכלית שנאה פיינטגעהאַט די מאַראַנען, נאָך מער ווי די יידן, וואָס זיינען געבליבן געטריי זייער גלויבן. די שנאה צו זיי איז געווען מער אַ ראַסן־שנאה און אַ שנאה מחמת קנאה צו זייער פלייס, פעאיקייט און הצלחה אויף אַלע געביטן פון אַרבעט און קולטור. איז געוואָרן אַן עפידעמיע פון מסירות. קיין חקירה ודרישה האָט מען ניט געמאַכט. איין וואָרט פון אַ מוסר איז געווען גענוג צו ברענגען אַ מענטשן אויפן פייער פון אויטאָ דאַ פע (אַקט פון נצחון פונם גלויבן). אַלע תפיסות פון סעווילע זיינען פול געווען מיט אַנוסים, וואָס זייגען דאָרטן געפייניגט געוואָרן ביז זיי האָבן זיך ניט „מודה געווען" אויף זייערע זינד, געפייניגט געוואָרן מיט עינויים, וואָס די וועלט־געשיכטע האָט פון זיי פריער קיינמאָל ניט געוואוסט און וואָס זיינען ערפונדן געוואָרן בלויז אין די געהיימע פינסטערע חדרים פונם אינקוויזיציאָנעלן טריבונאַל. אויפגעבראַכטע איינפלוסרייכע מאַראַנען האָבן זיך פאַראייניגט מיט זייערע קרובים פון דער העכסטער שפאַנישער אַריסטאָקראַטיע און געגרייט אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דער אינקוויזיציע. די פאַרשווערונג איז אָבער אויפגעדעקט געוואָרן און איז דערטרונקען געוואָרן אין בלוט.— אין משך פון צען חדשים פון יאָר 1481 זיינען פאַרברענט געוואָרן אין סעווילע אליין ביז 300 מאַראַנען, וואָס זיינען געשטאָרבן מיטן טויט פון גבורים און ניט אונטערגעגעבן זיך. זייערע פאַרמעגנס זיינען קאָנפיסקירט געוואָרן לטובת פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, וואָס זיינען פון די קאָנפיסקאַציעס

זעער רייך געוואָרן. באַלד זיינען באַשטעטיגט און איינגעפירט געוואָרן נאָך זיבן אינקוויזיציאָנעלע טריבונאַלן אין פאַרשיידענע שטעט און ס׳איז באַשטימט געוואָרן איבער זיי אין קאַסטיליע אַ גרויס־אינקוויזיטאָר—דער דאָמיניקאַנער מאָנאַך טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ, הויף־גייסטליכער פון דער קיגיגין איזאַבעלאַ (1483). כדי דורכצופירן דעם אידעאַל „צו ראַטעווען די נשמות" פון פאַרבלאָנד־זשעטע, האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטל אין דער וועלט און האָט פאַרפייניגט און פאַרברענט טויזנטער און טויזנטער לעבעדיגע מענטש־ליכע גופים, וואָס זיינען דאָך סיי־ווי שטערבליך. „ער ווייס דאָך שוין דעם אמת"— מוז ער אים אָנבינדן די אומבאַוואוסטזיניגע און אומגלויביגע. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ געזעץ-קאָדעקס פון דער אינקוויזיציע, וואָס לויט אים האָט קיינער פון די אנוסים ניט געקענט אַרויס בשלום פון די ווייט און ברייט פונאַנדערגע־שטעלטע נעצן. די וואָס האָבן זיך ניט „מודה געווען" האָט מען לאַנג און פירכטערליך געפייניגט, און ווען עמיצער פלעגט ניט אויסהאַלטן און אויסריידן זיך אַ וואָרט, איז געווען—אחת דתו צום אויטאָ־דאַ־פע. די טויט־שטראָף איז באַ־שטאַנען נאָר אין פאַרברענען: „טויט־שטראָף אָן בלוטפאַרגיסונג". טאָרקוועמאַדאַ האָט דערפירט די אינקוויזיציע צו אַזוינע פאָרמען פון אכזריות, וואָס בלויז ביים הערן וועגן זיי ווערט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן.

טאָרקוועמאַדאָס אַ תלמיד, דער גלח פעדראָ דע־אַרבועץ, איז באַשטימט געוואָרן פאַר גרויס־אינקוויזיטאָר אין אַראַגאָניע. גייענדיג אין די וועגן פון זיין לערער, האָט אַרבועץ אַזוי געבושעוועט קעגן די מאַראַנען אין סאַראַגאָסע און דער סביבה, אַז ער האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע אויפרעגונג קעגן דער איגקוויזיציע. ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאַרשווערונג און ער איז גע־הרגעט געוואָרן דורך דריי מאַראַנען, וואָס האָבן פון אים גענומען נקמה פאַר זייערע פאַרברענטע קרובים (1485). די דאָזיגע פאַרשווערונג האָט בלויז פאַרשטאַרקט די אינקוויזיציע, וואָס האָט אומגעבראַכט די גואלי הדם מיט מיתות משונות און אַרויפגעוואָרפן זיך אויף די אַנוסים נאָך מיט אַ פיל גרע־סערער אכזריות ווי פריער

דער מאַראַן און היסטאָריקער פון די שפּאַנישע יידן ר׳ שמואל אושקי (אַשְׁקִי) אין זיין ספר „תנחומות" רופט אָן שפּאַניע „גֵיא הַתֹּפֶת לְעַם ישראל" (דער גיהנום פאַרן פאָלק ישראל). ר׳ יצחק עַרְמָאָה אין זיין ספר „עקדת יצחק" גיט אַ ריי טרויעריגע בילדער פון די עינויים פון די אנוסים, קעגן וועלכע עס ווערן בלאַס די שרעק־בילדער פון דאַנטעס „גיהנום".

אָבער ניט געקוקט אויפֿן גיהנום, אין וועלכן די אינקוויזיציע האָט אריינגעוואָרפֿן די אַנוסים, זיינען זיי דאָך געבליבן געטריי זייער געוויסן, דעם אמת פון זייער הארצן. די אומגעקומענע אויף די שייטערהויפנס האָבן מיט זייער ביישפיל פארפעסטיגט דעם מוט פון די לעבן-געבליבענע, וואָס האָבן ניט געקוקט אויף קיין שום סכנות און אָפגעהיט די יהדות מיטן גאנצן פייער פון זייער הארצן. זיי פלעגן איינאָרדענען געהיימע פארזאַמלונגען און מתפלל זיין בצבור מיט אַ ברען, האָבן אָפגעהיט שבתים און אַלע ימים-טובים, באַזונדערס די פסחדיגע סדרים און יום-כפור. און אַזוי האָבן זיי אין געטריישאַפט און מסירת נפש צו זייער פאָלק און זיין תורה דערצויגן אויך זייערע קינדער. אַז טאָרקוועמאַדאַ האָט דערזען, אַז ער האָט גאָרנישט אויסגעפירט, אַז אים איז ניט געלונגען איינצופליסן ליבע צו דער „רעליגיע פון ליבע", — האָט ער אנטדעקט אַ „נייס": שולדיג זיינען די יידן, מיט וועלכע די מאראַנען שטייען שטענדיג אין געהיימע פאַרבינדונגען. מיט אַלע אינקוויזיטאָרישע מיטלען האָט ער געזוכט איבערצורייסן די דאָזיגע פאַרבינדונגען, ער האָט אויסגעפועלט אַ קיניגליכן באַפעל, די יידן זאָלן אַרויסגעבן די אַנוסים; און אַז אַלע מיטלען זיינען געבליבן אָן אַ פעולה, האָט ער באַשלאָסן — אַרויסצוטרייבן די יידן פון שפאַניע.

**גירוש-שפאַניע.** באַלד איז געקומען די געלעגנהייט פאַרן גרויס-אינקוויזיטאָר אויסצופירן זיין טייוולאָנישן פּלאַן. אין אָנהייב יאָר 1492 האָט פערדינאַנד פאַרפירט אַ מלחמה קעגן דער לעצט-פאַרבליבענער מאַוריטאַנישער מלוכה אין דרום פון פירענעאישן האלב-אינזל און האָט אין שטורים אַיינגענומען גרענאַדע. די שמחה פון די שפאַניער האָט ניט געוואוסט קיין גרעניץ. דאַן האָט טאָרקוועמאַדאַ אויסגענוצט די הייסע מינוט און גענומען דערוויזן דעם קיניג און דער קיניגין, אַז בלויז דענסטמאָל וועט די קריסטליכע קירך אָפּהאַלטן דעם אמתן נצחון און דער קעניגליכער דאַנק צו גאָט פאַרן באַזיגן די מאַורען וועט דאַן זיין אַ ריכטיגער, ווען אַלע אומגלויביגע וועלן אַרויס-געטריבן ווערן פון שפאַניע, וואָס מוז ווערן ריין קריסטליך. די קיניגליכע פּאָר האָט מסכים געווען און אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט (31 מערץ 1492), אַז אַלע יידן, וואָס וועלן ניט אָננעמען דעם קריסטנטום, מוזן אין משך פון פיר חדשים פאַרלאָזן אַלע שפאַנישע געביטן — קאַסטיליע, אַראַגאָניע און סיציליע. די מגורשים איז ערלויבט געווען צו נעמען מיט זיך אַ ביסל זאַכן פון זייער האָב און גוטס, חוץ גאָלד, זילבער און צירונג, וואָס איז פאַרווערט געווען אַרויסצו-

פירן פון לאַנד און וואָס גייט אַריבער אין אייגנטום פון דער מלוכה. איטליכן קריסט איז, אונטער דער שטראָף פון קאָנפיסקירן זיין פאַרמעגן, פאַרבאָטן געהאָרן כאָטש מיט עפּעס צו העלפן אַ יידן אָדער באַהאַלטן אים אויף אַ געוויסער צייט.

די יידן זיינען געוויינט געוואָרן צו כל המינים פורעניותן, אָבער דער פּלוצלינגער דעקרעט וועגן פולשטענדיגן גירוש האָט זיי אינגאַנצן צעשמעטערט. נאָר אַ פונק האָפענונג האָט נאָך געטליעט אין זייער הארצן—אַ האָפענונג אויף דער השפעה פון די יידישע גדולים אויפן קיניג. אין יענער צייט איז אין קיניגליכן הויף געווען אַ גרויסער שרדה—אברהם סעניאָר, וואָס האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער מלוכה אויפן עקאָנאָמישן געביט און האָט מיט זיין עשירות זעער אַ סך מיטגעהאָלפן דעם קיניג אין זיין נצחון איבער גרענאַדע. און אַ צווייטער, אַ גרויסער מאַן, איז דאַן געווען—דון יצחק בן יהודה אַבַּרְבַּנְאֶל, פינאַנס־מיניסטער און פּאָליטישער בעל־יועץ פון קיניג. רבי יצחק אברבנאל (געבאָרן אין ליסאַבאָן, פּאָרטוגאַל, אין יאָר ה״א קצ״ו און געשטאָרבן אין ווענעציע ה״א רס״ח) האָט געשלאָסן די קייט פון די יידישע גרויסע שררות אין די קיניגליכע הויפן זינט די צייטן פון רב חסדאי אבן שַׁפּרוט און ר׳ שמואל הנגיד, וואָס האָבן אַ סך אויפגעטאָן פאַר זייער פאָלק. ער האָט געשטאַמט פון אַ יחוסדיגער משפחה, לויט אַ מסורה, פון דוד המלך, איז געווען אַ גדול אין תורה און וויסנשאַפטן, אַ מאַן פון אמת און אַ מדינה־חכם, — איז ער זעער באַרימט געווען ביי יידן און ביי קריסטן. פריער איז ער געווען פינאַנס־מיניסטער אין פּאָרטוגאַל, אָבער מחמת דער העצע פון די יודאָפאָבן האָט ער אויסגעוואַנדערט און באַזעצט זיך אין קאַסטיליע, וואו מ׳האָט אים אָפּגעשאַצט לויט זיין ווירדע און באַשטימט אים, ניט געקוקט אויפן קירכליכן פאַרבאָט, פאַר אַ פינאַנס־מיניסטער, ווייל נאָר ער איז געווען בכוח צו ראַטעווען די פינאַנסיעלע לאַגע פון דער מלוכה. איז אָט אויף די דאָזיגע צוויי מענטשן האָבן געהאָפט אַלע יידן פון שפּאַניע. זיי זיינען צוזאַמען מיט נאָך איינִיגע גדולים תיכף אַוועק אין הויף און געבעטן ביים קיניג און ביי דער קיניגין רחמים. זיי זאָלן אָפּשאַפן די גזירה; אפילו פאַרגעלייגט פאַרן אוצר המלוכה דריי הונדערט טויזנט דוקאַטן גאָלד. ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי אַ הסכם מצד דער קיניגליכער פּאָר, ווען פּלוצלינג האָט זיך אין פּאַלאַץ אַריינגעריסן טאָרקוועמאַדאַ מיט אַ צלם אין די הענט און אויסגעשריען צו פערדינאַנדן און איזאַבעלען: „יהודה איש קריאות האָט פאַרקויפט קריסטוסן פאַר דרייסיג זילבער־שקלים און איר ווילט אים ווידער פאַרקויפן פאַר אַ סך גרעסערער

סומע! נאָט, נעמט און פאַרקויפט אים"! און מיט די ווערטער האָט דער גרויס-אינקוויזיטאָר אוועקגעלייגט דעם צלם און מיט שטורים אַרויס פון פּאַלאַץ. די דאָזיגע סצענע האָט געמאַכט אַן אויפטרייסלדיגן רושם, באַזונדערס אויף דער קיניגין, — און די יידישע דעפּוטאַטן האָבן באַקומען אַן אַנטשיידענעם אָפּזאָג. העראָלדן און טרומייטערס האָבן מודיע געווען די יידן אינם גאַנצן לאַנד, זיי זאָלן זיך גרייטן צום גירוש און אַז ווער עס וועט פאַרבלייבן נאָכן טערמין, וועט ווערן געטויט אָדער... געשמדט.

דער גורל איז געווען געחתמעט. מאָוימדיג איז געווען די לאַגע פון די יידן. הונדערטער טויזנטער יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבן אַזוי הייס געליבט, וואו זיי האָבן געוואוינט זינט די צייטן פון היידנישן רוים און וואָס איז זיי געוואָרן, נאָך בבל, אַ דריטע ארץ-ישראל, וואו זיי לאָזן איצט איבער אויף הפקר די טייערע קברים פון זייערע אבות. זייער האָב און גוטס איז צעראַבירט געוואָרן און די רעשטן האָבן זיי פאַרקויפט בחצי-חנם. דער יאוש איז געווען אימהדיג גרויס. זעענדיג דאָס, זיינען געקומען די דאָמיניקאַנער און גענומען מיט כל אמצי כוחות און מיט ביימלדיגע רייד איינריידן די יידן אָנצונעמען די טבילה און דאַן וועלן זיי ניצל ווערן פון רואינירונג און גלות. אָבער בלויז זעער ווייניג יחידים האָבן זיך אונטערגעגעבן די גוטע ריידעלעך פון די מיסיאָנערן; די אומגעהייער גרויסע מערהייט האָט זיך אָפּגעזאָגט פון רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער בגידה. די יידן האָבן מקריב געווען אַלץ: די היים, דעם מאַטעריעלן אייגנס, אפילו דעם עצם לעבן—פאַר די אייביגע אידעאַלן פונם יידנטום, פאַר די אייביגע, נאָך ניט פאַרווירקליכטע אידעאַלן פון זייערע נביאים און איבערמענטשליכע געניען.

פאַרן אַרויסגיין האָבן די יידן רירנדיג געזעגנט זיך מיט די קברים פון זייערע אָבות און דריי טעג האָבן יללות און געוויינען געמאַכט ציטערן די לופט פון די יידישע בית-עולמס אין שפּאַניע. אפילו קריסטן האָבן ניט געקענט צוזען די דאָזיגע האַרצרייסנדיגע סצענעס. אַ סך יידן האָבן מיטגענומען מיט זיך די מצבות פון זייערע ליבע און טייערע, כדי פאַנאַטיקער זאָלן זיי ניט מטמא זיין, אָדער האָבן זיי באַהאַלטן ביי זייערע אחים לצרה—די אנוסים (סעגאָוויע).

און דער ביטערער טאָג איז געקומען, דער פאַטאַלער טאָג פון די גרעסטע צוויי יידישע נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס—תשעה באב פון יאָר ה"א רנ"ב (2 אויגוסט 1492). 300,000 יידן: מאַנסבילן און ווייבער, זקנים און קינדער, האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זיי האָבן אין משך פון אַכט יאָרהונדערטן גענומען אַ וויכטיגן אָנטייל אין דער אַלגעמיינער קולטור און מלוכהשאַפטליכן

לעבן און וואו זיי איז גלייכצייטיג געלונגען צו בילדן אויך זייער אייגענעם נאציאָנאַל-גייסטיגן צענטער. די אומגליקליכע מגורשים זיינען געגאַנגען וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. אַ סך האָבן זיך געלאָזן מיטן ים קיין איטאַליע, טערקיי און צפון-אַפריקע, אויך צו די גריכישע אינזלען. דון יצחק-אברבנאַל מיט אַ גרויסער גרופּע עמיגראַנטן האָבן איבערגעוואַנדערט קיין נעאַפּאָל, וואו ער האָט פאַרענדיגט זיין לאַנג שוין אָנגעהויבענעם פירוש אויף אייניגע ספרים פון תנ"ך. און אַ באַדייטנדיגער טייל איז אַוועק קיין נאַוואַרע און פּאָרטוגאַל, וואוהין דער רב פון טאָלעדאָ, ר' יצחק אבוהב, איז מיט אַ גרופּע פון דרייסיג יידן באַצייטנס אַוועק בעטן דעם קיניג זשואַן דעם צווייטן, ער זאָל ערלויבן די גולים דורכגיין דורך זיין לאַנד אָדער אַקורצע צייט דאָרטן וואוינען. אומגליקן אָן אַ שיעור האָבן זיך געשאָטן אויף די קעפּ פון די מגורשים אין וועג: הונגער, קראַנקהייטן און טויט. מאַסן זיינען אומגעקומען אין וועג. די שיפס-קאַפּיטאַנען און די מאַטראָסן האָבן געטריבן בלוטיגן חוזק און שפּאָט איבער די טראַגעדיעס פון די יידן.

איין טרייסט האָבן געהאַט די שפּאַנישע יידן: וואָס מיט זיי איז ניט געשען, וואוהין זיי זיינען נאָר פאַרוואָגלט געוואָרן, זיינען זייערע לערער און וועג-ווייזער געווען מיט זיי, געלעבט און געליטן צוזאַמען מיט זיי און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען, ווי צוזאַמען מיט זיי אויך צו בייע ברעגן זיך דערשלאָגן. צווישן די גדולים, וואָס זיינען געהרגעט געוואָרן אויף קידוש השם אָדער מיטגעגאַנגען מיט זייער פאָלק אין גלות, זיינען באַוואוסט: דער אַסטראָנאָם ר' יהודה אבן ווירגא פון סעווילִיע, וואָס איז באַשולדיגט געוואָרן אין אָפּריידן די אנוסים פון זייער נייער רעליגיע און איז פאַרברענט געוואָרן דורך דער אינ-קוויזיציע; זיין זון ר' שלמה, דער מחבר פון „שבט יהודה" — געשיכטע פון די עינויים פון די יידן דורך דער אינקוויזיציע; דער גרויסער אַסטראָנאָם און ערפינדער פון פלאַנעטן ר' יוסף וויסינאָ, וואָס האָט מיטגעהאָלפן דעם רייזנדער וואַסקאָ דע גאַמאַ אין זיינע נסיעות; ר' יצחק בן יוסף קאראָ, מחבר פון „תולדות יצחק" (שאלות ותשובות און פירוש אויף תורה), און ר' לוי בן חביב, וואָס זיינען ביידע געווען אנוסים און האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער יהדות און זיינען געוואָרן רבנים אין ארץ ישראל.

**גירוש נאַוואַרע און פּאָרטוגאַל.**

די אַנטרונענע יידן זיינען אַריינגעפאַלן פון נעץ אין אַ גרוב. איבער 100000 מאַן האָבן געפונען אַ צייט-ווייליגן מקום מקלט אין נאַוואַרע און פּאָרטוגאַל. אָבער פערדינאַנד האָט ניט גערוט. האָט געפאָדערט פונם נאַוואַרער קיניג אַרויסצו-

טרייבן די יידן פון זיין לאַנד, וואָס יענער האָט מקיים געווען (1498). ערגער איז געווען דער גורל פון די יידן אין פּאָרטוגאַל. אין דעם לאַנד, וואָס האָט מיט הונדערט יאָר צוריק געגעבן אַ מקום מקלט די קרבנות פון דער סעוויליער שחיטה, האָבן די „גולי ספרד" געהאַפּט צו געפינען אַ מנוחה אויך נאָך דער קאַטאַסטראָפע. דער קיניג האָט פאַר אַ גרויסער סומע געלט מסכים געווען אַריינצולאָזן די יידן אויף אַ קורצער צייט. אַז די צייט איז אַריבער, האָבן די גלחים גענומען פאָדערן, זיי זאָלן אָננעמען דעם קאַטויליציזם, און צום סוף האָט מען זיי אַרויסגעטריבן (1497). אַ סך יידישע קינדער זיינען געוואָרן אָפּגענומען פון זייערע עלטערן און מיט געוואַלד געשמדט. אַ סך מגורשים זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן און די איבעריגע זיינען אוועק קיין איטאַליע, אַפריקע און טערקיי. אַ סך זיינען אומגעקומען אין וועג, אַ סך אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו פּיראַטן און נאָר אַ קלענערער טייל איז געראַטעוועט געוואָרן אין די נייע מקלט-לענדער. צווישן די גולי פּאָרטוגאַל איז געווען דער באַרימטער אַסטראָנאָם און יידישער היסטאָריקער ר' אברהם זכותא (זאַקוטאָ), מחבר פון ספר „היוחסין".

### די רודפים—צוריק, די נרדפים—פאָראויס.

שפּאַניע האָט אַרויסגעטריבן די אַרבעטזאַמע און קולטורעלע יידישע בירגער, וואָס זיינען געווען אַ מזל-ברכה פאַר איר ציוויליזאַציע, און האָט געוועלט געבויט ווערן אויף זייער חורבן. ס'האָט איר אָבער גאָרנישט געהאָלפן: עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל איז זי געפאַלן אַלץ נידעריגער און נידעריגער. ס'האָבן איר אפילו ניט געהאָלפן אירע דערוואָרבענע רייכע קאָלאָניעס אין אַמעריקע, וואָס איז אַנטדעקט געוואָרן אין יאָר פונם גירוש פון די יידן. עס זיינען פאַרטיליגט געוואָרן די טויזנטיאָריגע יידישע קהילות אין די שפּאַנישע מדינות, אָבער די זון האָט אַ שיין געטאָן אין נייע לענדער, שוין צוריק אין מזרח, כאָטש אויף אַנדערע מערידיאַנען און אַנדערע פּאַראַלעלן, וואו ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן נייע יידישע קהילות, נייע נאַציאָנאַלע קולטור-צענטערס, וואו ס'האָט ווידער אויפגעלעבט דער אַלטער פעסטער גייסט פון פאָלק, וואָס שטייגט אַלץ העכער-העכער צו דער זון פון אַ ליכטיגן עתיד.

---

## כב. די יידן אין פוילן און ליטע (IX—XV יר"ה).

די ערשטע אַיינוואַנדערונג פון די יידן אין פוילן און ליטע.

פעסט באַשטימען דעם מאָמענט, ווען די יידן האָבן זיך דעם ערשטן מאָל באַוויזן אין פוילן, איז עד היום נאָך כמעט ווי אוממיגליך. פונקט ווי דער אָנהייב פון די יידן אינם גרעסטן טייל לענדער פון דער יידישער דיאַספּאָרע אין אייראָפּע, איז אויך דער אָנהייב פון די יידן אין פוילן איינגעהילט אין אַ נעפּל פון לעגענדעס. איין לעגענדע דערציילט, אַז נאָכן טויט פונם קיניג פּאָפּיעל (אַן ערך אין מיטן IX יר"ה) האָבן די פּאָליאַנען (פּאָליאַקן) אָפּגעהאַלטן אַ ישוב-הדעת אין קרו-שעוויצע וועגן אויסקלייבן אַ נייעם קיניג, און היות זיי האָבן ניט געקענט צווישן זיך דורכקומען, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז דער, וואָס וועט אינדערפרי דער ערשטער אַרויספאָרן אויפן יאַרמאַרק, וועט באַקומען די קרוין. דער ערשטער איז געווען אברהם פּראָכאָווניק. דער ייד האָט אָבער ניט געוועלט אָננעמען די קרוין און האָט געעצהט אָפּצוגעבן זי דעם פּויער פּיאַסט, ווייל ער איז דער קליגסטער און מוטיגסטער מענטש.— אַ צווייטע לעגענדע דערציילט, אַז צום סוף פון IX יר"ה איז געקומען קיין פוילן אַ דעפּוטאַציע פון דייטשע יידן און געבעטן לעשעקן אָנ-נעמען אַ גרעסערע צאָל יידן אין פוילן. לעשעק האָט נאָך אַ סך אויספרע-גענישן וועגן דער יידישער רעליגיע און מאָראַל געגעבן זיין הסכם און אין יאָר 905 האָט ער געגעבן די נייע איינוואוינער אַ „פּריווילעגיע", וואָס איז געוואָרן די גרונד-פּריווילעגיע פון די יידן אין פוילן.— דידאָזיגע לעגענדעס, וואָס זיינען אויפגעקומען שפּעטער, אַנטהאַלטן אַ קערנדל פון היסטאָרישן אמת און ווייזן, אַז אין דער הײדנישער פוילן האָבן שוין עקסיסטירט יידישע קאָ-לאָניעס און אַז זיי שטאַמען פון דייטשלאַנד.

אַ היסטאָרישער פאַקט איז, אַז אין עלפטן יר"ה פלעגן אַ סך יידישע סוחרים אַזש פון פראַנקאָניע (בייערן) קומען קיין פוילן האַנדלען. דערויף ווייזט אַן אַרכיוו-כראָניק פון י. 1085. פון די יידישע מקורים איז באַוואוסט, אַז אין XII יר"ה האָבן זיך די מערב-אייראָפּעאישע יידן געפונען אין האַנדלס-באַציאונגען מיט פוילן און ביי איר פאַרמיטלונג אויך מיט קיעוו. דערפון דרינגט נאַטירליך אַרויס אַ השערה, אַז אין די ערטער, וואָס די יידן האָבן מיט זיי פאַרבונדן האַנדלס-באַציאונגען, האָבן געוואוינט זייערע גלויבנס-ברידער. מיגליך, אַז געוויסע יידישע סוחרים, וואָס די געשעפטן האָבן זיי אָפּגעהאַלטן, האָבן זיך באַזעצט אין פוילן. זיכער זיינען די ידיעות וועגן די טשעכישע יידן,

וואָס האָבן נאָך די פּאָגראָמען פון די ערשטע „צלם־צוגן“ אַריבערגעוואָנדערט אין דער שכנותדיגער פוילן. אָבער די איינציגע לחלוטין זיכערע עדות, אַז די יידן זיינען געווען אין פוילן אין XII און אין העלפט XIII יר״ה, זיינען די מטבעות מיט די העברעאישע אויפשריפטן פון די צייטן פון מיעטשיסלאַוו דעם אַלטן, קאַזימיר דעם גערעכטיגן און לעשעק דעם ווייסן, וואָס ווייזן, אַז די דאָזיגע מלכים האָבן אין זייערע הויפן געהאַט יידישע מטבעות־שמעלצער. אויף איינינגע מטבעות זיינען גאַנץ און קלאָר איינגעהיט געוואָרן די אויפשריפטן: אברהם ב״ר יצחק נגיד, אברהם יוסף, יוסף קליש (קאַליש), ברכה משקא (די ברכה פון מיעשקאָ, מיעטשיסלאַוו), ברכה כהשי (די ברכה פון קאַזימיר), משקא קרל פולסקי (מיעשקאָ, דער קיניג פון פוילן) און אַנד. אַ גענוגנדיגע ראיה וועגן דער עקסיסטענץ פון די יידן אין פוילן אין דער דאָזיגער פרייער צייט איז די ידיעה פון די כראָניקעס וועגן די מיטלען, וואָס דער דערמאָנטער מיעטשיסלאַוו III דער אַלטער, פירשט פון גרויס־פוילן, האָט אָנגענומען, כדי צו באַשיצן די יידן פון דער הפקרות פונם המון און פון די תלמידים פון די שולן, וואָס האָבן געהאַט אַ געוויינהייט צו מאַכן אָנפאַלן אויף די יידן.

## די אָפּשטאַמונג פון די פוילישע יידן.

פון צוויי זייטן זיינען געגאַנגען די יידן קיין פוילן: פון מ ז ר ח—קלערער, פון אַזיע—דורכן „טויער פון די פעלקער“, ד. ה. דורך די נידערלענ־דער פונם קאַספּישן און שוואַרצן ים, — פון כּוזריה איבער דער וואָלגע און דאָן, ווי אויך פון דער קיעווער רוס, און אַ גרויסער טייל דירעקט פון בי־זאַנטיע; — און פון מ ע ר ב — פון פראַנקרייך, דייטשלאַנד און בעהמען (טשעכיע).

די כוזרים־גרים זיינען געווען אַ נישטיגער מיעוט לגבי דעם גאַנצן כוזרישן פאָלק, וואָס איז לויט רעליגיעס אין זיין מערהייט באַשטאַנען פון קריסטן, מוסולמענער און כל המינים היידן: בלויז די קיניגליכע משפחה און די „אַריסטאָקראַטיע“ האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן און האָבן געבילדעט דעם הערשנדיגן קלאַס, וואָס האָט מקרב געווען יידן און געשטיצט זיי, באַ־זונדערס אין צייטן פון רדיפות אויף זיי אין אַנדערע לענדער. צוליב דעם איז כוזריה געוואָרן אַ צענטער, וואוהין ס׳איז אין משך פון אַ פּאָר יאָרהונדערטן גע־גאַנגען אַ יידישע עמיגראַציע פון די לענדער פון אַזיע און פון ביזאַנטיע, וואו יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין צרות. האָט זיך אין כוזריה אָנגעקליבן אַ קיבוץ פון פּערסישע (בני יהודה ובנימין), טורקעסטאַנישע, קורדיסטאַנישע, אַרמענישע (עשרת השבטים) און ביזאַנטישע (פון אַלע שבטים) יידן,

וואָס האָבן זיך נאָכדעם גערופן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען כּוזרישע יידן. יידישע סוחרים פון כּוזריה פלעגן פירן אַ ברייטן האַנדל, פלעגן דערלאַנגען ביז קיעוו, וואָס איז געוואָרן אַ פאַרבינדנדיגער האַנדלס־צענטער צווישן אַזיע און אייראָפּע. דער קיעווער פירשט סוויאַטאָסלאַוו, וואָס האָט אין די יאָרן 965 און 969 געפירט גרויסע מלחמות קעגן די כּוזרים און געבראָכן זייער מאַכט. און וולאַדימיר „דעם הייליגנס" זון פירשט מסטיסלאַוו „טמוטאַראַקאַנער", וואָס האָט אין יאָר 1016 ענדגילטיג חרוב געמאַכט דעם כּוזרישן כַּהֲנָאת, האָבן פון כּוזריה געבראַכט קיין קיעוו געפאַנגענע יידן און באַזעצט זיי דאָרטן. אין דער זעלביגער צייט פלעגן אויך יידישע סוחרים פון פראַנקאָניע ציען זיך קיין מזרח און אָפּט אָפּשטעלן זיך אין קיעוו. אַזוי אַרום איז אין קיעוו געבילדעט געוואָרן אַ יידישער קיבוץ מיט אַן אָרגאַניזירטער קהילה, וואָס ווערט שוין דערמאָנט אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע דענקמעלער אין סוף X יר"ה. פונם יידישן ישוב אין קיעווער רוס פלעגן איינצלנע יידישע פאַמיליעס און אפילו גאַנצע גרופּעס אויסוואַנדערן צו מערב, קיין פּאָדאָליע און ווייטער. בשעת די אַזוי־גערופענע רויטע רוס איז אין XIV יר"ה אַריבער צו פוילן, האָט שוין אין לוואָוו עקסיסטירט אַ גאַנץ היפּשע יידישע קהילה. בכן זיינען די כּוזרישע אָדער ר֗וסישע יידן געקומען אין דרום־מזרחדיגער פוילן, וואו זיי האָבן זיך באַשעפטיגט, חוץ מסחר, אויך מיט ערד־אַרבעט. אָבער בכלל איז די דאָזיגע קאָלאָניזאַציע געווען זעער אַ שוואַכע אין פאַרגלייך מיט דער יידישער קאָלאָניזאַציע פון מערב.

צוויי סיבות זיינען געווען, וואָס האָבן געשטויסן די דייטשע און טשעכישע יידן קיין פוילן: דער חשק לייכטער צו פאַרדינען און די אומאויפהערליכע רדיפות אין מערב. די אַנטוויקלונג פון די שטעט אין אייראָפּע איז געגאַנגען פון מערב קיין מזרח און אין דער זעלביגער ריכטונג איז געגאַנגען די יידישע כוואַליע. פריער האָט זיך אַנטוויקלט דער בירגערטום אין פראַנקרייך און האָט אַרויסגעשטויסן די יידן קיין דייטשלאַנד. אין די דייטשע מדינות האָבן זיך שנעל אַנטוויקלט דורכאויס יידישע שטעט, אָבער מיט דער צייט איז אויך דאָ דער האַנדל „נאַציאָנאַליזירט" געוואָרן און דער ייד האָט געמוזט אָפּטרעטן. דאַן איז ער אַוועק קיין בעהמען, קיין שלעזיע און קיין פוילן. אָבער אין די דאָזיגע לענדער גייט ניט דער ייד ווי אַ בן־יחיד. אין דייטשלאַנד איז אויך פאַרן קריסט באַלד געוואָרן צו ענג, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַזוי־גערופענע דייטשע קאָלאָניזאַציע, לכתחילה אַ דאָרפישע, אָבער מיט דער צייט אויך אַ שטאָטישע. עס זיינען אָבער געווען צייטן, ווען דער עמיגראַציאָנס־שטראָם

פון די יידן פון מערב קיין מזרח איז געוואָרן געוואַלדיג, פשוט סטיכיאיש יעדער מאָרש פון די צלם־פאָרער פלעגט אַריינוואַרפן קיין פוילן אומגעהייערע מאַסן יידן. די ערשטע כוואַליע יידן איז אָנגעקומען אין יאָר 1096, די צווייטע— אין י. 1147, און די גרעסטע—אין י. 1348—9, אין דער צייט פון דער „שוואַרצער מגפה". חוץ יענע שוין צו שטאַרקע כוואַליעס פון אימיגראַציע, פלעגן קומען קיין פוילן יידן, אַרויסגעשטויסענע פון געוויסע דייטשע און טשעכישע שטעט, אין דער צווייטער העלפט פון XIV און אין משך פונם גאַנצן XV יר"ה. אין סוף מיטלאַלטער זיינען אין מערב־אייראָפּע געבליבן ווייניג יידן; דערפאַר האָבן אין פוילן, מדינת רוס און ליטע שוין עקסיסטירט צאָלרייכע און מעכטיגע קהילות, אין וועלכע ס'האָט זיך גיך פו־נאַנדערגעבליט די ווירטשאַפט און אַנטוויקלט זיך די אויטאָנאָמיע.

### די שפּראַך און די קולטור פון די קאָלאָניסטן.

מחמת מאַנגל אין מקורים איז שווער צו זאָגן אויף זיכער, אויף וואָסער שפּראַך ס'האָבן גערעדט די יידישע אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען פון כוזריה און קיעווער רוס. מיגליך, אַז זיי האָבן גערעדט אויף אוגראָ־פיניש, ווי די כוזרים און ווי עס ריידן נאָך עד היום די פוילישע קְרָאִים, און מיגליך — אויף איינעם פון די סלאַווישע דיאַלעקטן? די מקורים פאַר דער יידישער געשיכטע אין פוילן הייבן אָן ערשט מיטן XIV יר"ה, און דאָס גיבן זיי מאַטעריאַל נאָר וועגן דער קאָלאָניזירונג פון די דייטשע יידן אין פוילן. דידאָזיגע קאָלאָניזאַציע איז געווען אומפאַרגלייכליך שטאַרקער לויט דער צאָל און קולטורעל העכער איידער די מזרחדיגע און האָט אַרויפגעלייגט איר שטעמפּל אויפן פוילישן יידנטום דערמיט, וואָס זי האָט אים געגעבן אַ שפּראַך און אַן אָרגאַניזאַציע פון קהילה. די שפּראַך פון די יידן, וואָס זיינען געקומען פון דייטשלאַנד, איז געווען די דייטשע שפּראַך פון יענער צייט. דידאָזיגע שפּראַך האָבן די יידן געברויכט אין שטוב און אין שול, אין האַנדל און אין בית־המדרש (אויסער די תפלות); ווייבער האָבן מתפלל געווען אין דער שפּראַך, און ניט איינמאָל האָבן דאָס געטאָן אויך מאַנסבילן, וואָס האָבן ניט געקענט קיין העברעאיש. אויף דער שפּראַך האָבן זיך די יידן פאַר־שטענדיגט ניט בלויז אויף דער אייגענער גאַס, צווישן זיך: פון XIII יר"ה אָן זיינענדיגקמעט אַלע שטעט אין פוילן גִעווען דייטשע,— האָט דער ייד זיך געקענט אויספריידן מיט די אַיינוואוינער פון יענע שטעט אויף דייטש. לערנען זיך פויליש האָט דער ייד ניט געהאַט קיין באַדערפעניש: דאָס ביסל פוילישע

ווערטער פונם געביט פון האנדל, וואָס ער האָט געוואוסט, האָט אים געקלעקט אויף אויפצורייידן זיך מיטן פריץ אָדער מיטן פויער, און אין געענטפּערע באַצי־אונגען מיט די מענטשן פון יענע געזעלשאַפטליכע קלאַסן איז ער ניט אַריינ־געגאַנגען. די יידן אין פוילן האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע געלערנטע, פלעגן זיי איינלאַדן לומדים פון אַנדערע לענדער, באַזונדערס פון דייטשלאַנד. און אויפנעמען זיי פאַר רבנים, דיינים, חזנים, שוחטים, מלמדים און שפּעטער ראשי־ישיבות. אַדאַנק זייער האַנדל מיט די מערבדיגע לענדער, האָט זיך איינגעשטעלט אויך אַ געוויסע גייסטיגע פאַרבינדונג צווישן זיי און די נאָך גאַנץ געבליבענע ביסל יידישע קהילות אין אייראָפּע: שפּעטער פלעגן יידישע יונגע לייט פון פוילן פאָרן קיין דייטשלאַנד פאַרפולקומען זיך אין די דאָרטן צוריק אויפגעלעבטע ישיבות.

**די פּריווילעגיעס.** אין משך פון פיר יאָרהונדערטן האָט פוילן געדינט פאַר אַ קאָלאָניע, וואוהין די דייטשע יידן האָבן זיך געראַטעוועט פון עקאָנאָמישן שווערן געראַנגל און פון פּאָגראָמען. אין XIII יר"ה האָבן די פּוילישע נחלאות־פירשטן געזאָרגט וועגן איינפלאַנצן אינדוסטריע אין זייערע מדינות און מיט פאַרגניגן געגעבן ביי זיך אַ מקום מקלט די עמיגראַנטן פון דייטשלאַנד, ניט מאַכנדיג קיין אונטערשייד צווישן קריסטן און יידן. די איינגעבאָרענע סלאַווישע באַפעלקערונג האָט ניט גע־ליטן קיין שום אומבאַקוועמליכקייט פון דער דאָזיגער אימיגראַציע, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אין לאַנד עלעמענטן פון אַ העכערער קולטור. פוילן איז נאָך דאַן געווען אַ לאַנדווירטשאַפטליכע מדינה אין ערשטן פּאַזיס און האָט געהאַט בלויז צוויי איינגעשטעלטע קלאַסן,— לאַנדאייגנטימער און ערדאַרבעטער,— האָבן די יידן דאָרטן געבילדעט דעם „דריטן שטאַנד", זיינען געווען די פּיאָנערן פון האַנדל און בעלט־ווירטשאַפט. זיי האָבן געשאַפן אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אַרענדירט זאַלץ־גרובן, דעם גרעניץ־אָפּצאָל, באַשעפטיגט זיך מיט הלוואה־עסק. די אָרטיגע באַפעלקערונג איז נאָך ניט געווען גענוג באַאַרבעט דורך דער מיטלאַלטער־ליכער „קולטור" מיט איר אומטאָלעראַנץ און האָט זיך פרידליך איינגעלעבט מיט די יידן. אָבער די דאָזיגע „קולטור" און דער גייסט פון דער שכנותדיגער דייטש־לאַנד האָבן וואָס ווייטער באַקומען אַלץ מער השפּעה אויף דער נאַטירליך־טאָלעראַנ־טער פוילן. די פּויפּסטן האָבן געשיקט קיין פוילן זייערע לעגאַטן מיט אַ שליחות איינצופירן דאָרטן אין לעבן די באַוואוסטע קאַנאָנישע סטאַטוטן פון די קאָנצילן בנוגע די יידן. אין דערזעלביגער צייט האָבן די פּוילישע

פירשטן אין דער צווייטער העלפט פון XIII יר״ה צוגעצויגן דייטשע קאָלאָ־ניסטן, געגעבן זיי גרויסע פריווילעגיעס, אימוניטעט (באַפרייאונג פון שטייערן און אַנדערע מלוכה־פליכטן) און זעלבסטפאַרוואַלטונג (מאַגדעבורגער רעכט). די דייטשן, וואָס האָבן באַפעלקערט די שטעט אַלס בעלי־מלאכות און סוחרים און זיינען אויף אַזאַ אופן געווען קאָנקורענטן פון די יידן, האָבן מיטגעבראַכט אַהין פון זייער פאָטערלאַנד דעם גייסט פון שטאַנדן־עקאָנאָמישער קנאה־שנאה און רעליגיעזן פאַנאַטיזם. קעגן די רעזולטאַטן פון דער דאָזיגער אריינגע־פירטער דייטשער „קולטור“ איז אויסגעקומען צו ראַנגלען זיך די בעסערע פוילישע פירשטן, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר נייטיג מעורר צו זיין די עקאָ־נאָמישע טעטיקייט פון די יידן לטובת דעם לאַנד און צו פאַרהיטן זיי פון באַליידיגונגען מצד די קריסטן. לויטן ביישפיל פון מערב, האָט מען אויך אין פוילן גענומען קוקן אויף די יידן, ווי אויף אַן אייגנטום פונם פירשט, ווי אויף זיינע „קאַמער־קנעכט“, און די הכנסות פון זיי זיינען געגאַנגען אין דער פירשטליכער קאַסע; צוליב דעם האָבן זיי ניט באַקומען קיין אימוניטעט. אָבער פאַר די גרויסע מאַטעריעלע נוצן, וואָס זיי האָבן געבראַכט דער מלוכה, האָט מען זיי צוגעצוינגן אַפילו פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון די דערפער און גע־געבן פאַרשיידענע אַנדערע פריווילעגיעס.

באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערן דער נאָמען פונם פירשט באָלע־סלאַוו דעם צדיק אָדער קאַלישער, וואָס האָט אין 1264 געשאָנקען די יידן פון גרויס־פוילן אַ „פריווילעגיע“. מיט דער דאָזיגער פריווילעגיע, וואָס איז געוואָרן דער יסוד, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געבויט די גאַנצע ווייטערדיגע גע־זעצגעבונג וועגן די יידן אין פוילן, ווערט פראָקלאַמירט די „גרויסע כאַרטיע“ פון רעכט און פרייהייטן פונם פוילישן יידנטום. זי האָט געשטעלט אונטערן שוץ פון געזעץ אַ גרופּע אונטערטאַנען (אַ פּערצענט־חלק פון דער גאַנצער באַ־פעלקערונג, אין אַנדערע ערטער אַפילו אַן אַכט־חלק), וואָס זיינען ניט אריינ־געגאַנגען אינם צונויפשטעל פון קיין שום שטאַנד און ניט אַרונטער אונטער דער אַלגעמיינער יוריסדיקציע; רעגולירט זייער שטייגער לעבן און באַשטימט זייערע קעגנזייטיגע באַציאונגען און די באַציאונג צו זיי פון די אַנדערע תושבים פון לאַנד.

דאָס זיינען די וויכטיגערע פונקטן פון דער דאָזיגער ערשטער מגילה פריווי־לעגיעס: א) אַן עדות אַ קריסט טאָר ניט באַשולדיגן אַ יידן, סיידן צו איב וועט זיך מצרף זיין אַן עדות אַ ייד; ב) אויב אַ קריסט מאָנט צום געריכט אַ יידן וועגן אַ חפץ, וואָס ער האָט אים געגעבן בתור משכון, און דער ייד טענהט, אַז

ער האָט קיין שום משכון ניט באקומען, — דאן שווערט דער ייד און איז פטור; ג) אויב דער קריסט טענהט, אז ער האָט געליען אויפן משכון ווייניגער פון זיין ווערט, דאן שווערט דער ייד און געמט לויט דער סומע, אויף וועלכער ער שווערט; ד) די יידן ווערן ניט געמשפט אין די שטאָטישע געריכטן, די דאָזיגע געריכטן האָבן איבער זיי קיין מאַכט ניט, נאָר יעדער סכסוך בנוגע יידן דאַרף געבראַכט ווערן צום קיניג (פירשט) און ער אָדער דער וואָיעוואָדע דאַרף זיי משפטן; ה) אויב אַ קריסט האָט פאַרוואונדעט אָדער צע־ביילט אַ יידן, דאַרף ער באַצאָלן שטראָף דעם הערשער אָדער דעם וואָיעוואָ־דע און דעם געליטענעם געבן די הוצאות אויף קוראַציע; ו) דער וואָס הרגעט אַ יידן, דאַרף אָנגעקלאָגט ווערן אין געריכט, און די שופטים, וואָס זיינען באַ־שטימט פון קיניג, דאַרפן אים באַשטראָפן לויט זיין שולד און זיין גאַנץ פאַר־מעגן ווערט קאָנפיסקירט פאַרן אוצר המלך; ז) אומעטום, וואוהין אַ ייד פאָרט אָדער וואו ער באַזעצט זיך, טאָר מען אים ניט שטערן און ניט פאָדערן פון אים קיין ספעציעלע שטייערס און בכלל דאַרף דער ייד ניט געבן קיין גרע־סערע אָפּצאָל ווי דער קריסט; ח) אַ קריסט, וואָס לייגט אַרויף אַ האַנט אויף אַ יידישן בית־הקברות, כדי אים חרוב צו מאַכן, אָדער ווייזט אַרויס לייכטזיניקייט צו אים, ווערט שווער באַשטראָפט און זיין גאַנץ פאַרמעגן קאָנפיסקירט; ט) ווער עס וואַרפט אַריין אַ שטיין אין אַ יידישער שול, דאַרף באַצאָלן דעם וואָיעוואָדע צוויי פונט פעפער; י) אַ ייד איז ניט מחויב צו שווערן ביי אַ ספר־תורה, סיידן אויף אַ סכום פון מער ווי פופציג גריוונעס, אָדער ווען מיר (דער קיניג) וועלן עס פאָדערן; יא) אויב אַ ייד איז דערהרגעט געוואָרן און ס'איז ניטאָ קיין קלאָרע עדות וועגן דעם רוצח, שטיצן מיר די יידן אויפצו־קלערן דעם ענין און טאָן אַלץ, וואָס פאָדערט זיך קעגן די פאַרדעכטיגע אין דער רציחה; יב) אין יעדער פאַרברעכן, ווען אַ קריסט פאַלט אָן אויף אַ יידן, הערט ער געמשפט לויט די געזעצן פון דער מלוכה; יג) יידן צווישן זיך קענען זיך משפטן לויט זייערע אייגענע געזעצן און מנהגים; יד) גנבענען יידישע קינדער איז אַ פאַרברעכן, ווי יעדע גניבה, און די שטראָף איז ווי די שטראָף פאַר יעדער גניבה; טו) אַ יידן דאַרף מען ניט לאָדן צום געריכט אין זייערע ימים טובים און מ'טאָר ניט צווינגען די יידן אומצוקערן די פאַרמשכונטע חפצים אין די דאָזיגע הייליגע טעג זייערע; טז) אין אַלע סכסוכים מיט יידן דאַרף מען זיי משפטן נאָר אין זייערע שולן, און בלויז מיר און אונזער וואָיעוואָדע האָבן רעכט צו שטעלן זיי פאַר אונזער געריכט; יז) לויט די שריפטן פון די פויפסטן און אין נאָמען פונם הייליגן פאָטער באַפעלן מיר: מהיום והלאה טאָר מען

ניט באַשולדיגן קיין שום יידן פון אונזער מלוכה, אַז זיי געברויכן מענטשליכן בלוט, דען זייער דת באַפעלט זיי שטרענג אָפּצוהיטן זיך פון יעטווידן געברויך פון בלוט, און אויב מ׳וועט באַשולדיגן אַ יידן, אַז ער האָט געהרגעט אַ קריסטליך קינד, טאָר ער ניט פאַרמשפּט ווערן אַנדערש ווי ווען ס׳וועלן וועגן דער רציחה עדות זאָגן עדי־ראיה — דריי קריסטן און דריי יידן, און אפילו ווען עס וועט דערוויזן ווערן דער פאַרברעך פונם יידן, דאַן זאָל ער באַשטראָפט ווערן מיט דער איינגעשטעלטער שטראָף פאַר מערדער, און אויב די עדות וועלן אָפּגעלייקנט ווערן און די אומשולד פון דעם יידן וועט אויפגעדעקט ווערן פאַר די שופטים, זאָל מען טאָן מיטן בלבול־מאַכער, ווי ער האָט געוועלט טאָן מיטן יידן; יח) אויב עס טרעפט מיט אַ יידן אַן אומגליק ביינאַכט און ער רופט צו הילף, זיינען די קריסטן פון דער סביבה מחויב אים צו קומען צו הילף, און ווער עס וועט טאָן כנגד, וועט באַשטראָפט ווערן מיט דרייסיג זילבערנע פרוטות; יט) אַ ייד מעג קויפן און פאַרקויפן כל המינים סחורות און אָנרירן קריסטליך ברויט, און ווער עס וועט זיי שטערן דערין, וועט צאָלן שטראָף דעם וואָיעוואָדע.

אין עסטרייך, אונגאַרן, בעהמען און שלעזיע זיינען נאָך פריער ארויסגעגעבן געוואָרן ענליכע פּריווילעגיעס, אָבער באָלעסלאַוו האָט צוגעגעבן געוויסע וויכטיגע פונקטן, וואָס זיינען אין יענע ניט געווען. ער האָט געזען ווייט און האָט פאַרשטאַנען די אינטערעסן פון לאַנד, וואָס איז פאַרוויסט געוואָרן נאָך דער אינוואַזיע פון די טאָטערן און האָט זיך גענייטיגט אין אונטערנעמערישע עלעמענטן אויף אויפצוהייבן די פּראָדוקטיווע כוחות. גאַראַנטירנדיג אויף אַזאַ אופן די רעכט פון די יידן, זיכערנדיג זייער לעבן און פאַרמעגן, האָט באָלעסלאַוו אין די פראַגן פון רעאַלער פּאָליטיק געקענט שטעלן זיך העכער פון די רעליגיעזע פאַראורטיילן.

אָבער אין דער צייט, ווען די וועלטליכע מאַכט האָט געזען איינצואָרדענען דאָס לעבן פון די יידן אויף מער־ווייניגער פאַרנונפטיגע יסודות, רעכענענדיג זיך מיט די עקאָנאָמישע באַדערפענישן פון לאַנד, האָט די קירכליכע מאַכט, וואָס איז דאַן ניט געווען באַגייסטערט פון ליבע צום פאָטערלאַנד, נאָר פון די קאָסמאָפּאָליטישע אידעאַלן פון דער רוימישער קירך, אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כדי אָפּצורייסן די יידן פונם אַלגעמיינעם סדר פון לעבן, אויסשליסן זיי פון דער קריסטליכער געזעלשאַפט, ווי מענטשן כלומרשט געפערליכע פאַר דער קאַטוילישער אמונה, און אוועקשטעלן זיי אין דער לאַגע פון מוחרמים. די דאָזיגע פּריווילעגיעס פאַר די פּוילישע יידן האָבן אויפגערעגט די גייסט־

ליכע און אויפן צונויפגערופענעם קאָנציל אין ברעסלאַוו (1266) האָט מען אָנ־געהויבן בויען אַ מחיצה צווישן די יידן און די איבעריגע תושבים און מ'האָט באַשלאָסן איינצופירן קעגן די יידן אין פוילן די גוט באַקאַנטע גזירות פון דייטשלאַנד. אָבער די גזירות זיינען ס'רוב געבליבן אויף פּאַפּיר, ווייל די פוילישע מלכים האָבן דערין געשטערט.

## די יידן פאַר קאַזימיר דעם גרויסן.

די גרעסטע באַדייטונג אין דער געשיכטע פון די יידן אין דער תקופה פון דער פּיאַסטישער דינאַסטיע האָט געהאַט די רעגירונג פון קאַזימיר דעם גרויסן (1333—1370). מיטן נאָמען פון דעם דאָזיגן קיניג איז פאַרבונדן אַ ריי לעגענדעס, וואָס אילוסטרירן זיין אויסשליסליכע וואוילגעניגטקייט צו די יידן. דאָס פאָלק וויל דערקלערן די סימפּאַטיע פונם קיניג צו די יידן מיט זיין צוגעבונדנקייט צו אַ יידישער טאָכטער אסתרקע. אָבער אין דער אמתן האָט ער אין זיין פּאָליטיק, ווי בנוגע צו דער גאַנצער באַפעלקערונג, אַזוי אויך צו די יידן, זיך גערעכנט קודם כל מיט די אינטערעסן פון דער מלוכה. ער האָט פאַרבעסערט דעם מצב פון די פּויערים אין לאַנד, אַזוי, אַז ער האָט באַקומען דעם נאָמען „קיניג פון די פּויערים און אָרימעלייט", און האָט פאַרבעסערט די לאַגע פון זיינע יידישע אונטערטאַנען. אין דער מגילה (גראַמאָטע) פון 1334 האָט קאַזימיר באַשטעטיגט דעם סטאַטוט פון באָלעסלאַוו קאַלישער; אין 1356 האָט ער געגעבן דער שטאָט לבוב דאָס 'מאַגדעבורגער רעכט און האָט דאַן אויך די יידן געגעבן פולע רעכט פון אינעווייניגסטער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די קהילות, צוגלייך מיט די רוטענער, אַרמעניער און טאָטערן; אין 1364 האָט ער דעם יידן פאָלק פון קאַליש אַרויסגעגעבן אַ מגילה לטובת די יידן פון גאַנץ פּוילן; אין 1367 און אין אַ געוויסער צייט שפּעטער האָט ער געשאָנקען ספּעציעלע פּריווילעגיעס די יידן פון קליין־פּוילן און גרויס־פּוילן. די דאָזיגע אַלע פּריווילעגיעס האָבן געמאַכט די יידן פון פּוילן פאַר פולשטענדיגע בירגער. קאַזימיר האָט אויך געזאָרגט פאַרן אינעווייניגסטן לעבן און שלום פון די יידישע קהילות און באַפוילן די ריכטער פון די שטעט (דייטשן) צו רע־כענען זיך אין זייערע פּסק־דיגים צווישן יידן און קריסטן — מיט די מיינונ־גען פונם רב פון דער קהילה און אירע פּרנסים. אין זיין צייט האָט זיך אויפגעהויבן דער מאַטעריעלער וואוילשטאַנד פון די יידן אין פּוילן און גע־נומען בליען אויך זייער גייסטיגע קולטור. יידן האָבן פריי געבויט בתי־כנסיות און בתי־מדרשים. די „אַלטע", אפשר די ערשטע, קראָקער שול עקסי־סטירט נאָך עד־היום.

קאַזימיר דער גרויסער איז געווען אַ מלך אַ הומאַניסט, וואָס צווישן מלכים ווייניג זיין גלייכן אין דער וועלט־געשיכטע, און זיין צייט קען זיך רעכענען פאַר דער גליקליכסטער אין דער יידישער געשיכטע אין פוילן.

### פוילן און ליטע אין דער תּקופה נאָך קאַזימיר דעם גרויסן.

נאָכן טויט פון קאַזימיר דעם גרויסן איז ארויף אויפן פוילישן טראָן לודוויק, דער קיניג פון אונגאַרן (1370—1382). אין זיין צייט איז פאַרערגערט געוואָרן דער מצב פון די יידן אין פוילן, ווייל ער איז געווען אַ פאַנאַטיקער, ווי אַלע מלכים פון מערב. די פוילישע היסטאָריקער שרייבן, אַז אין זיין צייט איז די גערעכטיקייט פאַרשוואונדן, דער געזעץ האָט געשוויגן, און אומעטום האָט מען זיך געקלאָגט אויף די סטאַראָסטעס און ריכטער. דאָן איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב אָפּצונעמען ביי די יידן דעם שוץ פון די געזעצן. זיין ממשלה האָט לאַנג ניט געדויערט און נאָך זיין טויט האָט נעיִרשנט דעם טראָן זיין טאָכטער יאַדוויגע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן ליטווישן פירשט ווּלאַדיסלאַוו יאַגעלאָ, וועלכער האָט אָנגענומען דעם קאַטוילִיציזם, און פוילן און ליטע זיינען געוואָרן איין מלוכה (1387). אָבער כמעט די גאַנצע צייט פון יאַגעלאָס רעגירן איז אַוועק אין אַ געראַנגל פאַרן ליטווישן טראָן, וואָס ס׳האָט גורם געווען צעטרייסלונגען אויך אין יידישן לעבן פון דער פאַראייניגטער מלוכה.

וועגן דער צייט פון דער ערשטער איינוואַנדערונג פון די יידן אין ליטע זיינען דאָ פּונקט אזוי ווייניג ידיעות, ווי וועגן זייער ערשטן ישוב אין פוילן. דער שטראָם פון עמיגראַציע, וואָס איז כסדר געגאַנגען פון מערב־אייראָפּע קיין פוילן, האָט זיך פאַרשפּרייט אויך אויף ליטע, אָבער אַ גרויסער טייל איינוואַנדערער איז אַהער געקומען פון מזרח (פון קרים, כוזריה, ביזאַנטיע, קיעוו א. אַ.). די טאָלעראַנץ פונם גרויס־פירשט געדימין און זיינע יורשים האָט גאַראַנטירט די מיגליכקייט פון אַ פרעמדשטאַמיגער איינוואַנדערונג. אין דער צייט פונם גרויס־פירשט וויטאָווט, וואָס איז געווען פאַר די יידן פון ליטע דאָס, וואָס קאַזימיר דער גרויסער פאַרן פוילישן יידנטום, האָבן יידן שוין געהאַט אָרגאַניזירטע קהילות אין בריסק דליטע, טראָק, לוצק און אַנדערע שטעט. וויטאָווט האָט אויך געגעבן די יידן אין ליטע פּריווילעגיעס, וואָס האָבן געמאַכט די יידן פאַר גלייכבאַרעכטיגטע בירגער אין לאַנד.

## די יידן אין פוילן און ליטע אין XV יר״ה.

אין דער תקופה פון דער יאַגעלאָנישער דינאַסטיע, וואָס האָט אַרומגענומען אַ משך פון צוויי הונדערט יאָר, האָבן די באַציאונגען פון די געזעלשאַפטליכע כוחות אין פוילן זיך באַדייטנדיג געענדערט, אַ דאַנק דעם, וואָס אויף דער געזעלשאַפטליך-פּאָליטישער אַרענע איז אַרויסגעטראָטן די שליאַכטע (אדל). איינגעמענדיג אַלץ נייע און נייע פּאָזיציעס, האָט זי ביסלעכ-ווייז פאַרנומען אין אירע הענט די מאַכט און די קיניגן האָבן געהערשט כמעט בלויז נאָמינעל. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אויף דער פּאָליטיק בנוגע די יידן. דער קיניג וולאַדיסלאַוו יאַגעלאָ (1386—1434) איז, ווי יעדער נעאָפיט, געווען זעער פאַנאַטיש אין זיין נייעם גלויבן און האָט זיך אונטערגעגעבן דער השפעה פון די גייסטליכע. אין רעזולטאַט פון דעם אַלעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיטה פון רדיפות אויף די יידן. מ׳האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף די רעכט און פרייהייטן, וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט געגעבן די יידן. דער בירגער-טום ווידער פון די שטעט (דייטשן) האָט אָנגעהויבן אַ געראַנגל קעגן די יידן אויפן באָדן פון עקאָנאָמישע אינטערעסן. ווי אַ מיטל פון קאַמף האָט דער בירגערטום אויסגענוצט אויך די עלילת-דם, וואָס איז געוואָרן אַ שטענדיגע ערשיינונג. אין די גרעסטע צוויי צענטערס — אין פויזנאַ און קראָקע — זיינען דורכגעפירט געוואָרן בלוט-בלבולים, וואָס האָבן זיך פאַרענדיגט מיט פּאָגראָמען אויף די יידן (אין דער ערשטער — אין 1399, און אין דער צווייטער — אין 1407). די פויזנער און קראָקער נעשעענישן זיינען געווען אַ פּראָלאָג צו דער לאַנג-געדויערנדיגער עפּאָכע פונם געראַנגל צווישן די צוויי עלעמענטן פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג פון פוילן—די מיטעלשטאַנדס-דייטשן און די יידן.

די לאַגע פון די יידן איז אַ ביסל בעסער געוואָרן בלויז אין די צייטן פון קאַזימיר IV יאַגעלאָנער (1447—1492). ער האָט פעסט זעלבסטהערשעריש אַריינגענומען אין די הענט די רעגירונגס-מאַכט, וואָס איז געוועסט געוואַקלט געוואָרן אונטערן דראַנג פון דער אַריסטאָקראַטיע און די גייסטליכע, און האָט אָנגעהויבן רעגירן אין גייסט פון „רענעסאַנס״, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר-שפּרייטן אין פוילן. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט הומאַניסטן און האָט געחלומט דורכצופירן זייערע אידעען. דאַן האָט ער, לויט דער בקשה פון די יידן, באַשטעטיגט די פּריווילעגיעס, וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט זיי גע-געבן. ער האָט געשטיצט די אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אונטערנעמעריש-קייט פון די יידן און האָט ניט דערלאָזן קיין פּאָגראָמען. ער האָט אין זיין באַפעל געשריבן, אַז ער וויל, אַז די יידן, וואָס זיינען ניצליך זיין מלוכה,

זאָלן אין איר געפינען אַ טרייסט און אַן אָפּרו. קאַזימירס באַפעל האָט אָבער אויפגעבראַכט די גייסטליכע און נאָך אַ לאַנג־געדויערנדיגן צוזאַמענשטויס איז ער געצוואונגען געווען אונטערצוגעבן זיך און מבטל צו מאַכן אַ סך פון די יידישע רעכט אין פוילן.

די יורשים פון קאַזימיר יאַגעלאָן, יאַן־אַלברעכט און אַלעקסאַנדער, זיינען געצוואונגען געווען צו גיין אויף נייע הנחות דער שליאַכטע. אין 1496 ווערן באַשטעטיגט אַ ריי באַגרעניצונגען קעגן די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. ביים קיניג אַלעקסאַנדער, וואָס איז געווען וואוילגעניייגט צו איינצלנע יידן, איז די געזעצגעבונג געווען פייגדליך צום יידנטום אלס גאַנצן. דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די יידן ווערט אומזיכער מצד דעם שטאָטישן המון, און עס ווערט אין קראָקע איינגעשטעלט פאַר זיי אַ געטאָ אין דער פאָרשטאָט קאַזימיעזש, כדי זיי זאָלן זיך קענען פאַרטיידיגן קעגן אָנפאַלן.

אויף אַזאַ אופן איז דער XV יר״ה, וואָס קען זיך בכלל רעכענען פאַר אַ גלענצנדיגער תקופה אין דער עקאָנאָמישער געשיכטע פון די יידן אין פוילן און ליטע, צום סוף פאַרטונקלט געוואָרן. דאָך האָבן די יידן ניט פאַרלאָרן די האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

# אינהאַלט:



## ערשטער אָפּטייל

### די יידן אין מזרח.



## צווייטער אָפּטייל

### די יידן אין מערב.

# תיקון־טעות

| זייט | | שורה | | | איז | דארף זיין |
|---|---|---|---|---|---|---|
| VI | — | 5 | פון אונטן | — | אידוסטריע | אינדוסטריע |
| 12 | — | 1 | " " | — | בייצטנס | בייצייטנס |
| " | — | " | " " | — | האָט | האָב |
| 30 | — | 12 | " " | — | איצטאָ | איצט |
| 32 | — | 6 | " " | — | און | אין |
| 36 | — | 15 | פון אויבן | — | נִגְזָרְתִּי | נִגְזַרְתִּי |
| 43 | — | 14 | " " | — | און (איבעריג) | |
| 60 | — | 15 | פון אונטן | — | די שררות | ביי די שררות |
| 62 | — | 6 | פון אויבן | — | פאָרמע | פאָרם |
| 65 | — | 3 | " " | — | 1100 יר״ה | 1500 י. |
| 103 | — | 6 | " " | — | ביים גרעסטן | ביים גרויסן |
| 184 | — | 12 | " " | | וואָס האָט זיך גערופן | וואָס האָט זיך שפּעטער גערופן |



